ש. לאַסטיק

# מיטן פּנים צום מארגן

פּארלאג »יידיש בוך«





SALOMON ŁASTIK

# OBLICZEM KU PRZYSZŁOŚCI

(Krytyka literacka)

Redaktor: D. SFARD

Okładkę proj.: I. REJZMAN

*PRINTED IN POLAND*

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa 1952

Nakł. 3.500 egz. Ark. wyd. 15. Ark. druk. 16. Pap. dzieł. V kl. 70 g 61×86 cm. Nr zam. 459. Druk ukończono w styczniu 1952 r.

Druk. „Nowe Życie", W-wa, Gen. Świerczewskiego 79. 3-B-50060

די בוויונג פון סאָציאַליזם, וואָס באַזירט זיך אויף דער מאַרקס־לענינישער טעאָריע, איז איין גרויסער קאַמפּס־מאַרש דורך שוועריקייטן, דורך קענגזאַצן, דורך געראַנגל מיט די אַלע קרעפטן פון נעכטן, וואָס שטייען אויפן וועג פון רעאַליזירן די צילן אויף היינט און די אידעאַלן אויף מאָרגן, וועלכע געפינען זיך שוין אין דעם היינט, ווי זיין אַן אינ־טעגראַלער טייל. אָבער אויסער קאַמף, וואָס טראָגט נאָך אין אונדזער פּוילישער ווירקלעכקייט דעם אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער פון קלאַסן־קאַמף, פון געראַנגל מיט די נעכטיקע אויסנוצער, קולאַקן, וועלכע ווילן נישט פאַרלאָזן זייערע פּאָזיציעס און טוען אַלץ בכדי אונדזער מאַרש צום סאָציאַליזם פאַרהאַמעווען, קומט אונדז נאָך אויס צו קעמפן מיט די איבערבלייבענישן פון נעכטן אין אונדז גופא, אין אונדזער פּסיכיק. דאָס פאָדערט א גרינטלעכע רעוויזיע פון די אייגענע זיטן און געוויינהייטן, פון די איינבילדונגען און געשמאַקן, וואָס זיינען — אפשר אומבאַוווסט פאַר אונדז אליין — איינגעזאַפּט געוואָרן אין משך פון יאָרן אונטער דער באַווירקונג פון א בורזשואזער, נאַציאָנאַליסטישער, פאָלקס־קולטור.

די ליטעראַטור איז נישט בלויז א שפּיגל פון לעבן, נאָר אויך א לעבנס וועג־ווייזער. דער קינסטלער, וואָס באַווייזט אַרויסברענגען גע־וויסע שטריכן פון לעבן, אָפּשפּיגלען באַשטימטע, טיפּישע פּראָצעסן אין אונדזער ווירקלעכקייט האָט אָן שום ספק גרויסע פאַרדינסטן, נאָר פיל גרעסער איז זיין ווערט און באַדייטונג, ווען ער איז נישט בלויז קיין קאָנטעמפּלאַטיווער אָבסערוואַטאָר און שילדערער, נאָר ווען ער איז אויך קעמפער; ווען אונטער די שורות איז אַרויסצוזען דאָס קלאָפּנדיקע האַרץ, די פערזענלעכע פאַראינטערעסירטקייט, די פּאַרטייאישקייט זיינע.

ביים רעאַליזירן אָט דעם פּאָסטולאַט טרעפט זיך דער קינסטלער אָן מיט גרויסע שוועריקייטן; עס איז, פאַרשטייט זיך, אינגאַנצן נישט גע־וואונטשן, אַז דער שרייבער זאָל זיך אַריינמישן אין לעבן פון זיינע העלדן, ער זאָל רעדן אָנשטאָט זיי. פאַרקערט, אין יעטוועדער עכט קינסטלעריש, עפּיש ווערק לעבן די העלדן זייער אייגן לעבן, רעדן מיט זייער שפּראַך,

ברענגען צום אויסדרוק זייער טעמפּעראַמענט און בליק אויף זאַכן, אָבער אין עצם אויסקלייב פון קאָנפליקט, אין אָפּקלייב פון טיפּישע סיטואַציעס און טיפּישע געשטאַלטן, וואָס כאַראַקטעריזירן דאָס פּאָזיטיווע און דאָס נעגאַטיווע; אין דעם גלויבן, אָפּטימיזם און קעמפערישקייט פון דער אַטמאָספער, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט אין ווערק קומט צום אויסדרוק די דירעקטע שטעלונג פון אויטאָר, זיין וועלט־אַנשויונג און וואָס ברייטערע, סובלימירטע בילדער פון דער ווירקלעכקייט ווערן באַלויכטן און אַדורכגעשטראַלט מיטן קאַמפּס־באַוווּסטזיין, מיט דער אידעישער ציל־געוווּנדקייט פון אויטאָר, אַלץ וועדטיקער, אַלץ דערקענטעניש־רייכער איז דאָס באַטרעפנדיקע ווערק.

אויך אין דער פּאָעזיע, אַפילו אין דער ריינער ליריק, ווו עס קומט צום אויסדרוק דאָס אינטימע, ענג־„פּערזענלעכע", פון דיכטער, מוז געפינען איר אָרגאַנישן אויסדרוק די אָפּטימיסטישע וועלט־שפּירונג, די קעמפערישע איינשטעלונג, דאָס געזעלשאַפטלעכע אָפּפּילן, וואָס איז אייגנטימלעך דעם באַטרעפנדיקן שעפער.

דער דיכטער לעבט אין אַ באַשטימטער צייט, אין באַשטימטע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, אין אַ באַשטימטער אַטמאָספער און וואָס מער רעאַליען, וואָס מער מאָטיוון, אַקצענטן, פאַקטן פון אונדזער שוווּנג־פולער קאַמפּס־ווירקלעכקייט וועלן אים אינספּירירן, וואָס מער דאָס אַלגעמיינע וועט צעשמאָלצן ווערן אין פּערזענלעכן און דאָס פּערזענלעכע וועט בולט אַרויסברענגען די דערהויבנקייט פון דעם אַלגעמיינעם, אַלץ באַדייטזאַמער, ווירקונגסשטאַרקער וועט זיין די דיכטונג.

דער שעפער איז במילא נישט בלויז מחויב צו דערלערנען גענוי דעם היינט, די אַלע דערשיינונגען, וואָס כאַראַקטעריזירן די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג אויף דעם געגעבענעם עטאַפּ, נאָר אויך מחויב צו וויסן די צילן, די פּערספּעקטיוון, וואָס דער קאַמף פון היינט איז אויסן, און זיי אין זיין דיכטונג אויפדעקן. אַלזאָ נישט קיין בלויז־לאָזע, פּערזענלעכע דיכטונג און נישט קיין קאַלטע אָבסערוואַציע פּאָדערט זיך פון אונדזער שרייבער, נאָר אַ פּאַרטייאישע איינשטעלונג, אַ פּערזענלעכע פאַראינטערעסירונג, „פּניותדיקייט" — אין בעסטן זין פאַרשטאַנען — ביים אַרויסברענגען אונדזער היינטצייטיקייט. און בלויז די אַזוי געשילדערטע היינטצייטיקייט קאָן זיין אַ טראַמפּלין אין מאָרגן אַריין, באַליכטן דעם וועג פון אַרבעטנדיקן אין סאָציאַליסטישן מאָרגן.

אונדזער שרייבער געפינט זיך אין גרונט־אויס אַנדערע באַדינגונגען ווי די גרויסע קלאַסיקער און רעאַליסטישע שרייבער פון די פריערדיקע עפּאָכעס. אויב אונדזער פּרץ האָט זיך געדאַרפט אַרויסרייסן פון

זיין סביבה, פון דער קלאסן־איינשטעלונג פון די קרייזן, פון וועלכע ער האט געשטאמט, כדי צו פארלויפן אויף די „פליגל פון דער פאנטא־זיע" די צייט, ווען דער פאלקס־מענטש וועט אויסגלייכן דעם רוקן און זיך נישט קאנען בויגן, און האט קוים געזען די קרעפטן, וואס ווען די רוקנס אויסגלייכן; אויב דער רוב פון אונדזערע גרויסע רעאליסטן זיינען שטארק, ווען זיי נעגירן די קאפיטאליסטישע ווירק־לעכקייט מיט אירע פעדאלע רעשטן אין לעבן און אין באוווסטזיין פון מענטשן, און זיינען כמעט הילפלאז ביים צייכענען פאזיטיווע געשטאלטן, איז איצט די לאגע א גרונט־אויס אנדערע. היינט ווייסט שוין דאס שול־קינד צוזאס עס צילט די רעאליזירונג פון 6־יאר־פלאן, היינט איז מסתמא שווער צו געפינען כאטשבי איין מענטש ביי אונדז אין לאנד, וואס זאל נישט ווייסן, וואס זאל נישט זען די פולשטענדיק אנדערע מאראל, באציונג צו ארבעט און צום ארבעטנדיקן, די נייע קולטור־טענדענצן און גרויסן קולטור־שוווננ, וואס די „שטילע רעוואלוציע" האט ארויסגערופן צום לעבן ביי אונדז אין לאנד.

וואס הייסט עס? דאס הייסט קודם־כל, אז דער שרייבער, וואס איז מחויב צו זען טיפער און ווייטער, נישט אנטדעקן די שוין לאנג אנט־דעקטע אמעריקעס, נאר איז לויט זיין באדוף אוטדעקעריש, מוז אט דאס אלץ, וואס ווארפט זיך ממש אין די אויגן פארטיפן דורך זיין גע־נויעם דערלערנען די אנטוויקלונגס־געזעצן פון אונדזער לאנד, זיך אדורכ־נעמען מיט דער לעניןדסטאלינישער טעאריע און זען די צוועקמעסיקייט און די ווייטערע פערספעקטיוון, וואס די בויונג, דער קאמף, די פאר־מעסטן פון דער פארטיי און רעגירונג זיינען אויסן.

עס איז רייך אונדזער ווירקלעכקייט מיט דערהויבענע, פריידיקע, שיינע באזינג־ווערטע דערשיינונגען, מיט פאקטן, וואס מוזן באגייסטערן פאעטן, אבער פאלש וועט זיין, ווען דער דיכטער וועט נישט דערזען, אז יעטוועדע דערגרייכונג איז געקומען אין רעזולטאט פון קאמף סיי מיט דער רוטין, סיי מיט די שונאים פון דער סאציאליסטישער בויונג, סיי מיט דער נאטור, ביי וועלכער מען מוז יעדע דערגרייכונג ארויס־רייסן פארן פרייז פון גרעסטן אנשטרענג פון מענטשלעכן שכל און ווילן.

עס הייסט אויך — אז יעטוועדער לאקירן, פארצוקערן די ווירק־לעכקייט וועט זיין ווייט פון אמת, ווייל דער אמת פון אונדזער ווירק־לעכקייט איז קאמף, סיי מיט די רעשטן פון נעכטן אין אונדזער פסי־כיק, סיי מיט די רעשטן פון נעכטן אין אונדזער לעבן אין לאנד גופא, סיי מיט די כוחות, וואס וואלטן וועלן אונדז אנווארפן דעם שווארצן

קאפיטאליסטישן געבטן פון דרויסן, — די כוחות פון אגרעסיע און מלחמה.

אט די אלע באטראכטונגען רעדן וועגן די אויפגאבן פון דער שיי־נער ליטעראטור, פון דער פראזע און פאעזיע. עס איז פארשטענדלעך, אז די רייכקייט אין דראמאטישע קאנפליקטן גיט אויך א ביז גאר ברייט פעלד פאר דער היינטצייטיקער דראמע. די דראמע נערט זיך פון אקציע, פון קאנפליקט. אן קאנפליקט איז נישט פאראן קיין דראמא־טיזם, אן קיין אקציע איז נישט פאראן די לעבנס־דינאמיק. א לעבע־דיקער מענטש האנדלט, טוט, און דורך זיינע האנדלונגען, דורך זיינע איינשטעלונגען לגבי געוויסע דערשיינונגען אין זיין סביבה, צי אין לעבן פון לאנד, דערקענען מיר אים. אויב דאס איז איינער פון די גרונט־תנאים אין דער פראזע, צי אין דער פאעמע, איז עס אן אומבאדינג־טער, אבסאלוט דעצידירנדיקער תנאי אין דער דראמע. אין פראזע־ווערק, אין ראמאן צי נאוועלע, קאנען מיר דערציילן וועגן די טראכטונ־גען, רעאגיר־אופנים, שילדערן באשטימטע סיטואציעס, אין דראמאטישן ווערק מוז קומען די האנדלונג און בלויז דורך דער האנדלונג דערקע־נען מיר דעם כאראקטער. ווייל אויב אין צענטער פון די אנדערע עפישע מינים קאן אפט שטיין די פאסירונג, די געשעעניש, די עפאכע, שטייט אין דראמאטישן ווערק קודם־כל אין צענטער דער מענטש.

אט אזעלכע זיינען די געזעלשאפטלעכע פאסטולאטן, די מעגלעכ־קייטן פון דער ליטעראטור און איר גרויסע ראל ביים געשטאלטיקן דעם באוווסטזיין פון דער געזעלשאפט, איר ראל אלס קינסטלערישער, פלאסר טישער אויסדריקער פון די אידעאלן פון אונדזער עפאכע.

עס שטעלט זיך דעריבער די פראגע: און וואס איז די ראל פון קרי־טיק? צי איז איר אויפגאבע אין אפשאצן, ארויסזאגן מיינונגען וועגן שרייבער און ווערק אדער זי פארמאגט ברייטערע צילן, איר פארפליכ־טעטע ערנסטערע אויפגאבן?

די פארהעלטעניש פון קינסטלער און קריטיקער איז בלויז לפנים א קעגנזייטלעכע. עס דוכט זיך אפט, אז דער קריטיקער איז פריי פון די אלע פליכטן, ווייל ער שאצט בלויז אפ די רעאליזירונג, די „סאציאלע באשטעלונג" פון דער עפאכע און ווייזט אן ווי זוייט ס'איז געלונגען דעם באטרעפנדיקן קינסטלער ארויסצוברענגען די עלעמענטן, צי גרע־סערע, ברייטערע בילדער פון אונדזער ווירקלעכקייט.

אין דער אמתן וואלט אזא צוגאנג פון קריטיקער געווען א רע־גיסטראטארישע, ווינציק־שעפערישע, א „צענזורקע"־ארטיקע. ער וואלט

געזאָגט דאָס איז גוט אין ווערק, דאָס געפעלט מיר נישט, און דערמיט וואָלט אייגנטלעך זיין שעפערישע ראָל געווען אויסגעשעפט.

אין אונדזער ווירקלעכקייט פון בויענדיקן סאָציאַליזם איז די ראָל פון קריטיק ביז גאָר גרויס אין אַלגעמיינעם לעבן און האָט אַ באַזונדערע באַדייטונג אין דער ליטעראַטור און קולטור־בויונג.

עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז די אמתע קריטיק דערנערט זיך בלויז מיטן באַטרעפנדיקן ווערק. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז נישט שווער צו געפינען אַזאַ „קריטיק" אויך. אַ קריטיק, וואָס באַגנוגנט זיך מיט איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון באַטרעפנדיקן ווערק, מיט געבן אַ פּאָר עפּיטעטן און סופּערלאַטיוון, מיט באַצייכענונגען „געלונגען", „נישט געלונגען" — און די קריטישע מיסיע איז דערפילט. מיר ווייסן אויך, אַז באַזונדערס אין אונדזער יידישער סביבה איז שטאַרק פּאָפּולער געווען די אימפּרעסיאָניסטיש־ניגערישע קריטיק, וואָס איז אויסער דעם קרייז פון איינדרוקן, וואָס עס האָט געמאַכט דאָס באַטרעפנדיקע ווערק און דאָס זוכן פאַרשידענע אַלוזיעס אין דער ביאָגראַפיע פון שרייבער אָדער אין השפעות פון אַנדערע ווערק, איז זי נישט אַוועק, זיך פאַקטיש געדרייט אין פאַרכישופטן קרייז פון שטימונגען און ספּעקולאַטיווע אַבסטראַקציעס. ווען איר זאָלט פרוון צ. ב. פון דער אימפּרעסיאָניסטישער קריטיק זיך דערוויסן, פון וואַנען נעמט זיך די דערשיינונג, וואָס דער שרייבער האָט זיך איינגעשלאָסן אין קרייז פון זיין אייגענעם איך, אָדער פאַרוואָס איז טוביה טראַקטירט הומאָריסטיש און מנחם־מענדל קאָמיש, פאַרוואָס זיינען אַלע אויפגעקומענע גבירים ביי שלום־עליכמען אָפּשטויסנדיק און פון וואַנען האָט זיך גענומען די גרויסע בהלה ביי די קליינע מענטשעלעך פון די קאַסרילעווקעס, וועט איר קיין ענטפער נישט געפינען. נישט געפינען דערפאַר, ווייל עס פעלט ביי דער בורזשואזער קריטיק היסטאָרישע פּערספּעקטיוו, סאָציאַלער אַנאַליז, קלאַסן־צוגאַנג. דעריבער דרייען זיי זיך אַרום דעם ווערק, אַרום דעם שרייבער און קאָנען דאָס אָרט פון שרייבער און ווערק אין זיין עפּאָכע נישט איינגלידערן, די קלאַסן־קרעפטן, די היסטאָרישע באַדינגטקייט פון די געשטאַלטן נישט פעסטשטעלן. און ווען מען איז נישט אימשטאַנד אויפדעקן די טרייב־קרעפטן, די געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, וואָס האָבן די געשטאַלטן־וועלט און די אידעאָלאָגישע איינשטעלונג פון מחבר פאָרמירט, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויך דער קינסטלערישער אַנאַליז, די מיטלען פון קינסטלער, דורך וועלכע ער האָט דערגרייכט די טיפּישקייט פון זיינע געשטאַלטן, די מאָנאָליטקייט פון דער קאָנסטרוקציע, די אַפירמאַציע (אַפּראָבירונג) אָדער נעגירונג פון דער ווירקלעכקייט, איז

פאַרהוילן פאַר דעם מין קריטיק. און איבעריקנס אויב די זאַך פון קריטיקער איז זיך טיילן מיט איינדרוקן פון אַ געלייענטן ווערק איז נישטאָ קיין שום קריטעריע ביים פעסטשטעלן די קינסטלערישקייט פון ווערק. יעדער האָט רעכט צו האָבן פאַרשידענע איינדרוקן, שטימונגען, געשמאַקן...

די מאַרקסיסטישע קריטיק זוכט ביים קינסטלער דאָס טיפּישע, דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דער געגעבענער עפּאָכע. נישטאָ קיין אויסערצייטיקע ליטעראַטור נישט אין דער פאַרגאַנגענהייט און נישט אין דער איצטיקייט. די ליטעראַטור איז אַמענגסטן פאַרבונדן מיט דער צייט, מיט דער סביבה פון שרייבער, וואָס האָט דאָס ווערק געשאַפן. עס איז גענוג אויפבלעטערן אין זכרון די ווערק און די שרייבער, וואָס זיינען פון די פריערדיקע דורות איבערגעגאַנגען צו אונדז, בכדי זיך איבערצייגן, אַז קיינער פון די קינסטלער, וואָס האָבן געזונגען „זיך און די מוזעס" האָט אפילו דעם אייגענעם נאָמען נישט פאַרהיט אין דער ליטעראַטור און זיין שאַפן איז אינגאַנצן ווי פאַרגעסן געוואָרן. איז געבליבן זיינען נאָר די שרייבער, די ווערק, וואָס האָבן אויף אַ מער אָדער ווינציקער געלונגענעם אופן ארויסגעבראַכט וועזנטלעכע שטריכן, שטימונגען פון דער עפּאָכע, פון זייער צייט, סביבה, און קאָנען במילא דינען ווי אַ דערקענטעניש־מקור. דאָס זעלביקע מוז געזאָגט ווערן וועגן דער קריטיק. דער קריטיקער, וואָס נעמט נישט אויף די ליטעראַטור־דערשיינונגען פון פילאָזאָפישע פּאָזיציעס, זוכט אין די ווערק נישט די קאָנפראָנטירונג פון לעבן, פון די לעבנס־פאַקטן דעקט נישט אויף דאָס נייע און ווערטיקע, וואָס דער שרייבער האָט אריינגעבראַכט אין זיינע ווערק, די קריטיק וואָס איר פונקציע באַגרענעצט זיך בלויז מיט רעגיסטרירן און ארויסזאָגן מיינונגען, (מיר רעדן שוין נישט וועגן דער פּניותדיקער קריטיק — וועלכע ווערט דורך דעם געניאַלן קריטיקער ביעלינסקי באַצייכנט ווי אַ „ליטעראַרישער היישעריק") איז הימל־ווייט פון די פאָדערונגען, וואָס אונדזער סאָציאַל־בויענדיקע ווירקלעכקייט פאָדערט.

אונדזער קריטיק איז קודם־כל פּרינציפּיעל. איר איז פרעמד יעטוועדע מילדערנדיקע אומשטענדן, איר אויפגאַבע איז אַ פּאָסטולירנדיקע, קאָנפראָנטירנדיקע, אַנאַליטישע. דורך דעם אַנאַליז פון ווערק, דורך ארויסהייבן די גרונט־אידיי, דעם גרונט־פּאַרט־אַכט, די גרונט־שטימונג, באַמיט זי זיך, דורך אַ שטרענגן אַנאַליז פון די קאָמפּאָזיציאָנעלע טיילן, בילדער און האַנדלונגען פון די באַזונדערע העלדן פון ראָמאַן, צי פּאָעמע, ווייזן, ווי ווייט די גרונט־אידיי איז טיפּיש, פּערספּעקטיוו־אויפדעקעריש, און צווייטנס אויף וויפל און ווי אַזוי דעם קינסטלער איז געלונגען זיין אידיי צו רעאַליזירן.

רייך און פילפארביק איז דאָס לעבן, ברייט ווי דער ים איז די טעמאטיק, אָנצאָליק די מענטשלעכע כאראקטערן און פערזענלעכע גורלות און פון דער פילקייט פון דערשיינונגען נעמט דער קינסטלער בלויז אייניקע פרטים, איינצלנע פאקטן און דערהייבט זיי ביז סינטעטישע בילדער פון דער צייט. דורך די פרט־דערשיינונגען, וואָס קומען צום אויסדרוק אין ווערק מוז במילא דער קריטיקער אויפדעקן די אלגעמיינע געזעצן און טיפישע פאקטן, „די צווישן־פארהעלטענישן צווישן דעם פרט און דעם גאנצן, וואָס מיר באצייכענען אלס אונדזער ווירקלעכקייט" (ביעלינסקי).

עס איז במילא נישט שווער זיך אָפּגעבן א רעכענונג, אז די אזוי פארשטאנענע קריטיק איז אייגנטלעך די זעלביקע דערקענטעניש פון דער ווירקלעכקייט, ווי דאָס עצם ווערק און בלויז די מיטלען פון ארויסברענגען, פון אויפדעקן די שטריכן און קאָנטורן, די אידייען און קאמפּאָנענטן פון דער ווירקלעכקייט זיינען אנדערע.

דער קינסטלער זעט אין בילדער, אָפּערירט מיט בילדער, דער קריטיקער אנאליזירט ס'רוב באגריפלעך דאָס פלאסטישע ארויסברענגען פון דער עפּאָכע. ביידע אָבער האָבן איינע און די זעלביקע אויפגאבע. אָבער מיט דעם שעפּט זיך די אויפגאבע און באדייטונג פון קריטישן אנאליז נישט אויס. דער קריטיקער לויבט און טאדלט, אָבער נישט דורך שטעלן צענזורקעס, נאָר דורך אָנווייזן ווי ווייט דער קינסטלער האָט ריכטיק באנומען די הויפּט־טענדענצן פון דער עפּאָכע, ווי ווייט אים איז געלונגען ארויסצוברענגען דאָס כאראקטעריסטישע, אָדער פארוואָס דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. דערמיט איז די קריטיק וועגווייזעריש פאר דעם שרייבער, און גיט די נייטיקע קריטעריעס, דעם נייטיקן צוגאנג דעם לייענער. במילא, פונקט ווי עס איז אין אומבאדינגט נייטיקער תנאי פארן קינסטלער צו דערלערנען די צייט, די מענטשן, וואָס מיט זייער איבערגעגעבענער ארבעט, מיט זייער אומאויסשעפּלעכער ענערגיע און ווילן, טאלענט און עקשנותדיקן, אָנפּניותדיקן אוועקגעבן די בעסטע מינוטן פון זייער לעבן דער זאך פון בויען דאָס נייע פרייע לעבן, פונקט — ווי ס'איז דער שרייבער מחויב דערלערנען די אלע שלאנגישע געננגן פון קלאסן־שונא, אזוי מוז אויך דער קריטיקער קענען גענוי דאָס לעבן אין איר גאנצער קאָמפּליצירטקייט און זיין באוואָפנט מיט דער אוואנגארדישער מארקס־לעניניסטישער וועלט־אָנשויונג, מיט דעם דיאלעקטישמאטעריאליסטישן מעטאָד פון אנאליז, גענוי דערלערנען און פארשטיין די פּראָצעסן, די פאקטן, די טענדענצן פון דער ווירקלעכקייט, וואָס קומען צום אויסדרוק אין דער פּאָליטיק פון דער פארטיי און רעגירונג.

די בורזשואזע קונסטרכוהנים פון די מארשאליזירטע לענדער, רעדן נאך אלץ איין זיך און פרווון איינרעדן זייערע לייענער, אז זייער קונסט איז „עכט" און „פריי", אז זייער שאפן איז אומאפהענגיק און שלימות־דיק. ווי עס וואלטווירקלעך מעגלעך געווען אין די „צוקונפטס", צי „טאגס" דרוקן ווערק, וואס זאלן ארויסברענגען די שטימונגען, טרוימען און געפילן פון די מיליאנען ארבעטלאזע און ברויטלאזע, די מיליאנען נעגערס, וואס געפינען זיך אונטער דעם טראר פון די ווייסע לינטשער, פון די טרעגער פון ראסן־דיסקרימינאציע, פונקט ווי דער „פרייער" קינסטלער וואלט ווירקלעך אימשטאנד געווען אויפריכטיק צו שילדערן דעם היטלערישן טעראר מצד דער פעדעראל־ביורא, וואס איז שוין איצט פולשטענדיק אידענטיש אין אירע געננ און האנדלונגען צו דער געסטאפא... יא, די בורזשואזע קינסטלער זיינען פריי... צו באזינגען די אימפעריאליסטישע אגרעסיע אין קארייע, די מלחמה־צוגרייטונגען, צו מאכן ווארט־קלאנאדע, גלאצן פארכטיק צום הימל. עס איז במילא נארישט שווער איינצוזען ביי די „פרייע קינסטלער", די סאציאלע באשטעלונג פון דער קאפיטאליסטישער ארדענונג, וואס וויל וואס ווייטער אפפירן דעם לייענער פון דער ווירקלעכקייט, וואס שטארקער אפטעמפן זיין וואכזאמקייט, פארסמען זיין באוווסטזיין, בכדי אים צו פארוואנדלען אין א ווילנלאזן געצייג פון מלחמה, א געצייג פון דער אימפעריאליסטישער פאליטיק פון די קוילן־אייזן־און נאפט־מאגנאטן, פון די באנקירן און אינדוסטריעלער.

מע קאן נאך דעם אויבנגעזאגטן מיט דער גרעסטער זיכערקייט באהויפטן, אז אונדזער ליטעראטור, ווען אפילו זי איז דא און דארט ווייט פון פארמעלער שלימות, איז זי דאך קוואליטאטיוו העכער, ווייל זי איז פארקוקט אין לעבן און שילדערט א געזעלשאפט אויף א העכערן עטאפ פון איר אנטוויקלונג, אין פראצעס פון רעוואלוציאנערע איבערגעשטאלטיקונגען, „ווייל זי באדינט נישט די אויבערשטע „צען טויזנט", נאר מיליאנען און צענדליקער מיליאנען ארבעטס־מענטשן" (לענין), ווייל ס'איז א ליטעראטור מיט א היינט און מיט א מארגן, ווייל דער אינהאלט איז נישט קיין מינדערווערטיקער עלעמענט, נאר דער קערן, דער וויכטיקסטער באשטאנדטייל פון ווערק, און די פארם איז דער ארגאנישער לבוש, וועלכע דערגענצט, מאכט בולטער, אנטאפלעכער און באנעמלעכער דעם פראגרעסיוון, רעוואלוציאנירנדיקן אידעישן אינהאלט פון געשילדערטן.

פונקט ווי די בורזשואזע פילאזאפיע האט צוליב אירע קלאסן־צוועקן פראפאגירט דעם אידעאליסטישן וועלטבאנעם, וואס טיילט אפ די מאטעריע פון גייסט, פונקט אזוי טיילט די בורזשואזיע אפ דעם

אינהאלט פון דער פאָרם אין איר „עסטעטיק", אינדערציייט וועז דער אינהאלט איז די מאַטעריע פון קינסטלערישן ווערק, זיין סובסטאַנץ; און די פאָרם איז דער אופן ווי אַזוי די מאַטעריע (דער לעבנס-אינהאלט) ווירקט זיך אויס. און פונקט ווי די מאַרקס־לענינישע וויסנשאַפט זעט די פּריאָריטעט אין דער מאַטעריע, זעען מיר אין דער ליטעראַטור די פּריאָריטעט פון אינהאלט, געדענקענדיק דערביי, אַז אַ דאַנק דער פאָרם איז דער קינסטלער אומשטאַנד דעם אינהאלט, וואָס ער באַקומט פון דער ווירקלעכקייט, אויסצודריקן, אַרויסברענגען אַדעקוואַט, ווייזן זיין גאַנצע שיינקייט און טיפערן זין, פריי פון צופעליקע, נישט וועזנטלעכע דעטאַלן, וואָס פאַרטונקלען די מאַנאָליטקייט, גאַנצקייט און זייענען בלויז כאַראַק־טעריסטיש פאַר באַזונדערע פרטים. ...און

„בלויז מיטווירקנדיק דער לייזונג פון דער דערקענטעניש־אויפ־גאַבע, וואָס עס טראָגט אין זיך דאָס קינסטלערישע ווערק, רופט אַרויס די קינסטלערישע פאָרם צוזאַמען מיטן אינהאלט אָט דעם געפיל פון באַפרידיקונג, האַרמאָניע, וואָס מיר באַצייכענען אַלס עסטעטיש געפיל. אַ דאַנק דער פאָרם נעמען מיר אַרום די לעבנס־דערשיינונגען אין זייער גאַנצקייט און אָביעקטיווקייט אַזוי, אַז אונ־דזערע באַגרענעצטע לעבנס־וואַרנעמונג ווערט נישט פאַרטונקלט אָדער פאַרביטן דורך פאַרשידענע צופעליקע עלעמענטן".

„אַ דאַנק דער פאָרם, פאַרדעקן נישט די פרטים, די דעטאַלן, דאָס גאַנצע: די פאָרם קאָנצענטרירט דאָס צעשפּליטערטע, אַקטיוויזירט, טיילט אָפּ און דערווייטערט פון אונדז קעגנשטאַנדן, גיט אונדז די מעגלעכקייט זיי באַטראַכטן פון אַלע זייטן, נאָר אין דער זעל־ביקער צייט, דערנענטערט זי אונדז די האָזיקע קעגנשטאַנדן, זי דערווייטערט אונדז פון די צעשפּליטערטע טיילן פון די קעגנשטאַנדן, מיט וועלכע עס איז פאַרבונדן די ענג־פערזענלעכע באַציונג צום אָביעקט, בכדי אונדז דערנענטערן דאָס גאַנצע. אין איר לעבע־דיקער דיאַלעקטיק פאַראייניקט זי און טיילט אויס, אָרדנט אונטער די דעטאַלן דער אָביעקטיווער אידיי, אויף אַזאַ דיסטאַנס, פון וועלכער מען קאָן דערבליקן דאָס גאַנצע און זען די טיילן פון וועל־כע זי שטעלט זיך צונויף אין דער געהעריקער פּערספּעקטיוו".[1]

[1]) א. לאַוורעצקי: די וועלט-באַדייטונג פון ביעלינסקיס קריטיק, (ליטעראַ-טורנאָיע נאַסליעדסטוואָ", אויסגאַבע פון דער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע פון ססר. 1948 י. באַנד 55, געווידמעט ביעלינסקין).

אלזאָ, די פאָרם, איז אומאָפּטיילבאר פון אינהאלט און דארף אונדז דערנענטערן דאָס גאנצע. נישט געבן קיין נאטוראליסטישע דעטאלן־אָנ־הויפונג, אָן פערספעקטיוו, אָן דער פערזענלעכער איינשטעלונג פון שעפער, נאָר דורך דעם שאפן דארף זיך ארויסזען די פאָרמירנדיקע, באַשטראלנדיקע אידיי פון קינסטלער־רעאליסט.

דער רעאליסט גיט במילא קיינמאָל נישט קיין פאָטאָגראפיע פון דער ווירקלעכקייט, און גיט דאָך אָפּ ריכטיקער די ווירקלעכקייט, ווי יעטוועדער אפילו סאמע פּינקטלעכע פאקטאָגראפיע. פארוואָס? ווייל ער נעמט ארויס פון דער מענגע דערשיינונגען, טיפּן און געשטאלטן אָט די, וואָס זיינען אין זיך כולל די וועזנטלעכסטע, טיפּישסטע, שטריכן און טענדענצן פון דער באטרעפנדיקער עפּאָכע.

עס פעלן נישט אין אונדזער ווירקלעכקייט מענטשן, וואָס זיינען פון דעם קאפּיטאליסטישן ברעג אָפּגעשווומען און זיינען צום לאַגער פון בויענדיקן סאָציאליזם נישט דערשווומען, עס פעלן נישט קיין גרופּעס און יחידים, וואָס זיינען אין נאָמען פון זייערע פארלוירענע פּאָליטישע, צי עקאָנאָמישע פּריווילעגיעס פיינטלעך געשטימט צו אונדזער ווירקלעכקייט, עס פעלן אויך נישט קיין יחידים צווישן די ארבעטער, וואָס האָבן נאָך ווייט נישט באנומען די נייע דערשיינונגען, וואָס טראָגן נאָך אין זיך קלאסן־פרעמדע אידעאָלאָגישע איינשטעלונגען און באגריפן. פרעגט זיך, צי די סאמע דעטאלע, ריכטיקע שילדערונג פון איינעם פון די אויסגערעכנטע קאטעגאָריעס מענטשן אלס צענטראלע העלדן, וואָלט נישט געווען די ערגסטע פעלשונג פון אונדזער ווירקלעכקייט? צי שילדערן דאָס לומפּישע, וואָס לאָזט זיך נאָך דאָ און דאָרט צווישן ארבעטער באמערקן, וואָלט נישט באדייט קיין טיפע, אומפארציילעכע רכילות אויפן ארבעטער־קלאס, וואָס טראָגט אויס אויף זיינע פּלייצעס די גאנצע לאסט און פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער רעוואָלוציע, אויף דעם קלאס, וואָס האָט שוין געגעבן דעם לאנד טויזנטער ראציאָנאליזאַטאָרן, וואָס גיט אוועק זיין גאנצע ענערגיע, דערפארונג און פעיקייטן דער רעאליזירונג פון די גראנדיעזע פּלענער פון איבערגעשטאלטיקן אונדזער פאָלקס־פוילן אין א לאנד פון פארווירקלעכטן סאָציאליזם? עס איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז דווקא די מיליאָנען ארבעטער, וואָס פירן אוים מיט אַן עודף די ארבעטס־פּלענער, וואָס פילן זיך ווי פולווערטיקע באַלעבאטים אין דער פאבריק און ווארשטאט, אין הוטע און קוילן־ און ארץ־גרובן, וואָס זאָרגן סיי פאר דער קוואנטיטעט, קוואליטעט און שפּאָרזאמקייט, זיינען די טיפּישע פאָרשטייער פון אונדזער הייגטציי־טיקייט, ווו ארבעט איז געוואָרן די זאך פון כבוד, פון רום, פון העל־

דישקייט (יאָסיף סטאַלין) און במילא בלויז דאָרט קאָן און מוז זוכן דער קינסטלער זיין העלד, דעם טיפּישן העלד פון אונדזער צייט.

אָבער דער רעאַליזם האָט אין פאַרשידענע עפּאָכן פאַרשידענע סיטואַציעס. אין דער צייט פון דער פריצישער, צי שפּעטער בורזשואַזער הערשאַפט איז דער רעאַליזם אין זיין רוב געווען ווייט פון אפּירמאַציע פון דערווירקלעכקייט. (א קורצע צייט בלויז איז די דערשיינונג געווען כאַראַקטעריסטיש אין פראַנקרייך פאַרן קומען פון דער בורזשואַזיע צו דער מאַכט אין רעזולטאַט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 1789 יאָר). ווי נאָר די בורזשואַזיע האָט זיך דערפּילט אין זאָטל, — האָט זי גלייך אַנטפּלעקט איר גיריק־רויבערישן פּרצוף, און פון אלע שיינע לאָזונגען און פראַזן האָט אָנגעהויבן ארויסקוקן דער געווינס־לאָזער, ציניישער עקספּלאָאַטאַטאָר. די פּראָזע, וואָס האָט זיך דעמלט אנטוויקלט איז במילא פאַרוואַנדלט געוואָרן מערסטנטייל אין א באַשולדיקונגס־אַקט קעגן קאַפּיטאַליזם. עס איז גענוג צו דערמאָנען דיקענסן, הוגאָ, באַלזאַקן, סטענדאַלן, בכדי די ריכטיקייט פון דער פעסטשטעלונג צו באַשטעטיקן. און אזוי כמעט אין משך פון דער גאַנצער צייט פון עקזיסטענץ פון קאַפּיטאַליזם איז דאָס שאַפן פון אירע בעסטע פאַרשטייער קריטיש־רעאַליסטיש און רעאַליסטיש־דעמאָקראַטיש. אין דעם פּרט פאַרנעמט א ביז גאָר בכבודיק אָרט די רייכע רוסישע ליטעראַטור, וואָס האָט אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט געגעבן א גאַנצע פּלעיאַדע נעמען פון וועלט־ליטעראַרישן באַדייט. דאָס שאַפן פון פּושקין, לערמאָנטאָוו, גאָגאָל, שטשעדרין, נעקראַסאָוו, טורגעניעוו, קאָראָלענקאָ, טשעכאָוו און לעוו טאָלסטאָי, איז געוואָרן דער אייזערנער פאָנד פון דער רעאַליסטישער, באמת הומאַניסטישער וועלט־ליטעראַטור. עס איז אויך נישט קיין צופאַל, וואָס גראָד אין רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר, דער ערשטער רעוואָלוציע, וואָס האָט געוואָרפן דעם לאָזונג פון ראַטנמאַכט, איז געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע ווערק, וואָס הייבט אָן א נייע תקופה אין דער ליטעראַטור, די תקופה פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, וואָס איר שעפער איז געווען מאַקסים גאָרקי.

דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם הייבט ארויס דעם פּאָזיטיוון העלד, דעם העלד פון שעפערישן אָנשטרענג, דעם באַוווסטזיניקן אידעישן און פּאַטריאָטישן אַרבעטס־מענטש. ער פאַרמאָגט אין זיך אויך דעם רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיזם, וואָס גיט די פּערספּעקטיוו צו דערזען די דערגרייכונגען פון מאָרגן, אויסצוגעפינען אין די מענטשן פון בוייענדיקן היינט די עלעמענטן פון דעם מענטש פון דער מאָרגנדיקער סאָציאַ־

ליסטישער אָדער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. אזא ראָמאַנטיזם דער־מוטיקט צום קאַמף פאַר אַלע גרעסערע דערגרייכונגען, באַפליגלט צו גרעסערע פאַרמעסטן, און באַזירט זיך נישט אויף פוסטע חלומות, נאָר אויף די וויסנשאַפטלעכע לעניניש־סטאַלינישע פּלענער פון איבערבויען די עקאָנאָמיק, דעם קלימאַט און דעם מענטש.

ביים אַנאַליז פון אַ קינסטלעריש ווערק איז פאַר דעם קריטיקער וויכטיק פעסטצושטעלן, ווי ווייט דאָס ווערק אַנטשפּרעכט די אַנטוויק־לונגס־טענדענצן פון אונדזער לעבן, ווי ווייט די אידעאָלאָגיש־ריכטיקע איינשטעלונג האָט געקראָגן איר שלימותדיקע קינסטלערישע פאַרקער־פּערונג און ווי ווייט דער דיכטער איז באַשאַנקען מיטן געפיל פאַר דאָס נייע און ווערנדיקע. אַנדערש געזאָגט: פאַרן קריטיקער איז וויכ־טיק פעסטצושטעלן נישט אַזוי ווייט „וואָס דוכט זיך אונדז אויס אין געגעבענעם מאָמענט אַלס שטאַנדהאַפטיקס, נאָר הייבט שוין אָן אָפּצו־שטאַרבן, נאָר דאָס, וואָס קומט אויף און אַנטוויקלט זיך, ווען אפילו עס זעט אויס אין געגעבענעם מאָמענט נאָך שוואַך, ווייל נישט בייצו־קומען איז בלויז דאָס, וואָס קומט אויף און אַנטוויקלט זיך" (סטאַלין: די פּראָבלעמען פון לעניניזם) און טאַקע דערפאַר איז אַזוי גרויס מאַקסים גאָרקיס היסטאָרישער פאַרדינסט פאַר דער ליטעראַטור, ווייל ער האָט שוין אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט דער־זען אין די אַרבעטס־מענטשן, די הערשער פון מאָרגן.

אַזעלכע אַקטיווע קעמפער, באַוווסטזיניקע אַרבעטער ווי פּאַוועל וולאַסאָוו, ריבין, נאַטאַשע, ניל זיינען גאָרנישט געווען אַזוי פיל אין יענער צייט, אָבער ביים אויפקומען פון דער לענין־סטאַלינישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד, בעת דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז פון 1905 יאָר האָבן זיך שוין אַזעלכע דעצידירטע, אַקטיווע פאָרשטייער פון אַרבעטער־קלאַס באַוויזן און גאָרקי האָט זיי דערבליקט און דערהויבן צו דער מדרגה פון טיפּישע פאָרשטייער פון רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־קלאַס, פאַרלויפנדיק אַזוי אַרום די צייט, ווען די דעראָבערטע מאַכט וועט פול־שטענדיק אויספורעמען דעם רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין פון פּראָלע־טאַריאַט. און דעריבער האָט לענין נאָכן איבערלייענען „די מוטער" געשריבן צו גאָרקין:

„סאַ נייטיק בוך. פיל אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אומבאַוווסטזיניק, סטיכיש, און איצט וועלן זיי איבערלייענען „די מוטער" מיט גרויס נוצן פאַר זיך. מיט גרויס נוצן, ווייל דאָס בוך ברענגט אַרויס דעם פּאַטאָס פון נייעם מענטש, וואָס שמידט זיך אויס אין פייער פון קאַמף מיט

די אונטערדריקטע, דעם פאטאס פון קאמף פאר א נײַ לעבן אין די אונטערדריקטע קלאסן".

* * *

די אלע קריטעריעס, כאראקטעריסטיקעס פון ריכטונגען, ווי די דעפינירונג פון דער ראָל פון פאָרם אין די קינסטלערישע ווערק, — די פרינציפן פון מארקס־לענינישער עסטעטיק האָבן מיר זיך באמיט אָנ־צווענדן ביים באהאנדלען די שאפונגען פון אונדזער יידישער ליטערא־טור, ווי ביים אָפּשאצן אונדזער קולטור־ירושה און די פוילישע פאָר־שטייער פון דער פארגאנגענהייט און היינטצייטיקייט.

נישט אלעמאָל קריגט יעדער ציל זיין אדעקוואטע רעאליזירונג און הערינבער איז נישט מייך זאך צו אורטיילן, ווי ווייט די ריכטיקע איינ־שטעלונג איז רעאליזירט געוואָרן ביים קאָנקרעטן אנאליז פון באטרעפנ־דיקן שרייבער. דאָס וועט שוין פיל אָביעקטיווער אָפּשאצן דער לייענער, ווענען מיר גיבן איבער דאָס דאָזיקע בוך.

וואַרשע, אָקטאָבער 1951 י.

# ליטעראַטור־פּראָבלעמען אין דער יידישער סביבה

די הערשנדיקע פּאָליטישע סיסטעם, די עקאָנאָמישע יסודות אויף וועלכע די פּאָליטישע מאכט האָט זיך באַזירט אין פאַרמלחמהדיקן סאַנאַטאָרישן פּוילן האָט נישט נאָר רעגירענדיק געווירקט אויף דעם אינהאַלט, אויף דעם כאַראַקטער פון דער קולטור, נישט נאָר אויף איר קוואַליטעט, נאָר אויך אויף איר קוואַנטיטעט. די אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע איז נישט געווען פאַראינטערעסירט אין פלאַנצן אמת וויסן, פאַרקערט, זי איז געווען בלויז פאַראינטערעסירט צו דערשטיקן יעטווידער אַרויסווייז פון פרייען, פרייהייטלעכן געדאַנק. זי האָט מיט דער הילף פון דער צענזור און בערעזע, יענדזשעיעוויטשעס־שול־רעפאָרם, רעכטע בענק און גרויסע אָפּצאָלן פאַר בילדונג, געטאָן אַלץ, אַז דאָס וויסן זאָל נישט ווערן צו אַלגעמיין.

די יידישע רעאַקציע ווידער האָט אונטערשטיצט אַזאַ שאַפן, וואָס האָט געשטאַרקט דעם יידישן נאַציאָנאַליזם, דאָס אָפּפרעמדן דעם ייד פון „פיינטלעכן אַרום" און דער שאָוויניזם, וואָס איז געזייט געוואָרן דורך דער פּוילישער בורזשואַז־פּריציש־פּאָלקאָווניקישער קליקע אויף דער פּוילישער גאַס, האָט געפּלעגט און גענערט דעם עקסטרעם־יידישן נאַציאָנאַליזם, געפּלעגט דעם יידישן סעפּאַראַטיזם.

די שפּלע קולטור־מדרגה פון לאַנד, דאָס ענגער מאַכן פון יאָר צו יאָר די שפּאָרונע פאַר דעם אַרבעטער און פּויער־קינד אין די מיטל־ און הויכשולן דורך פאַרגרעסערן די אָפּצאָלונגען אין די לערן־אַנשטאַלטן, דאָס אַרויסנעמען פון די ביבליאָטעקן און פּראָגראַם די פּראָגרעסיווע ווערק (אַנרי באַרבוס „פייער", אָזשעשקאָוואַס ווערק און אַנד.), האָבן באַגינסטיקט דעם באָדן פאַר כלערהמינים שונד־ווערק און שונד־צייטונגען. אין דער זעלבער צייט זיינען טאָלערירט און אונטערגעשטיצט געוואָרן פאַרשידענע נאַציאָנאַליסטישע, אָפּן־פאַשיסטישע, יידן־פרעסערישע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און פּובליקאַציעס אויף דער פּוילישער גאַס און אויף דער יידישער — דאָס יידיש־רעליגיעזע שול־וועזן און די ציוניסטיש־בורזשואַזע תרבות־שולן.

די יידישע בורזשואזיע ווידער, מיט אלע אירע מיטלויפער פון העבראיסטישן און יידישיסטישן לאגער האבן אין תוך גענומען אונטערשטיצן די דאזיקע רעאקציאנערע קולטור־פאליטיק פון דער רעגירונג אין דער יידישער סביבה. זיי אלע האבן זיך באמיט מיט דער הילף פון פארשידענע, אפטמאל קעגנזעצלעכע אין פלוג מיטלען, ווי דאס איז, פון איין זייט, דאס פולשטענדיקע נעגירן די יידישע שפראך, און פון דער צווייטער — דאס ארויסהייבן די שפראך גופא יידיש, ווי אן אויסדרוק פון פראגרעס (אויב יידיש — איז במילא פארגעשריטן) — און אזוי ארום פארווישן די קלאסן־דיפערענציאציע, און קלאסן־קאמף אין דער יידישער געזעלשאפט. זיי האבן געפרידיקט יידישע קולטור אין אלגעמיין, פראדוצירנדיק דעקאדענטישע, אדער נאציאנאליסטיש־ראמאנטישע שאפונגען, אין וועלכע עס זיינען געווארן עלימינירט אלע פראגרעסיווע עלעמענטן אין לעבן פון ארבעטנדיקן פאלק, און וועלכע האבן זיך פארנומען אויסשליסלעך מיט פארמאליסטישער ווארט־קלאונאדע, אדער אידעאליזירונג פון אלטן אפגעלעבטן יידישן קליינשטעטלדיקן שטייגער.

דער יידישער ארבעטנדיקער מאסע איז, פארשטייט זיך, געווען פרעמד און רעדווידער אזא קולטור, זי האט בחוש אפגעפילט און פארשטאנען איר קלאסנפיינטלעכן כאראקטער. עס האבן אבער געפעלט די באדינגונגען, וואס זאלן באגינסטיקן דעם אויפקום פון אן אמתער מאסן־קולטור און ליטעראטור.

ערשט איצט, ווען די מאכט אין לאנד האט איבערגענומען דער ארבעטס־מענטש, איז פולשטענדיק מעגלעך געווארן דער ריזיקער קולטור־אויפשטייג, וועלכער נעמט ארום דאס גאנצע פאלק, און בתוכם אויך די יידישע ארבעטנדיקע. דאס איז די איינציקע סיבה פון אונדזער געשטייגערטער קולטור־אקטיוויקייט.

עס איז אבער נייטיק גלייך צו באטאנען, אז אונדזער לאנד פון בויענדיקן סאציאליזם, איז נישט קיין פלעגערין פון קולטור לשם קולטור, פון קונסט לשם קונסט, נאר נעמט אויף קריטיש די קולטור־ירושה פון נעכטן, הייבט ארויס דאס סאמע פראגרעסיווע, געזונטע, דאס אלץ, וואס האט א גרויסן דערקענטעניש־ווערט און קאן אונדז בייהילפיק זיין ביים געשטאלטיקן דעם נייעם מענטש, דעם מענטש פון שעפערישער, באוווסטזיניקער ארבעט, וועלכער פילט זיך אלס בויער פון א גערעכט פריידלעך לעבן, א מענטש א פרייען פון נאציאנאלער באגרענעצטקייט, ביי וועלכן דאס נאציאנאלע גייט ענג געפארט מיט דעם אינטערנאציאנאליסטישן. דעריבער שטייט אין דער גאנצער שארף דאס פראבלעם פון אפקלייב און דאס פראבלעם פון דער ריכטונג, פון דעם אנטוויקלונגס־

וועג פון אונדזער קולטור־שאפן אין די לעצטע נאך־אקופאציע־יארן, דאס וועט נישט נאר ווייזן, וואס מיר האבן שוין אויפן אידעאלאגיש־קינסטלערישן געביט דערגרייכט, נאר אויך ווי ווייט אונדזער ליטעראטור איז נאך געבליבן א בעל־חוב און פארוואס א גאנצע ריי טעמען, פראבלעמען, האבן זייער קינסטלערישן תיקון נאך נישט באקומען.

קודם־כל דארף געזאגט ווערן, אז די דאזיקע צייט פון נאך די אקופאציע־יארן קאן נישט גענומען ווערן אלס גאנצע, נאר דארף געטיילט ווערן אויף צוויי עטאפן.

דער ערשטער, ווען צווישן דער שרייבער־גרופע איז נאך געווען פראצענטועל שטארק די באטייליקונג פון דער פאלקס־פרעמדער, שאוויניסטיש־עמיגראציאניסטישער גרופע. און די צייט, ווען עס האט זיך פולשטענדיק קאנסאלידירט דער אידעאלאגישער פנים פון די שרייבער, וואס זיינען געטריי געבליבן זייער געבוירן־לאנד, דער זאך פון בויען דעם סאציאליזם.

די טיילונג איז אויף אזויפיל וויכטיק, אויף וויפל זי ווייזט גלייך אן אויף אוועלכע אינערלעכע שוועריקייטן, א וואסער קאמף עס איז אויסגעקומען צו פירן דעם פראגרעסיוון פאטריאטישן שרייבער סיי פאר זיין ארט, סיי פאר זיין איינשטעלונג מיט די פאלקס־פרעמדע עלעמענטן. עס איז כאראקטעריסטיש, אז אט די פאלקס־פיינטלעכע גרופע אנטוויקלט איר טעטיקייט אין די יארן 1946—1948. אנדערש געזאגט, דעמלט, ווען אין פאליטישן לעבן פון לאנד שטייען נאך די טרעגער פון רעכט־נאציאנאליסטישן אפנייג אין דער פארטיי־ליניע.

דער פאקט פון גרויליקן חורבן פון א לעבן, דער טיפער פיין און ווייטיק, וואס האט יעדן איינציקן באהערשט, ווען ער איז געקומען פון דער פריינדלעכער סאוויעטישער ערד אין זיין היימארט, די ארבעט פון דער מערדערישער אונטערערד, האט אביעקטיוו גענערט און געפעסטיקט די פאזיציע פון די עמיגראנטישע עלעמענטן אויף דער יידישער גאס, און זיך במילא באדייטנדיק געלאזט פילן אין דער ליטערארישער פראדוקציע פון יענער צייט.

וואס איז כאראקטעריסטיש פאר דעם רוב פובליקאציעס פון יענער צייט, פאר די שאפונגען פון די שרייבער און עסייאיסטן פון פאלקס־פיינטלעכן לאגער? קודם־כל שווארצע מרה־שחורה, יללה, באשולדיקונג פון אלץ און אלעמען, דאס אוועקשטעלן די יידן, אלע יידן (מיט די געטא־פאליציאנטן און יודנראטניקעס אריינגערעכנט) אלס מארטירער, אלס קדושים.

עס אונטערליגט נישט קיין ספק, אז די טעמע געטאָ, אקציעס, דער וויטיק פון נישט אימשטאַנד זיין אויפצוזוכן אפילו דעם קבר פון די נאָענטסטע האָט געמוזט קריגן זיין אויסדרוק אין דער ליטעראטור.

אָבער ווי אזוי? צי דורך באַשולדיקן אַלע פעלקער? דורך פאַר־וואַנדלען אין אָרעמע שעפּעלעך דאָס גאַנצע יידישע פאָלק? דורך באַ־זינגען בלויז די פּאַסיווע קרבנות און נישט ארויסהייבן די אקטן פון גבורה, פון ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד? — זיכער נישט!

און די אלע האָבן אונדז געהייסן אָנטאָן איש אויפן קאָפּ, געוויזן בלויז די רעזולטאַטן פון אָט דעם בלוטיקן געוויטער, אָבער מיט קיין נאָגל נישט אָנגערירט זיינע סיבות — דעם פאַשיזם, אימפּעריאליזם. אלזאָ, דאָס סאַמע וועזנטלעכע, אָט דאָס, וואָס איז אימשטאַנד צו מאָ־ביליזירן די מאַסן צום קאַמף מיט די טרעגער פון מאָרד און פאַרניכ־טונג, אויסקלאָרן דעם איינציק ריכטיקן אמת, אז רעאקציע און אימ־פּעריאַליזם איז א טויט־שונא פון דער מענטשהייט און, אז די יידן זיי־נען איינע פון אירע ערשטע קרבנות, דאָס איז פארשוויגן געוואָרן. די ליטעראטור האָט דעם דאָזיקן אמת פון ערשטראַנגיקער נאַציאָנאַלער וויכטיקייט נישט ארויסגעבראַכט.

פארשטייט זיך, אז שוין דערמיט האָט זיך געלאָזט בענוג שארף און דייטלעך הערן די שטים פון די שרייבער, וואָס האָבן פארשטאַנען, אז מען קאָן נישט באַשולדיקן קיין פעלקער, נאָר שולדיק איז די קאַפּיטאַ־ליסטישע סיסטעם, אז „דער מענטש וועט גוט זיין", אז עס וועלן אויפ־שפּראָצן אויף דעם חורבן אלטן פּניאָק נייע צווייגן, נייע בלעטער און בלומען. פאַרשטייט זיך, אז עס זיינען געווען גאַנץ היפּש פארצייכע־נונגען און לידער געווידמעט דעם העלדישן רויט־אַרמייער, דעם לאַנד פון סאָציאַליזם און פעלקער־פאַרברידערונג. אָבער דעם גרונט־טאָן האָבן אָנגעגעבן די נאַציאָנאַליסטן, די מאָרגנדיקע קראַוושענקאָס און קעסט־קינדער פון דעם „פרייען אמעריקע" און פראַנצויזישן אַרגענטינע.

עס איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס גראָד דעמלט, ווען די צאָל שרייבער איז געווען א פּיל, פּיל גרעסערע, זיינען דערשינען א סך ווינציקער ביכער ווי איצט, ווייל דאָס איז געווען אן עלעמענט א פרעמ־דער, א פּאַראַזיטישער. די גאַנצע לאַסט פון ארויסהייבן און ריכטיק פאַרענטפערן די פראַגן איז געלעגן אויף דעם טייל שרייבער, וואָס האָט מיט דעם גאַנצן וועזן, מיט דער גאַנצער שעפערישער ענערגיע זיך אריינגעוואָרפן אין דער בוייונג פון דער נייער קולטור.

די שטימונגען פון עמיגראַציע, פון בהלה, פון „יציאת פּוילן", וואָס עס האָבן טעפּלענט די כל המינים ציוניסטן רעכטע און „לינקע", די צע־

ריסנקייט פון די ארבעטער־דייען אין לאנד גופא, האָבן באשווערט די ארבעט; זי איז אָבער געטאָן געוואָרן, און נאָך דעם, ווי דער פאָלקס־ און לאנד־פרעמדער עלעמענט האָט פארלאָזן די גרענעצן פון לאנד האָט זיך אָנגעהויבן די פולע קאָנסאָלידאציע פון דער יידישער באפעלקערונג אין פוילן און אויך פון די שרייבער.

עס זיינען אינטערעסאנט די עצם־נעמען און טעמען פון די דער־שינענע ביכער אין דער צייט צווישן 1947—1949. ביכער־טיטלען פון עמיגראנטישע שרייבער: „מיט אש אויפן קאָפּ", „אויף די חורבות", „א בוים אין ווינט", „דער מלך שאול", „מגילת ייד", „דער וועג פון פיין", „דער אפגרונט רוישט". און אָט זיינען די נעמען פון איניקע ווערק פון די, וואָס שטייען אריינגעטאָן אין קאמף מיט די מלחמה־ציי־דער און העלפן מיטבויען א נייע לעבן: „דער מענטש וועט גוט זיין", „יידן אָן געלע לאטעס", „דורך שאָטן און שיין", „רואינען אין זון", „פעלדער גרינען" און אנד.... צי ווייזן שוין נישט די קעפלעך גופא אויף דער בולטער שייד־ליניע?

די שרייבער, וואָס האָבן געטראָגן אין זיך דעם הייליקן פייער פון גלויבן אין מענטש און דעם דערלייזערישן כוח פון די מארקס־לענינישע אידייען, האָבן מיטגעלעבט און מיטגעקעמפט מיטן לעבן פון לאנד פאר דער מלחמה, און זיינען אינטים אריינגעוואקסן אין פוילישן באָדן, די זיינען געבליבן אין פוילן. קוואנטיטאטיוו נישט קיין גרויסע צאָל, אָבער פון גאָר אַן אנדערער אידעיש־שעפערישער קוואליטעט.

פאר א וועלכע פראָבלעמען שטייט איצט דער שרייבער ביי אונדז אין לאנד? וואָס האָט ער שוין געגעבן און אין וואָס איז ער געבליבן א בעל־חוב דעם יידישן לייענער? אויף דעם איז נייטיק זיך אָפּצושטעלן.

ווען מע זאָל וועלן אין איין קורצן זאַץ פאָרמולירן אונדזער איצ־טיקע ליטעראטור אין פוילן, וואָלט מען געקאָנט זאָגן: ס'איז די ליטערא־טור פון באַיאָאונג. אין דעם וואָלטן מיר געזען איר גרונט־אונטערשיד פון דער דעקאדענטישער, פאָרמאליסטישער, איכהדיקער ליטעראטור אין די אמעריקעס, ישראלס און אלע אנדערע קאפיטאליסטישע לענדער, וווּ עס שטייען בראש פון דער ליטעראטור די בורזשואזע באדינער. ביי אונדז האָבן שוין אין דער פּאָעזיע, אין דער ליריק, באקומען א תיקון סיי מאָ־טיוון פון בוינג, סיי מאָטיוון פון האָפענונג און גלויבן, סיי מאָטיוון פון אינטערנאציאָנאליזם און פון קאמף פאר שלום. עס קאָן לשבח פון אונדזערע פאָעטן געזאָגט ווערן, אז זיי פרווון רעאגירן כמעט אויף יע־דער וויכטיקער דערשיינונג אין לאנד און אין אינטערנאציאָנאלן לעבן. טיפע דאנקבארקייט און ליבע צום ראטנלאנד, צו דער סאָוויעטישער, באַ־

פרייערישער ארמיי און צו די געניאַלע פירער פון דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט: לענין און סטאַלין, האָבן געקריגן א קענטיקן און עכט קינסטלערישן אויסדרוק ביי פיל דיכטער. עס איז ממש נישט אָנצוטרעפן קיין איין דיכטער, וואָס זאָל נישט אויסדריקן זיין טיפע סימפּאַטיע צום העלדישן סאָוועטישן פאָלק, דערביי זיינען איינציקע לידער פון גרויסער עמאָציאָנעלער אָנלאָדונג. עס איז שטאַרק פאַרטראָטן די בוי און איבערבוי טעמע — וואַרשע, די פרייד פון שאַפן א ניי לעבן, עס פעלן נישט קיין גוטע לידער געווידמעט דער שלום־טעמע. אין דער פּאָעזיע האָט זיך אויך איינגעבירגערט א שפּאָגל נייער מאָטיוו, וואָס אונדזער ליטעראַטור האָט קיינמאָל נישט געהאַט: יידן אויף ערד, יידן אין לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוו.

אויף דעם געביט פון פּאָעזיע וואָלט נאָר געבליבן זיך צו ווינטשן, אַז אפילו די ליריק זאָל זיין מער אָנגעזעטיקט מיט רעאַליען, אַז די פריידיקע שטימונג זאָל זיין אונטערגעבויט, זאָל זיך באַזירן אויף מער קאָנקרעטע פאַקטן פון אונדזער ווירקלעכקייט.

נאָר, צי איז אונדזער ווירקלעכקייט בלויז שטאָף פאַר ליריק? צי פאָדערט זיך נישט קיין פּאָעמע, וואָס זאָל ווייזן א ברייטערע פּאַנאָראַמע און טאַקע לעבעדיקע העלדן, בויער פון נייעם לעבן? ביז איצט האָבן מיר נישט קיין ברייטע ליוונט, וואָס זאָל אונדז אַרויסברענגען דעם וווּקס פון מענטש אין קאַמף, וואָס זאָל ווייזן ווי אַזוי פון נעכטיקן „פּראָפעסיאָנעלן" אַרבעטלאָזן, צי קרעמערל איז געוואָרן א שלאָגלער, ווי אַזוי דער ייד איז אַרויס פון ענגן וועלטל און האָט זיך דערפילט אַלס מיטבויער און מיטפאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן לאַנד. דאָס קאָן, פאַרשטייט זיך, קיין לירישע ליד נישט געבן, דאָס פאָדערט א פּאָעמע — און אַזוינס איז נאָך נישט פאַראַן. אויך די קאַפּיטלען פון טראַגישן, העלדישן נעכטן אין געטאָ האָבן נאָך זייער אמתן עפּישן תיקון נישט באַקומען.

ווי די זאַך זאָל נישט זיין, גייט ביי היינט צו טאָג אונדזער פּאָעזיע מיטן ריטם פון דער צייט.

אָבער פּאָעזיע דאָס איז געזאַנג פון געמיט, דאָס איז א דעליקאַטער שפּייז, און א ליטעראַטור מוז האָבן ברויט, טאָג־טעגלעך ברויט און — דאָס איז פּראָזע.

ווי־זשע זעט אויס די לאַגע אין אונדזער פּראָזע?

מע דאַרף זאָגן אָפן: מיר האָבן נישט קיין היינטצייטיקע יידישע פּראָזע. עס זיינען דערשינען פּראָזע־ביכלעך, אָבער זיי אַנקערן אין נעכטן

לויט זייער טעמע, און א טייל אפילו לויט זייער נאטוראליסטישן מעטאָד, מאַניר.

דאָס פּראָבלעם פון קינסטלערישׁ אַרויסברענגען די היינטצייטיקייט אין גרעסערע פּראָזע־לייוונטן איז דעצידירנדיק פאַר דעם ווערט און וואָג פון אונדזער גאַנצער ליטעראַטור און אָט צוליב וועלכע טעמים:

די ענדערונגען אין לעבן פון דער יידישער סביבה זיינען קאָלאָסאַל: דער פּראָצעס פון פּראָדוקטיוויזאַציע, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן בעת אונדזער געפונען זיך אויף דער סאָוויעטישער ערד — האָט אריינגעצויגן כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין דער אַרביטע פון פאַבריק, וואַרשטאַט און קאָאָפּעראַטיוו. דער יידישער אַרבעטער האָט ערשט איצט געקריגן די פולע מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין מלוכה־אונטערנעמונגען, אַרויסצוווייזן זיין שעפערישע איניציאַטיוו און פאַרנעמען וויכטיקע ערטער אין דער פּראָדוקציע, אין פּראָצעס פון פאַרשטאַרקן די אַרבעטס־פּראָדוקטיווקייט, פון דערפינדערישקייט און ראַציאָנאַליזאַציע. אַלזאָ, עס איז פאָרגעקומען א פולשטענדיקע איבערשיכטונג, עס איז אויפגעקומען א סיטואַציע, וואָס איז מיט גאָרנישט ענלעך צו דעם פינצטערן נעכטן אין סאַנאַטאָריש־אַזאַנישן פוילן. עס איז קלאָר, אַז די ענדערונגען פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן כאַראַקטער זיינען נישט געבליבן אָן השפעה אויף דער פּסיכיק. אָבער דער פּראָצעס פון איבערשיכטונג ווי דער פּראָצעס פון פּסיכישער איבערבויונג זיינען פון אַזא גרויסער דערקענטעניש־וויכטיקייט, אַז זיי מאָרן נישט אדורך אומבאַמערקט פאַר דער ליטעראַטור. די ליטעראַטור וואָלט דאָ טיפער געקאָנט באַזייניקן דעם איבערבוי־פּראָצעס, וואָס קומט טיילווייז פאַר אויף א סטיכישן אופן, און פאַרלייכטערן דאָס באַפרייען זיך פון די קליינבירגערלעכע צויטן, פאַראורטיילן און מיינונגען, וואָס שלעפּן זיך נישט איינעם נאָך ווי א פיינלעכע ירושה. ווי וויכטיק עס זאָל נישט זיין דער נעכטן, דאַרף אונדזער פּראָזע קודם כל ווענדן די בליקן צו דעם שוועבנדיקן היינט, — צו די נייע פּראָצעסן אין דער יידישער סביבה, און דורך דעם אויפדעקן דאָס אַלטע, וואָס לאָזט זיך נאָך דאָ און דאָרט מערקן, מיטהעלפן דער פאַרמירונג פון נייעם סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין.

עס האָבן זיך געביטן די באַגריפן פון „מיינס" און „נישט מיינס", „פּריוואַטס" און „מלוכהשס", די באַציונג צו אַרבעט, די השגות און פאַרשטעלונגען וועגן מענטש און וועלט, וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, דער קוק אויף יחוס, אויף ווירדע.

די אַרבעט איז איצט געוואָרן די זאַך פון כבוד, פון רום, פון

העלדישקייט (י. סטאלין). עס איז אויך פולשטענדיק אייגנעבראכן געווארן די נאציאנאלע מחיצות.

ווי־אזשע האבן מיר דאס אלץ פיקסירט אין דער פראזע? די רעפארטאזשן, וואס באווייזן זיך דא און דארט זיינען נאך רוי, נישט אנציטענדיק און נישט פארטיפט. ווייזן וויאזוי מענטשן, וואס האבן זיך געפילט פרעמד און עלנט אין פארמלחמהדיקן פוילן, זיינען געווארן א טייל פון א גרויסן, באגייסטערטן ארבעטער־קאלעקטיוו, זיך דערפילט אלס שרייפל אין דעם גרויסן מעכאניזם, וואס הייסט מלוכה פון ארבעטנדיקע, זיינען געווארן מענטשן שטאלצע און פרייע — איז א גרויסע און וויכטיקע אויפגאבע, און דאס איז צום אויסדרוק נישט געקומען.

פון וואנען נעמט זיך אזא דערשיינונג? פארוואס האבן מיר נאך נישט קיין איין היינטצייטיק ביכל פראזע? פארוואס ציט אונדזערע שרייבער מערסטנטייל צו בילדער פון ווייטן אמאל? (נישט פון קאמף אין געטא, נישט פון אויפשטאנד, נאר צום פארמלחמהדיקן אמאל) דער ענטפער איז דא גאר א פשוטער: עס איז, פארשטייט זיך, פיל לייכטער צו שילדערן א ווירקלעכקייט, וואס האט א שטיינערישע אנשיכטונג, וואס וואקסט ארויס פון דער אייגענער אוממיטלבארער דערקענטעניש. פאר א פראבלעמען־ליטעראטור, איז עס אפשר נישט אזוי וויכטיק, ווי פאר א שילדערישער, א שטייגערישער, און אונדזער ליטעראטור איז מערסטנטייל א שילדערישע. מיטן איינברעכן זיך פון שטייגער, מיטן אויפקומען פון גאר אנדערע סיטואציעס, צווישן־מענטשלעכע פארהעלטענישן — איז די לאגע פון שילדערער באשווערט געווארן. איצט איז ממש אוממעגלעך צו געבן א שילדערונג פון א יידישן ארבעטער אפגעזונדערט פון דער פוילישער ווירקלעכקייט און פון פוילישן ארבעטער און דאס פאדערט א פולשטענדיקע איבערבויונג פון שרייבער־ווארשטאט, עס פאדערט זיך אן אנדערע לעקסיק, אן אנדערע מיליע, אנדערע באגריפן, אנדערע מעסטרס פון חשיבות, קינסטלערישקייט א. א. וו. און דאס איז, פארשטייט זיך, נישט לייכט צו דערגרייכן, דאס פאדערט געגנוי דערלערנען די נייע סביבה, עס פאדערט זיך די קענטעניש פון די ארבעט־באדינגונגען, ארבעט־פארהעלטענישן, ארבעט־קאנפליקטן, וואס זיינען גאר פון אן אנדער מאטעריע ווי אמאל. צום באדויערן איז נאך דער יידישער שרייבער ווינציק באהאווגט אין דעם נייעם. דאס שטערט דעם אויפקומען פון א היינטצייטיקער פראזע און באדינגט דעם פאקט, וואס אונדזערע פראזאיקער ציט מער צו שילדערן בילדער פון חרובן איינגעפונדעוועטן געכמן, איידער געבן בילדער פון היינט, הגם ער איז פול מיט דער נרעסטער סימפאטיע צו די בויער פון

אונדזער לאַנד. דאָס פּראָבלעם איז אויך געשטאַנען אין דער פּוילישער ליטעראַטור אפשר נאָך מיט מער שאַרפקייט, ווייל די פּוילישע ליטעראַטור פון דער צווישן־מלחמה־צייט איז מערסטנטייל געווען א פּסיכאָלאָגיסטישע, אָבער די פראַגע איז געלייזט געוואָרן דורך איינאָרדענען 10 חדשימדיקע און יאָריקע ארויספאָרן פון די שרייבער אין וויכטיקע ארבעטס־צענטערן און אונטערנעמונגען. עס זיינען אויך צוגעקומען שרייבער פון דער ארבעטער־סביבה גופא און אריינגעטראָגן זייער טעמאַטיק. ביי אונדז איז אויף דעם געביט דערווייל גאָרנישט געטאָן געוואָרן. און דאָס לאָזט זיך פילן, שטאַרק אָפּפילן, ווייל דערווייל שטעקן מיר נאָך אין דער געטאָ־טעמאַטיק.

א גרויס, א רייך פעלד פון קינסטלערישער געשטאַלטיקונג, צענדליקער נייע, פּאָזיטיווע העלדן וואַרטן אויף קינסטלערישער פיקסירונג. העלדן, וואָס זיינען אימשטאַנד צו באַגייסטערן און מיטרייסן, צו העלפן פאָרמירן דעם נייעם מענטש — און עס האָט זיך נאָך נישט געפונען דער שרייבער, וואָס זאָל דאָס פעלד נעמען צעאַקערן. בלויז ווען מיר וועלן דעקן דעם חוב, וועלן מיר קאָנען האַלטן, אז אונדזער ליטעראַטור איז א היינטצייטיקע, שטייט אויף דער הויך פון די פאָדערונגען פון אונדזער סאָציאַליזם־בויענדיקער ווירקלעכקייט.

דאָס זעלביקע, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער פּראָזע לאָזט זיך אויך זאָגן וועגן דער דראַמע: אונדז פעלט נאָך אַן היינטצייטיקע יידישע דראַמע. דער ביז גאָר געלונגענער דעביוט פון דיאַמענטן מיט זיין „אין א ווינטער־נאַכט" איז געווען דערפרייענדיק, ווייל דער מחבר האָט פאַר אונדז אָפּגעדעקט א שטיק פון דער אָקופּאַציע־וואָר אויפן דאָרף, געזען דורך דער קלאַסן־פּריזמע. עס איז אָבער אָקופּאַציע־ווירקלעכקייט און נישט אונדזער ה יי נ ט ־ צ יי ט י ק ע ווירקלעכקייט. און וויפל היינטצייטיקע אמת דראַמאַטישע קאָנפליקטן עס וואַרטן אויף זייער באַאַרבעטונג! עס זיינען געווען משפּחה־טראַגעדיעס צוליב דער ארויספאָר־בהלה. קינדער זיינען אוועק פון עלטערן, ווייבער פון מענער, זיי זיינען געקומען אין „אייגענעם לאַנד" און דערזען ווי אינדערהיים זיי זיינען געווען אין פּוילן און ווי פרעמד זיי זיינען „ביי זיך" — נאָר ווו נעמט מען כאָטש דעם גאָרדין, וואָס זאָל עס ארויסברענגען? און צי פאַרמאָגט אין זיך נישט קיין דראַמאַטישע אָנלאָדונג אַזאַ קאָנפליקט פון אוועקוואַרפן דאָס אייגענע קרעמל און אָנהייבן אריינוואַקסן אין אַן ארבעטער־קאָלעקטיוו, צי דאָס פּראָבלעם פון איינגיין אויף א געמישטער חתונה ביי עלטערן, וואָס האָבן נאָך נישט אויסגעלעבט זייערע אַלטע השגות? ניין, דאָס אויסרעכענען וואָלט פאַרנומען צופיל צייט, וויכטיק איז צו זאָגן:

דראַמאַטישע קאָנפליקטן זיינען פאַראַן, עס זיינען אָבער נישט פאַראַן די כוחות, וואָס זאָלן זיי אויפהייבן און געשטאַלטיקן, און דאָס פאַרערגט אונדזער פרעכטיקער יידישער טעאַטער, זיין מאַסן־באַזוכער, פונקט ווי עס וואַרט אויף א דראַמאַטישער פאַרקערפּערונג דער אויפשטאַנד אין וואַר־שעווער געטאָ, א טעמע, וואָס האָט א געוואַלדיק גרויסע נאַציאָנאַלע באַ־דייטונג.

עס קאָן אנטשטיין די פראַגע: צי האָבן מיר די כוחות, וואָס זיינען אימשטאַנד דאָס צו רעאַליזירן?

כ'מיין, אז יאָ! מיר פאַרמאָגן נישט קיין גרויסע שרייבער־גרופּע, אָבער ביי ערנסטערער איבערט איבער זיך, וואָלט זי געווען אימשטאַנד צו געבן די דערוואַרטע און געגאַרטע ווערק. ווייל נישט געקוקט אויף דער גרויסער צאָל „יונגע" שרייבער, ס'הייסט אזעלכע, וואָס האָבן ערשט פאַרעפנטלעכט זייערע ערשטע ביכלעך, קאָנען מיר רעדן וועגן דער העכערער קוואַליטעט פון אונדזער ליטעראַטור, ווייל זי שילדערט א העכערע געזעלשאַפטלעכע אנטוויקלונגס־שטופע, זי איז פאַרבונדן מיטן זיך־בויענדיקן הייַנט און שוווּנגפולן, פרידלעכן מאָרגן. אין דער צייט, ווען פון דעם שאַפן פון די מערבדיקע פאָרמאַליסטן, פילט זיך דער טויטן־גע־רוך פון צעליינונג; אנקעגן אונדזער ליטעראַטור אין לעבן און וואַקסט אַרויס פון לעבן. מיר קאָנען קוקן און שעפּן פון דער ווירקלעכקייט, אויסגעפינען אין איר אָן באַזונדערן אָנשטרענג דאָס שיינע און דער־הויבענע, וואָס זי פאַרמאָגט, דעם פּאָזיטיוון העלד פון אונדזער צייט, ווייל אזא איז דאָס לעבן ביי אונדז, וואָס געבוירט טאָג־טעגלעך נייע העלדן פון אַרבעט, פון שאַפן.

## דאָס פּראָבלעם־אָפּקלייב

פילנדיק די אחריות פון פאַרמירן דעם סאָציאַליסטישן באַוווּסטזיין ביים אַרבעטס־מענטש, באַזירן מיר זיך אויף אלדאָס שענסטע און בעסטע פון די פריערדיקע דורות און קודם־כל פון די קלאַסיקער. און דאָס צו־ליב עטלעכע טעמים: קודם לערנען מיר זיך ביי זיי מייסטערישקייט, די פעיקייט צו געבן ברייטע, טיפישע, קינסטלערישע ליַונגטן, צווייטנס, פאַרמאָגן זייערע ווערק הויך־הומאַניסטישע ווערטן, וואָס קאָנען העלפן געשטאַלטיקן דעם נייעם מענטש, און דריטנס דינט פאַר אונדז זייער שאַפן ווי א מעסטער פון דעם מהלך, וואָס עס האָט אדורכגעמאַכט דער יידישער פאָלקס־מענטש פון יענע צייטן אָן.

אונדזער פּאָעזיע קאָן דערייסט זאָגן, אַז זי בינדט אָן איך די שיינע טראַדיציעס פון דער יידישער רעוואָלוציאָנערער לירק, וואָס עס האָבן רעפּרעזענטירט די אַמעריקאַנישע פּראָלעטאַרישע שרייבער: באָוושאָווער, ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, מ. ראָזענפעלד, אָלגין און אנד. מיר וועלן זיך אומאויפהערלעך צו אונדזער קלאַסיק: צו מענדעלען, שלום־עליכמען און באַזונדערס צו פּרצן. די באַשעוויס, מוקדונים און אייב קאַהאַנס אין אַמעריקע, ווי די זרובבלס אין ישראל, ווילן זיך אָפּטרייסלען פון די קלאַסיקער, ווייל זיי וואָלטן וועלן אָנהאַלטן אַזעלכע באַגריפן, זיטן און מיינונגען אין יידישן לעבן, וואָס זיינען שוין דורך די קלאַסיקער מיט 60—50 יאָר צוריק אויסגעלאַכט און דעמאַסקירט געוואָרן. מיר לערנען זיך ביי די קלאַסיקער ציל־געוואוּסטקייט, אחריות פאַרן וואָרט, הויכן הו־מאַניזם און דאָס אַרויסברענגען כאַראַקטעריסטישע טיפּן פון דער צייט, דאָס שעפן פון פאָלקס־מאָטיוו, פאַרבונדן זיין מיטן לעבן פון דער צייט און מיט די פּראָבלעמען פון דער צייט.

זיי, די קאַפּיטאַליסטישע באַדינער, האַסן דעם רעאַליזם, ווייל געבן אַ רעאַליסטיש בילד פון איצטיקן אַמעריקע, צי ישראל הייסט אויפדעקן די גאַנצע צעפוילטקייט און פּאַראַזיטישקייט פון דעם סיסטעם, הייסט ווייזן די קלאַסן־אַנטאַגאָניזמען, וואָס זיינען אַזוי צעגליט, אַז זיי דראָען מיט אויפרייס... הייסט ווייזן דעם בלוטיקן פּרצוף־פּנים פון די מלחמה־העצער. דער אמת, דער רעאַליסטישער אמת, איז זייער טויטן־שונא, און דערפאַר זוכן זיי אַרויסצוהייבן דאָס אַלץ, וואָס פעלשט די ווירקלעכ־קייט, וועקט די נידעריקסטע אינסטינקטן, שלעפּט אויף צוריק. עס איז דאָך נישט קיין צופאַל, וואָס דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין אַמעריקע, ווי דער אוניווערזיטעט אויף דעם הר־הזיתים, האָבן אויף זיך אַרויפגעצויגן דאָס פרומע קאַפּל...

מיר וועלן אונדזערע בליקן צו אַלץ, וואָס איז רעאַליסטיש אַרויס־געבראַכט געוואָרן אין די פריערדיקע צייטן, דעריבער וועקט אונדזער אינטערעס דאָס שאַפן פון די משכילים, די קלאַסיק און די שאַפונגען פון נאָכקלאַסישן פּעריאָד, וואָס האָבן אַ גרעסערן דערקענטעניש־ווערט. עס איז אונדזער חוב צוטראָגן פאַרן יידישן לייענער דאָס שאַפן פון י. מ. ווייסענבערג, דאָס בעסטע, וואָס לאָזט זיך אַרויסנעמען ביים ראָ־מאַניסט שמעון האָראָנטשיק, ביי קאַציזנען, מיצמאַכערן, מ. בורשטינען און אַנדערע. פאַר אונדז זיינען די רעאַליסטישע שאַפונגען, וואָס האָבן אויפגעדעקט דעם אויפוואַכנדיקן באַוווּסטזיין ביים יידישן אַרבעטס־מענטש, וואָס האָבן געוויזן דעם קליינבירגערלעכן און בורזשואַזן זומפּ, וואָס האָבן פיקסירט דעם מאָמענט פון אויפקומען פון יידישן אינדוס־

טריעלן פּראָלעטאַריאַט, די קאַמפן פון 1905 יאָר, די שאַפונגען, וואָס אַטעמען מיט פּוילישן פּייזאַזש און פּוילישן טיפּאַזש, פון גרויסן אינטע־רעס און ווערט, און זיי דאַרפן צוגעטראָגן ווערן דעם נייעם לייענער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז נייטיק אַן ערנסטע סעלעקציע, אַ קריטישע באַהאַנדלונג און קריטישער אַפּקלייב, אַרויסנעמענדיק דאָס אַלץ, וואָס קאָן פאַרברייטערן דעם האָריזאָנט פון אַרבעטער און יוגנטלעכן, דאָס אַלץ וואָס גיט אַ ווירקלעך בילד פון יידישן לעבן אין יענער צייט, וואָס שטעקט נישט אין נעפּל פון נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק, אין שפּינוועבס פון פאָרמאַליזם, אין שווארצן אָפּגרונט פון דעקאַדענס, נאָר — רייסט אַראָפּ דעם כל־ישראל־שלייער פון אַמאָליקן יידישן שטעטל, ווייזט דעם קלאַסן־קאַמף אין דער יידישער סביבה, דאָס אָנרייפן פון קאַמפס־ווילן און קאַמפּס־באַוווסטזיין ביי דעם יידישן האָרעפּאַשניק, וועלכער האָט געליטן פון טאָפּלטער אונטערדריקונג: סיי אַלס ייד און סיי אַלס אַרבעטס־מענטש; וואָס ווייזט דעם פּראָצעס פון שטייגנדיקער פּראָלעטאַריזאַציע אין דער יידישער סביבה און איך צוזאַמענהאַנג דערמיט די אויסבילדונג פון שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, און דעם אויפקום פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אויף די ווירקלעכע בילדער, אויף די דערהויבענע הומאַניסטישע אידעאַלן, מיט וועלכע עס זיינען באַהויכט די בעסטע שאַפונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט וועלן מיר לערנען און דערציען, העלפן באַזייטיקן דעם יידישן אַרבעטס־מענטש פון פּוילן.

דאָס בילד פון נעכטן, און דאָס סאָציאַליסטיש־רעאַליסטישע בילד פון היינט, דאַרפן העלפן פאָרמירן דעם נייעם מענטש, דעם נייעם טיפּ ייד ביי אונדז אין פּוילן.

לאָדזש, 1949 י.

# די פּרע־טראַדיציע

אין אונדזער תקופה פון בויענדיקן סאָציאַליזם, ווען דער אַרבעטער־קלאַס בראש מיט דער מאַרקס־לענינישער פּאַרטיי שאַפט די נייע סאָציאַליסטישע קולטור, איז ביז גאָר שטאַרק געשטיגן סיי די חשיבות און סיי די אחריות פון קינסטלערישן וואָרט. געשטיגן סיי צוליב דעם, וואָס די ליטעראַטור איז געוואָרן, פון אַ פאַרוויילונגס־שטאָף פאַר אַ הייפל זיך לאַנגווײלנדיקע „אינטעליגענטן" און מפונקים, אַ מאַסנגעברויך־אַרטיקל. דער מאַרקסיזם־לעניניזם טראַקטירט די ליטעראַטור, ווי אַ פּסיכאָאידעיִשן פאַקטאָר פון גרויסן באַדײַט. די ליטעראַטור דאַרף העלפן באַזיניקן און באַגייסטערן פאַר דאָס נייע, שיינע, דערהויבענע, דאַרף פּלאַסטיש ווייזן די איבערגעשטאַלטנדיקע וואָר און די מענטשן פון דער נייער וואָר, ווי אַזוי אין פּראָצעס פון אַרבעט, ווערט איבערפאָרמירט די פּסיכיק, ווערט געשאַפן דער נייער מענטש פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אַ באַזונדערס וויכטיק אָרט ווערט געשענקט דעם פּראָבלעם פון איבערנעמען די בעסטע און שענסטע טראַדיציעס פון דער קלאַסישער ירושה, וועלכע קאָנען בייהילפיק זיין ביים פאָרמירן דעם באַוווּסטזיין און דאָס געפיל פון נייעם מענטש, קאָנען בייהילפיק זיין דעם שרייבער אין אויסגעפינען די סאַמע פּאַסיקע, אַדעקוואַטע מיטלען אויף אַרויסצוברענגען דעם העלד פון אונדזער צייט — דעם אַרבעטס־מענטש, דעם ראַציאָנאַליזאַטאָר און דערפינדער, דעם מענטש פון סאָציאַליסטישן פאַרמעסט.

ווען מיר קומען צו צו דער קלאַסישער ירושה, טרעפן מיר זיך אָבער אָן מיט דער נייטיקייט צו רעווידירן די אַלטע פאַרשטעלונגען וועגן באַטרעפנדיקן שרייבער, צי קלאַסיקער. ווייל עפּעס אַנדערש האָט אין דעם שרייבער געזוכט די בורזשואַזע קריטיק, עפּעס אַנדערש זוכן, און געפינען מיר. ווייל סתם שבחים, צי בראָנזירונג איז פרעמד דער וויסנשאַפטלעכער קריטיק און די בורזשואַזע קריטיק האָט אַנדערש נישט געקאָנט און נישט געטאָרט צוגיין...

אין משך פון דער קורצער צייט פון דער קולטור־רעוואָלוציע ביי אונדז אין לאַנד האָבן מיר שוין צו פאַרצייכענען די נייע קאַנטורן פון מיצקעוויטש און סלאָוואצקין, פון אַזשעשקאָוון און זשעראָמסקין א. א. וו., וועלכע דערשיינען פאַר אונדז אין זייער אייגנטלעכער גרויס. אָט די רעוויזיר־אַרבעט איז גלענצנדיק אדורכגעפירט געוואָרן דורך דער וועג־ווייזערישער סאָוויעטישער מארקסיסטישער קריטיק, פאַר וועלכער עס האָט געלויכטן אלס גרויסער מוסטער לענינס גענ״אלער אנאליז פון טאָלסטאָיס שאפן. זיי, די „קאַזיאָנע” קריטיקער האָבן טאָלסטאָיס באדיי־טונג געזען אין „נאציאָנאַלן געוויסן”, ארויסגעהויבן זיין „פילאָ־זאָפיע” פון „נישט אנטקעגנשטעלן זיך דעם בייז”, לענין האָט אין טאָלסטאָיס שאפן ארויסגעהויבן ביינאַנד מיט זיין מייסטערישקייט קודם־כל דאָס, וואָס ער האָט אָפגעשפיגלט די רעוואָלוציע פון נאָך דער אגראַר־רעפאָרם.

עס איז קלאָר, אז ביי א ליטעראטור, וואָס האָט נישט געהאט אזעל־כע גענ״אלע, פראָגרעסיווע קריטיקער, ווי ביעלינסקי, דאָבראָליובאָוו, טשערנישעווסקי, שטייט דאָס פראָבלעם נאָך שאַרפער, און אין אונ־דזער אָפשאצונג פון דער יידישער קלאסיק איז קודם־כל נייטיק אראָפּ־נעמען דעם בראַנד פון דער בירגערלעכער קריטיק. באזונדערס איז עס וויכטיק צו מאַן — לגבי יצחק לייבוש פרצן.

עס איז וויכטיק קלאָר צו דעפינירן פרצעס באדייטונג, פרצעס אי־דעישן מהות, זיך קלאָר מאכן פון וואַנען נעמט זיך די דערשיינונג, וואָס מענטשן הימל־ווייטע פון די פרצישע דערהויבן־הומאניסטישע אידייען, פון זיין אינטימער פארבונדנקייט מיט אלדאָס פראָגרעסיווע, מענטש־באפרייערישע, קאָנען זיך האלטן אלס ווייטער־שפינער פון דער פרץ־טראדיציע, עס איז וויכטיק גענוי צו פאָרמולירן דאָס אייגנטלעך פרצישע, דאָס ווערטיקע און פראָגרעסיווע, וואָס זיין שאפן, ווי זיין לעבנסגאנג פאָרמאָגט. פאַר די יידישע שרייבער אין פוילן, פאַר די, וואָס האָבן זיך אקטיוו געשטעלט ביי דער בוייונג פון דער נייער סאָציאליסטישער וואָר ביי אונדז אין לאַנד נעמט נאָך די אויפגאבע אָן א באזונדערע אקטוא־ליטעט צוליב דעם, וואָס פרץ איז דער פוילישסטער נישט נאָר לויט זיין אָפשטאם, נאָר לויט זיין פראָבלעמאטיק און קולטור־מהות, יידישער שרייבער.

* * *

פרץ איז פארהעלטנישמעסיק שפעט אריין אין דער ליטעראטור. די ערשטע גרעסערע זאך, וואָס ער האָט אָפגעדרוקט אין שלום־עליכמס

„פאָלקס־ביבליאָטעק איז די פּאָעמע „מאָניש" (1888), ס'הייסט ווען ער איז אַלט געווען 37 יאָר (געבוירן געוואָרן אין 1851). ביז דער צייט געשריבן פּוילישע לידער, דערנאָך העברעישע און יידישע, זעלטן זיך געדרוקט. אַנדערש געזאָגט: דורכגעמאַכט אַ לאַנגע רייפונגס־צייט. אָבער שוין אין די לידער, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט ביז זיין אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור, זעען מיר זיין באַוויזטקסטייט דורך דער יידישער אויפקלערונג (השכלה). און אַזוי אין זיין ערשטן געדרוקטן העברעישן ליד פון 1875 „השותפות" טרעט ער שאַרף אַרויס קעגן דעם צדיקישן פּאַראַזיטיזם און צבועקישקייט, און ווי ס'איז זיין באַציונג צו דעם קלעריקאַליזירטן לעבן איז קלאָר צו זען פון אַזאַ פאַרגלייך אין זיין ליד: „פינצטער ווי אין אָרון־קודש"...

פּרץ, וואָלט אפשר געווען אַזאַ ווי עס ווינטשט זיך אים צו זען די יידישע בורזשואַזע קריטיק, אָבער שוין פון בית־המדרש־באַנק, פון די יינגסטע יאָרן פייניקט אים דער אומרו, די גאַרונג צו פאַרענטפערן די פּראָבלעמס פון לעבן און טויט, פון גערעכטיקייט און אומרעכט, פון פאַרברעכן און שטראָף. ער זוכט די פאַרענטפערונג אין די פאַרשידענע תלמודישע און מיסטישע ספרים, און ווען ער געפינט נישט קיין באַפרידיקנדיקן ענטפער ווענדט ער זיך אין דער שטיל צו דער לעקטור אין אַנדערע שפּראַכן, וועלכע ער דערלערנט אויף אַן אויטאָדידאַקטישן אופן. ס'איז די צייט, ווען פּרץ קען בעסער פּויליש ווי יידיש, ווען ער געפינט זיך אין ענגן קאָנטאַקט מיט באַטייליקטע אין יאַנואַר־אויפשטאַנד, ווען דאָס פּראָבלעם פון פּוילנס באַפרייונג, פון קאַמף קעגן דער צאַרישער אונטערדריקונג פאַרנעמט ביי אים אַ חשוב אָרט, און ווען אַלע פּרוּוון פון דער משפחה פון אים צו מאַכן אַ לייט, ס'הייסט אַן אונטערנעמער אָדער סוחר, געלינגען נישט — און פּרץ ווערט אויף אַ שטיקל צייט אַ פּריוואַט־אַדוואָקאַט.

אויף וויפל פּרץ איז דאַן ווייט געווען פון דער יידישער ליטעראַטור אילוסטרירט פאָלגנדיקער קוריאָז: ער האָט דערוויסנדיק זיך וועגן שלום־עליכמען געשריבן צו אים אַ בריוו פאַרבייטנדיק אים מיט מענדעלען. אַנדערש געזאָגט, ער האָט שלום־עליכמען נישט געלייענט און מענדעלען האָט ער געקענט לויט קלעמענס יונאָשאַס פּוילישע איבערזעצונגען פון „מסעות בנימין השלישי" (ביי יונאָשאַן: „זשידאָווסקי דאָן קיכאָט") און די „קליאַטשע" („קליאַטש").

פאַראינטערעסירן זיך מיט דעם יידישן פאָלקלאָר, מיטן יידישן פאָלקס־לעבן קומט אים אויס ערשט דאַן, ווען ער פאַלט אַריין אין דער

סביבה, וואָס האָט זיך גרופירט ארום יאַן קאַרלאָוויטשס „ווִיסלאַ" [1]) און דאַן צום סוף פון די אכציקער יאָרן קומט פּרץ אריין אין דער יידישער ליטעראַטור ווי א רייפער קינסטלער מיט א זאַפטיקן, אייגנאַרטיקן סטיל, מיט א קלאָר פּרעציזירטער שטעלונג צו יידיש, ווי צו א פאָלקס־שפּראַך, און צו די אויפגאַבן פון דער ליטעראַטור. ער שרייבט דאַן אין זיין בריוו צו שלום־עליכמען:

„איך קוק נישט אויפן „זשאַרגאָן" ווי אויף א כלי שני און נישט ווי אויף א פאַרמיטלונג, וואָס גייט אריבער. איך וויל, עס זאָל ווערן א שפּראַך, און דעריבער דאַרפן מיר פאַרברייטערן און פאַרמערן אירע אוצרות און צוגעבן יעדע רגע אַלץ נייע אויסדרוקן, אז דער שרייבער זאָל נישט זאָגן: מיר איז ענג דאָס אָרט...".

„...און דאָס איז דאָך דער צוועק פון דעם ליד — נישט אויסצודריקן דורך מליצהס דאָס באקאַנטע, נאָר אויפצוזוכן נייע היממלען, צו שאַפן פאַרן פאָלק נייע באגריפן, אריינצודרינגען צו אים מיט נייע געדאַנקען, און נישט איבערדערציילן דאָס אַלטע און פאַרעלטערטע" (אונטערגעשטראָכן — ש. ל.).

אזא איז געווען די שטעלונג פון פּרצן גלייך בעת זיין אריינטרעטן אין דער יידישער ליטעראַטור און דעם פּאָסטולאַט איז ער געטריי געווען זיין גאַנץ לעבן. פּרצעס קאָנטאַקטן מיט די „63"־ער, מיט דעם אַדוואָקאַט יוסף קירשראָט־פּראַוויצקי, וועלכער איז געווען דער יידישער קאָנסיל־טאַנט און פאַרטרויונגס־מאַן פון באַנקיר יאַן בלאָך, (וועלכער האָט טראָץ דאָס אָנגענומען דעם פּראָטעסטאַנטישן גלויבן זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן), סיי מיט שמואל אַדעלבערגן, וועלכער איז שפּעטער בארימט געוואָרן א דאַנק זיין מאָנומענטאַלער זאַמלונג פון פּוילישע שפּריכווערטער (1894), פאַר וועלכער ער האָט גע־קריגן די העכסטע אויסצייכענונג פון דער קראָקעווער אקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפטן, מיט איגנאַץ בערנשטיינען, קורץ, מיט די קרייזן, וואָס האָבן אונטערשטיצט יאַן קאַרלאָוויטשס „ווִיסלאַ". זיי האָבן עס דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון די ערשטע בענדער פון פּרצעס „יידישער ביבליאָטעק" (1891), ווו פּרץ גיט שוין א פיל ברייטערע און אַנדערע דעפיניציע פון בילדונג, ווי עס האָבן געטאָן די משכילישע פאָרגייער. אין זיין אריינפיר־אַרטיקל „בילדונג" זאָגט פּרץ:

---

[1]) עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אז דער באַריטמטער פאָלקלאָריסט יאַן קאַר־לאָוויטש האָט בכלל דער ערשטער פאַראינטערעסירט די יידישע אינטעליגענץ מיט זאַמלען יידישן פאָלקלאָר.

„מיר ווילן בילדונג, נאָר מיר מיינען נישט די בילדונג, פון וועלכער מען האָט אמאָל גערעדט. נישט די בילדונג, וואָס אנטוויקלט נישט הארץ און מוח, וואָס מאכט דעם מענטש נישט קלוגער, נישט בעסער, נישט פעיקער, נאָר בלאנזשירט אים אָפּ דאָס פּנים, לערנט אים בויגן זיך און בוקן, פיין פארשפּיצן דאָס בערדל און אָנרופן א הונט אויף עטלעכע לשונות". (דאָ האָבן מיר א דירעקטן אָנגריף אויף דער בורזשואזמשכילישער בילדונג — ש. ל.).

„מיר מיינען די בילדונג, וואָס מאכט פאבריקן, באנען, שאָר־סייען, בילדונג, וואָס לערנט ארבעטן, — זיך און דער וועלט צום נוצן, אויך די בילדונג, וואָס מאכט דעם מענטש ערלעך און גוט". און אין דריי יאָר ארום אין זיין פאָרוואָרט צום זאמלבוך „ליטע־ראַטור און לעבן" (1894) שרייבט פּרץ:

„מיר ווילן די אלגעמיין־מענטשלעכע פאָן נישט ארויסלאָזן פון דער האנט און מיר ווילן נישט זייען קיין שאָוויניסטיש ווילד־קרויט, קיין פאנטאסטישע דערנער און נישט דעם פערז פון בטלנישער פילאָזאָפיע. דעם אומקרויט ווילן מיר ארויסרייסן מיטן וואָרצל, אויס־האַקן די דערנער, דעם פערז פארברענען און זייען ריינע, מענטש־לעכע אידייען, ריין מענטשלעך געפיל און וויסן.

מיר ווילן אַקערן, באארבעטן און פארזייען אנדזער שטיק פעלד, ווייל מיר גלויבן פעסט, אז דער צוקונפטיקער אלגעמיינער שפייכלער וועט שפייזן אלע הונגעריקע צוגלייך! מיר גלויבן, אז געוויטער, שטורעם און רעגן מוזן פארבייגיין, עס מוז קומען די צייט, און די ערד וועט אונדז געבן איר קראפט, דער הימל — וואַרעם און ליכט... און מיר ווילן נישט, אז אין שניטער־צייט זאָל אונדזער פאָלק שטיין פון וויטנס, אין יום־טוב באוויינען פארלוי־רענע יאָרן און פארשעמט בעטלען פרעמד ברויט פון פרעמדן בלו־טיקן שוויס...

מיר ווילן אויך אריינפירן אביסל קאָרן און ווייץ אין שפייכ־לער אריין; מיר ווילן אויך באלעבאטים זיין, אָרעמע באלעבאטים, נאָר נישט קיין בעטלער...

מיר ווילן, דער ייד זאָל זיך פילן אלס מענטש, ער זאָל אָנ־טיילנעמען אין אלעם, וואָס מענטשלעך איז, מענטשלעך לעבן און שטרעבן, און — באליידיקט, זאָל ער זיך פילן באליידיקט אלס מענטש"!.

אזא קרעדאָ איז געווען פרעמד דעם פובליציסט.

עס איז אָבער נישט שווער זיך איבערצוציינגן, אז סיי אין זיין טע־טיקייט פון די 90־ער יאָרן, ווען ער פלעגט קומען אויף ארבעטער־קרייזן, און אפילו געזעסן דערפאר אין צענטן פאוויליאָן אין ציטאדעל, סיי אין זיין ליטעראַרישער טעטיקייט ביז און בעת דעם 1905־טן יאָר איז ער אין פולן איינקלאַנג מיט אַט די פּראָגרעסיווע רעוואָלוציאָניזירנדיקע פּאָסטו־לאַטן. נישט געקוקט אויף זיין גנדישן אָפּשטאַם, איז ער מיט אלע פיבערן פון זיין נשמה געווען מיט די דאָפּלט־אונטערגעדריקטע פאָלקס־מאַסן, מיט דער דערשלאָגענער יידישער פרוי, געזוכט און געפונען דאָס סאמע מענטשלעך־שיינע און דערהויבענע, די ליכטיקסטע שטריכן, פונקט ווי נאָרקי, ביי די מענטשן פון געזעלשאפטלעכן דעק, ביי די מענטשן פון ארבעט און נויט.

* * *

יצחק לייבוש פּרץ האָט ארויסגעבראַכט אין זיינע פּראַקטיק גע־שליפענע, ביז גאָר קורצע, נאָוועלן זייער פיל אידעאַלע מענטשן. עס איז אָבער ביי אים נישט פאַראַן די מינדסטע אידעאַליזאַציע פון יידישן לעבן. פּרץ האָט געגאַרט, געשטרעבט מיט זיינע ווערק צו לערנען דאָס פאָלק, עס דערהייבן, וויינענדיק די שיינקייט פון טיף־עטישע געשטאַלטן, פון פולווערטיקע ווילנס־שטאַרקע ייד־מענטשן.

אָבער פּרצעס געניאַלער מוח האָט קלאָר באַנומען, אז די דאָזיקע דערהייבונג קאָן נישט און וועט נישט קומען א דאַנק שיינע, צי פרומע שפּרוכן, נאָר קאָן פאַרווירקלעכט ווערן בלויז אין רעזולטאַט פון רעוואָלו־ציאָנערע איבערגעשטאַלטיקונגען.

אין זיין נאָוועלע „ביים פּאַקיר" לייענען מיר:

„עס וועט קומען אמאָל א צייט פון נראָדע מענטשן; מיט הארטע מארכביינער, פון מענטשן, וואָס וועלן נישט וועלן און נישט קאָנען זיך בייגן"... אָבער די צייט, וואָס וועט אויסגלייכן די רוקנס פון די יידן, זיי אויפהייבן פון לעטאַרג־שלאָף, וועט אויך אויפ־הייבן אלעמען, „ווייל נאָר שטיל וועט זי נישט קומען" (אונטערגע־שטראָכן דורך פּרצן).

אין דער פאָלקסטימלעכער נאָוועלע „משיחס צייטן" קומט ווידער אויף פּרצעס טרוים וועגן „מענטשן מיט פליגל", מענטשן פאַרקוקטע אין דער הייך און ווייט, וועגן מענטשן, וועלכע ס'זיינען פרעמד די קליינע השגהלעך... און ער איראָניזירט ביטער איבער אָט די קריכיקע פּאַר־תכליתטע באַשעפענישן.

אָט גיט ער דריי דורות, ווי אזוי זיי רעאַגירן אויף דער ידיעה, אז עס איז געבוירן געוואָרן א קינד מיט פליגל:

— פֿליגל — ענטפֿערט דער אַלטער שטרענג — הייבן אין דער הייך... מיט פֿליגל קאָן מען זיך נישט דערהאַלטן אויף דער ערד.

— אַ וויכטיקע זאַך — מאַכט דאָס אייניקל טראַכטיק — איז מען פּטור דעם מושב, וואָלגערט מען זיך נישט אין דער בלאָטע, לעבט מען אין דער הייך... צי איז דען דער הימל נישט שענער פֿאַר דער ערד?

דער אַלטער ווערט בלאַס און דער מיטעלער נעמט דאָס וואָרט:

— נאַריש קינד! פֿון וואָס קאָן מען לעבן אין דער הייך? לופֿט שלינגען איז ווייניק. אין דער הייך איז נישטאָ צו דינגען אַ קרעטשמע, אין דער הייך קאָן מען נישט איבערנעמען קיין געשעפֿטן... אין דער הייך האָט מען אַפֿילו נישט ביי וועמען אַ האָזן־פּעלצל צו קויפֿן... אין דער הייך...

דער אַלטער שלאָגט אים איבער:

— אין דער הייך — זאָגט ער פֿעסט און האַרט ווי אייזן — איז נישטאָ קיין שול, קיין בית־המדרש צו דאַווענען, צום לערנען, אין דער הייך איז נישטאָ קיין אויסגעטרעטענער שטעג, אין דער הייך בלאָנקעט מען זיך, בלאָנדזשעט מען, ווייל מען ווייסט נישט דעם וועג, מע איז מאַקע אַ פֿרייער פֿויגל, אָז עס באַפֿאַלט אָבער אַ ספֿק, אַ מרה־שחורה!...

— ווי הייסט? — שפּרינגט אויף דער ייִנגסטער מיט הייס בלוט און ברענענדיקע אויגן.

ליידער קומט ער נישט צום וואָרט. די באָבע האָט איבער:

— נאַרישע מאַנסבילן! — מאַכט זי — וועגן וואָס זיי קלערן... און דער רבֿ: צי וועט דער רבֿ לאָזן מל זיין? צי וועט ער לאָזן אַ ברכה מאַכן איבער אַ קינד מיט פֿליגל...".

ווי מיר זעען, לייגט אריין פּרץ אין דער ראָמאַנטישער נאָוועלע, וואָס שלאָגט אָן אין די טראַדיציאָנעלע באַגריפֿן וועגן משיחן, אַ גאַנץ אַנדערן, סאַטירישן, אויפֿרייסעריש־רעוואָלוציאָניזירנדיקן אינהאַלט, ווייזט די כּחות, וואָס ווילן נישט דערלאָזן דאָס אויפֿקומען פֿון נייעם און דעם הויבענעם, אויפֿקומען דאָס, וואָס וויל פֿרייהייט, אַ ריינע לופֿט, איז זוייט פֿון די פֿאַרשידענע געשעפֿטלעך, פֿון די האָזן־פּעלעכלעך און האָזן־לעבן...

פּרץ האָט געוואָלט זען שטאָלצע, פֿעסטע יידן און אין אַ גאַנצער ריי נאָוועלן, ווי אויך אין דער „גאָלדענער קייט" דריקט ער אויס זיין ביטול צו דער ווידקלעכקייט פֿון „קליינע מצוותלעך און קליינע עבירה־לעך", פֿון „נסימלעך", און שטעלט אַרויס אומדערשראָקנקייט, קרבנות־

גרייטקייט, געוואגטקייט אלס די אייגנטלעכע שטריכן פון ווערטיקן מענטש. אזוי געפינען מיר אין זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", „דריי מתנות", צי אין „נסים אויפן ים" דעם לויב פאר מענטשן פון שטארקן ווילן, פון קרבנות־גרייטקייט, פאר מענטשן, וואָס אין נאָמען פון זייער אידעאל זיינען זיי גרייט אויף די גרעסטע פיינען, און שפעט בייסיק, אין „שבת־גוי", פון דעם כעלעמער רב און זיינע „צאן קדשים", וואָס אַנשטאָט זיך אנטקעגנשטעלן כוליגאנעריי, זיינען זיי אין זייער שוואכמוטיקייט גרייט דעם כוליגאַן צו באלוינען... אין זיין דראמע „די גאָלדענע קייט" קומט אפילו צום אויסדרוק די גרייטקייט צו גיין איבער די חורבות פון דער פארתכליתדיקטער וועלט, כבדי עס זאָל אויפקומען א דור פון „שטאָלצע שבת־יום־טובדיקע יידן" אין א באפרייטער וועלט. „וואָס וועט, — ווי עס זאָגט פרץ, — שטיל נישט קומען"...

פרץ האָט — ווי קיינער אין אונדזער ליטעראטור — מיט א גע־וואלדיקער ווירטואָזיטעט אויסגענוצט מעשהלעך פון אלט־יידישן פאָלקלאָר, פון פוילישן און אייראָפעישן, כבדי ארויסצוברענגען זיינע אידעאלן פון גערעכטיקייט, עניוות, נוטהארציקייט און ליבע צום מיטמענטש. עס איז א פעסטגעשטעלטער פאקט, אז נישט געקוקט אויף דעם פאָלקסטימלעך־יידישן סטיל און נוסח פון די נאָוועלן, זיינען אין די זאמלונגען „פאָלקס־טימלעכע געשיכטן" און „חסידיש" איבערגעדיכטעט געוואָרן נישט נאָר מאָטיוון פון אלט־יידישן „מעשה־בוך" (דערשינען אין זעכצנטן אָנהייב 17־טן י. ה.) און אנדערע מעשה־זאמלונגען און פאָלקלאָריסטישע מאָ־טיוון, נאָר נאָר היפש פון דער אייראָפעישער און פוילישער פאָלקלאָריס־טיק. אזוי איז די נאָוועלע „דער ארענדאר" באשטימט אויפגעקומען א דאנק דער זאמלונג „היסטאָריע זשימסקיע", ווו צווישן די 39 מעשות, וועלכע זיינען אגב אויך איבערזעצט געוואָרן אויף רוסיש (לעצטער פערטל פון 17־טן י. ה.) געפינט זיך די מעשה מיט דעם שטאָלצן קייסער יאָווי־ניאן, וועלכער איז פאר זיין גאווה און זעלבסטזיכערקייט, אז עס איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין רייכערער און שטארקערער פון אים — באַ־שטראָפט געוואָרן, פארלוירן אלץ און געדאַרפט נאָך אָפּקומען פאר די זינד... פרץ האָט די מעשה איבערגעטראָגן אויף א רייכן ארענדאר, זי פארייִדישט, זי שטארק סאָציאַל פארשפיצט, און צוגעגעבן דעם ספעצי־פיש יידישן קאָלאָריט פון שבת, פון פריין, און אלע אקסעסואַרן פון דער יידישער פאָרשטעלונג וועגן אליהו הנביא...

עס וועט דעריבער דאָ זיין אויף אָן אָרט פעסטצושטעלן, אז דאָס כאראקטעריסטישע פאר פרצעס שאַפן איז דאָס, וואָס ער נוצט באַוווסט־זיניק דעם טראַדיציאָנעלן געפעס (פאָרם), וואָס איז נאָענט געווען דעם

יידישן פאָלקס־מענטש, בכדי אים פון אינעווייניק אויפצורייסן און אריינצוגיסן רעוואָלוציאָניזירנדיקן אינהאלט: דאָס אָפּרייסן פון קליינלעך, באַלעבעטלדיק־אוטיליטארן און דערהייבן צו א וועלט פון ברידערלעכקייט, מענטשלעכקייט, באשיידנקייט, צו א וועלט פון גרויסע עטישע טאטן, גרויסע ווילן־אָנגעלאָדענע מעשים, גרויסע מענטשן און וועלט־באפרייערישע אידעאלן. און אויב די בירגערלעכע קריטיק הייבט ארויס אלס דעם עיקר די טראַדיציאָנעלע פאָרם, הייסט עס, אז זי נעמט בלויז דעם אויסערלעכן לבוש, דאָס שיינבארע פאר דעם ווירקלעכן, און מאכט זיך נישט וויסן, וואָס אונטער דער פאָרם געפינט זיך און, אז פּרצעס באנוצן דעם פאָלקסטימלעכן דערציילן־אופן און פאנטאסטיק איז א רעזולטאט סיי פון זיין באווירקטקייט פון פּוילישן ראָמאנטיזם, סיי א ווילן אמטיפסטן, אמשטארקסטן און ווירקזאמסטן צו גרייכן צו דער נשמה און הארץ פון פאָלקס־מענטש. עס איז דעריבער מעגלעך מיט דער פולער זיכערקייט צו זאָגן, אז דווקא פּרץ איז פון די שרייבער, וואָס זיינען אידעיש אמווייטסטן אוועק פון דער חסידיש־רבניש פארגליווערטער וועלט, סיי אין פאָרם און סיי אין אינהאלט, טראָץ דעם באנוצן אָפט בילדלעך און ווערטלעך פון דעם סטיליזירטן חסידישן דערציילן־אופן.

* * *

פּרץ איז פאר דעם פּראָגרעסיוון יידישן שרייבער דער נאָענטסטער, דער אינטים־נאָענטסטער, ווייל ער איז מיט זיין גאנץ שטורמיש וועזן, מיט זיין אָדלער־בליק, מיט זיין הייס־פלאטערנדיק הארץ געווען געווענדט אין דער צוקונפט. פּרץ האָט מיט דעם גאנצן פייער פון זיין שרייבערישן טעמפּעראמענט באקעמפט די בזיונות פון נעכטן אין יידישן לעבן, ווי אויך די בורזשואזע אָרדענונג, וואָס פארוואנדלט די וועלט אין א קרעטשמע, אין א הפקר, וו רויב און מאָרד זיינען אויף דער טאָג־אָרדענונג; באקעמפט די קליינלעך־נישטיקע, עגאָיסטישע מענטשעלעך אין דער יידישער סביבה, דעמאסקירט די פאלש־צבֿיעותדיקע רייד פון די יידישע שאָוויניסטן וועגן אחדות („כל־ישראל — זאָגט פּרץ — האָבן אויסגעטראכט די אנטיסעמיטן...”). פּרץ האָט די פאָרשטייער פון דער יידישער בורזשואזיע נישט באשאָנקען מיט קיין איין לויטערן שטריך אין זיין שאפן, און די גאנצע דערהייבנקייט, פּאָטענציעלע און פאקטישע, געפינען ביים פשוטן האָרעפּאשניק, ביים מענטש פון שווערער האָרעוואניע: ביים באלמעלאָכע, ארבעטער, וואסער־טרעגער, פּאקן־טרעגער, שניידער און שוסטער — אין די קעלער־שטיבער און פּאציאטקעס. די גבירישע זינדלעך, זיינען ביי אים דער סינאָנים פון פארגרעבטקייט, עגאָיזם, זיינען

אומגליק־ברענגער, די נגידישע מאדאמאַטשקעס, וואָס ליגן איבער די ראָ־
מאַנען, זיינען ביי אים די טרעגער פון קאַלטער אכזריות, פון אויסגער־
לאַסנקייט, אומזיטלעכקייט, און די מאַמע דערהויבענע שטריכן ווי ענָיוות,
קרבנות־גרייטקייט, העלדנמוט, ארבעטזאַמקייט, הומאַניזם — געפינט ער
קודם־כּל ביי די אָרעמע פאָלקס־מענטשן.

איז עס א צופאַל? — פאַרשטייט זיך, אז ניין! מען קאָן נישט די־
נען דער בורזשואַזיע, זיין פאַרקויפט אין א קלאַס, וואָס געהערט דעם
נעכטן, וואָס איז מאָראַליש צעפוילט, און שאַפן פּראָגרעסיווע ווערטן...
פּונקט ווי עס איז אוממעגלעך צו דערגרייכן עכטע ווערטן, ווען מע
קוקט מיט דעם מינדסטן סענטימענט אויף די טרעגער פון קלעריקאַליזם
און מיסטיציזם. דאָס האָט פאַרשטאַנען פּרץ. און דערפאַר זיינען אזוי
שאַרף־בייסיק זיינע סאַטירעס אויף דער צביעות פון קלער אין דער
„פרומער קאַץ", איז פאַראַן אזויפיל פּראָטעסט קעגן דער אומגערעכטי־
קייט אין „מוסר", אזא דינע איראָניע אין „שמרעיל", און אין אנדערע
שאַפונגען פון זיין רעאַליסטישן פּעריאָד. דערפאַר איז אזוי אָפט אָנצו־
טרעפן דאָס קאָנטראַסטמעסיקע אין זיין שאַפן: דאָס אנטקעגנשטעלן די
תמימות, נשמה־ריינקייט, דעם שלום־בית פון די פּראָסטע, גוטהאַרציקע
מענטשן און די דערנידעריקטקייט, עגאָיסטישקייט פון דער פּני („משופּע"),

אָט וועלכע צוואה פּרץ הייסט שרייבן א גרויסן קאַפּיטאַליסט,
וואָס איז אזוי איבערזעטיקט פון אַלץ, אז ער באַשליסט צו באַגיין
זעלבסטמאָרד:

„איך שטאַרב, ווייל איך בין אָן עקר, אזוי מיטן גוף, אזוי
מיט דער נשמה! איך האָב אין מיר גאָרנישט, וואָס זאָל לעבן און
לעבעדיק מאַכן... איך לעב שוין לאַנג נישט! איך האָב שוין לאַנג
קיין הנאה נישט פון לעבן! אצינד איז עס מיר גאָר נמאס געוואָרן".
און ער פרעגט זיך אליין:

„האָב איך נישט עמעצן צו דאַנקען?".

„ניין — איך האָב אַלע פאַר אַלעמען באַצאָלט..."

„פאַרן לעצטן נעמראַנק אויך...". („דריי דורות, דריי צוואות").

אָט אזוי ווייזט פּרץ דורך דער צוואה פון קאַפּיטאַליסט, ווי ביז דער
לעצטער רגע איז ער סענטימענטלאָז, ער האָט אַלעמען פאַר אַלעם באַ־
צאָלט, דער מעסטער פון אַלץ איז געלט...

פּרץ באַשענקט מיט הארציקער וואַרעמקייט, מיט טיפער ליבע און
מיטגעפיל די אונטערדריקטע גוטהאַרציקע פאָלקס־מאַסן, ווייל דאָרט
ביי די ארבעטנדיקע זעט ער הויכע מאָראַלישע קוואַליטעטן, אמתע עטי־
שע ווערטן, דעם דראַנג צו א גערעכט לעבן, ער זעט אין ארבעטער־

קלאַס דעם איינציק־פּאַראינטערעסירטן קלאַס אין אָפּשאַפן דאָס אויס־נוצן פון מענטש דורך מענטש, דעם קעמפער פאַר גערעכטער הכנסה־פאַרטיילונג, וועלכער איז פריי פון נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם. בלויז די אַרבעטנדיקע זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ ווירקלעכקייט, וואָס ווייסט נישט פון קיין גויט, הונגער און אַרבעטסלאָזיקייט, פון אָפּפרעמדונג פון פאָלק דורך פאָלק, פון בלוטיקע פאַרכאַפּערישע מלחמות.

* * *

מיר האָבן שוין באַטאָנט, אַז פּרץ איז דער פּוילישסטער יידישער שרייבער. הגם מיר האָבן שוין אייניקע פּרטים אַרויסגעבראַכט איז כדאי זיך אויף דעם מאָמענט עטוואָס לענגער אָפּשטעלן. קודם־כל, וואָס פאַר־שטייען מיר אונטער דער באַצייכענונג פּוילישקייט? פאַרשטייט זיך, אַז דאָס לעבן אַ גאַנץ לעבן אויף דער פּוילישער ערד, ווי מאָסגעבנדיק עס זאָל נישט זיין, איז נאָך אַלץ נישט קיין גאַראַנטיע פון אמתן פּאַטריאָ־טיזם אפילו ביי געבוירענע פּאָליאַקן, בפרט ביי אַ פאַרשטייער פון אַ נאַציאָנאַלן קיבוץ, וואָס האָט ווייט זיך נישט געפונען אין קיין גינסטי־קער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער אַטמאָספער...

פּרצעס פּוילישקייט לאָזט זיך דעפינירן אין דער סאַמער ברייטסטער מאָס: סיי אין זיין טיפער איינגעוואָרצלטקייט אין באָדן, סיי אין זיין פאַרשפּיצטן אינטערעס צו אַלע דערשיינונגען אין דער פּוילשער ליטע־ראַטור און קולטור, וועלכע האָט באַווירקט גאַנץ באַדייטנדיק זיין סטיל, אין וועלכן עס פלעכטן זיך אַזוי אָפּט אַדורך עלעמענטן פון רעאַליזם און ראָמאַנטיזם — סיי אין זיין עכטן פּאַטריאָטיזם און סיי אין קאָנקרעטער שילדערונג פון פּוילישן פּייזאַזש.

אַ פּאָר ביאָגראַפישע פאַקטן:

פּרץ איז געבוירן געוואָרן אין זאַמאָשטש. אָט די אַלטע פעסטונגס־שטאָט, וואָס איז געבויט געוואָרן דורך דעם קאַנצלער יאַן זאַמאָיסקי אויף דעם שטייגער פון פּאַדוע און האָט פאַרמאָגט אַן אוניווערזיטעט, וועלכער איז געווען פיל פרייער און פּראָגרעסיווער ווי אַלע אַנדערע פּוי־לישע העכערע אַנשטאַלטן אין סוף 16־טן—17־טן יאָרהונדערטס, האָט שטאַרק צו זיך צוגעבונדן די יידן. די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, האָבן גענאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס. און דער פרייער גייסט, וואָס האָט געהערשט אין דער שטאָט האָט שטאַרק באַווירקט דעם יידישן קי־בוץ. אין דער צייט, ווען זאַמאָשטש געפינט זיך אונטער דער עסטריי־כישער אָקופּאַציע, אַלס אַ טייל פון גאַליציע (1772—1809), דרינגט די אויפקלערונג אַריין אויף די געביטן פון פּוילן, און אויף וויפל די איד־ייען פון אויפקלערונג זיינען געקומען פון פראַנקרייך, וועלכע איז שוין

געשטאַנען עדב דער בורזשואזער רעוואָלוציע, געמען זיי זיך שטאַר־קער אָן אין די געביטן, ווו עס זיינען ריפער, צאָלהאַפטיקער די בור־זשואזע עלעמענטן, פאַרכאַפּן זיי גאָר גיך עסטרייך, און די יידן, וואָס שטייען מיט די מערב־געביטן אין געשעפטלעכער פאַרבינדונג. דער פאַרהעלטנישמעסיק לייכטער צוטריט פון די יידן אין די עסטרייכישע הויכשולן, שאַפט א גרעסערע יידישע אינטעליגענץ (דער עיקר דאָק־טוירים) און דאָ, אין זאַמאָשטש (אויב נישט רעכענען וואַרשע) איז דאָס אָרט פון די שאַרפסטע קאַמפן צווישן די משכילים און די חסידים. די יידישע אויפקלערונג האָט דאָ במילא אין זאַמאָשטש אַן אייגענע פּעסטונג. זאַמאָשטש גיט די באַדייטנדיקסטע צאָל פּראָנומעראַטאָרן פון אויפקלערערישע אויסגאַבן. בכלל איז זאַמאָשטש א וויכטיקע קולטור־שטאָט. לויט די רעלאַציעס פון דייטשן געאָגראַף א. פרידריך („היס־טאָריש געאָגראַפישע דאַרשטעלונג פּאָלענס", וואָס איז דערשינען אין בערלין, 1839 יאָר) האָט די שטאָט פאַרמאָגט צו יענער צייט א שטענ־דיקן טעאַטער, א גימנאַזיע מיט א גרויסער ביבליאָטעק, א דרוקעריי און צוויי שפּיטעלער, א קאַטוילישן און יידישן. פון יידישע מקורים ווייסן מיר, אז אַרום דעם „ביקור חולים" האָבן זיך גרופּירט די חשוב־סטע משפחות פון שטאָט: לוקסעמבורג (ראָזע לוקסעמבורגס זיידע), יוסף צירעלעס (דער פאָטער פון שפּעטערדיקן באַוווסטן רעדאַקטאָר און פּובלי־ציסט אַלעקסאַנדער צעדערבוים), פון פּרצעס פריינד האָט ראַרט אָנגע־הערט ישעיה מאַרגולעס, וואָס איז אין 1861 יאָר געווען פּרעזעס פון יידישן שפּיטאָל און שמואל לעווין. די משפּחה פּרץ האָט געשפּילט א ראָליע נישט בלויז אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטאָט, נאָר אויך אין קולטורעלן. מאיר פּרץ, דעם דיכטערס א פעטער געהערט צו די אייפער־דיקע איינקויפער פון אויפקלערערישער ליטעראַטור. זאַמאָשטש איז אָבער נישט בלויז קיין ליטעראַטור־קאָנסומירער: זאַמאָשטש האָט אַרויס־געגעבן א גאַנצע ריי משכילישע שרייבער און קאָן אפילו פאַרשרייבן אויף איר יחוס־קאָנטע, אז דער לערער פון באַרימטן אויפקלערער, דעם אויטאָר פון „פעדאָן" משה מענדעלסאָן, איז געווען ישראל זאַמאָשטש. אָבער האַרט פאַר פּרצן האָבן געלעבט דער אויפקלערער אפרים פישעל־זאָן (דער מחבר פון „טעיאַטער פון חסידים") און איינער פון די באַ־דייטנדיקסטע קריטיקער פון דער השכלה־תקופה, דער ביז גאָר טאַלאַנ־טירטער דראַמאַטורג און משלים־שרייבער דאָקטאָר שלמה עטינגער. עס איז אפשר ביי דער געלעגנהייט כדאי צו דערמאָנען, אז דער פּראַקטאָ־פּלאַסט פון דער באַוווסטער פּאַרלענער־משפחה אַרצט, משה רופא, איז אויך א זאַמאָשטשער.

פּרצעס יוגנט־יאָרן פאַלן אויס אין דער צייט פון די צוגרייטונ־גען פון יאַנואַר־אויפשטאַנד, און די שטאָט, וואָס האָט שוין דאַן גישט געהאַט, ווי עס שטעלן פעסט כראָניקער, קיין איין! יידישע משפּחה, וואָס זאָל נישט קאָנען לייענען און שרייבן פּויליש, רופט זיך ביז גאָר וואַ־רעם און! אַקטיוו אָפּ אויף דער בשורה פון! קאַמף פאַר פּוילנס באַפרייונג.

אין זיינע זכרונות, וואָס נעמען אַרום בלויז די ערשטע צוואַנציק יאָר פון! פּרצעס לעבן, שרייבט ער:

„פּאַטריאָטן זיינען מיר היסע! ווי לאַנג איז, ווי מיר האָבן תּהי־לים געזאָגט פאַרן נצחון פון דער צווייטער מרידה”.

אָבער די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט נאָר תּהילים געזאָגט, נאָר זיך דירעקט באַטייליקט אין אויפשטאַנד. און! איינער פון! זיי, יוסף מאָרגנ־שטערן, וועלכער האָט געהערט צו די אָנפירער פון אויפשטאַנד אין! זאַ־מאָשטשער קרייז איז געווען! פּרצעס אַן אינטימער פריינד. [1])

אַלזאָ, פּרץ איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט, טראָץ דעם, וואָס די עלטערן האָבן אים געגעבן אַ טראַדיציאָנעלע דערציונג, אין אַן אַטמאָס־פער פון! אויפקלערונג און פּוילישן פּאַטריאָטיזם. און דעריבער קלינגט אַזוי פאַרשטענדלעך און עכט זיין פעסטשטעלונג, אַז די אַלט־פּוילישע שטאָט זאַמאָשטש איז זיין „היימישער אוצר פאַר סקיצן און! בילדער”... „אַלץ, וואָס איך זע אין! דער פרעמד — זאָגט פּרץ — זע איך און! פאַרש, אָבער איך פיל עס נישט אוממיטלבאַר”, אוממיטלבאַר זעט ער און פילט זיין היימשטאָט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז פאַראַן! עטוואָס דיכטערישע איבער־טרייבונג. אין זיינע נאָוועלן געפינען מיר נישט בלויז דעם קאָלאָריט, פּייזאַזש פון זאַמאָשטש, נאָר אויך פון! סאַנדאָמיר, שעברעשין! און וואַר־שע. עס איז אָבער ריכטיק, אַז אַמשטאַרקסטן! איז ער באַהאָפטן — און דאָס איז נאַטירלעך — מיט זאַמאָשטש.

מיר האָבן! שוין ביי אַ געלעגנהייט באַטאָנט פּרצעס נייגונג איבער־צופלעכטן! דאָס רעאַליסטישע מיטן! ראָמאַנטישן, און עס איז ביי אַזאַ זאַכלאַגע פאַרשטענדלעך די טענדענץ אַרויסצוברענגען אַקטועלע אידע־אַלן — ווי ס'איז דער פאַל מיט די גרויסע ראָמאַנטיקער מיצקעוויטש און סלאָוואַצקי — דורך סיזשעטן פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. און אָט ווי אַזוי פּרץ שילדערט זאַמאָשטש פון די עסטרייכישע צייטן, פון סוף אַכצנטן יאָרהונדערט:

---

[1]). זיין נאָמען ווערט דערמאָנט אין דעקאַנסקיס „ווספּאָמניעניע אָ פּאָוו־סטאַניו סטימשניאָוועם וו זאַמאָיסטשיזניע. זאַמאָשטש, 1920, 29 פּ.פּ. משפּט (קראָקאָו), 1863, 180.

„דאָס שטעטל, ווו מיינע עלטערן האָבן געוווינט, און איך האָב איבערגעלעבט מיינע קינדער־יאָרן אין אָנצוגן פון לעמבערגער און קראָקעווער שניידערס, איז געווען א פעסטונג, ארומגעצוימט מיט גריבער, וואסער, וואלן און הויכע מויערן. אויף די מויערן זיינען געשטאנען הארמאטן, און זעלנער מיט ביקסן האָבן זיי נע־היט, מארשירנדיק אויף און אָפּ ערנסט און שווייגנדיק. קוים איז נאָר צוגעפאלן די נאכט, האָט מען אויפגעהויבן די אייזערנע בריק איבערן וואסער, פארשלאָסן אלע מויערן און אָפּגעריסן דאָס שטעטל פון דער רעשט וועלט ביז אינדערפרי. ביי יעדן פארמאכטן טויער איז געשטאנען א וואך, באוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס.

ערשט נישט לאנג, ביטאָג, זיינען מיר אלע פריי געווען, מע האָט געמעגט גיין ארויס און אריין, נישט אָנגעפרעגט צוערשט ביים קאָמענדאנט, מע האָט זיך אויך געמעגט באָדן אין טייך הינטער דער שטאָט, אפילו זיך אויסציען אויף דער גריינער לאָנקע ביים טייך און קוקן אין הימל אריין, אָדער ווייט ערגעץ אין דער וועלט אריין, ווו איינער האָט געוואָלט, — קיינער האָט נישט פאד דעם קיין שלעכט וואָרט גערעדט. איז עמעץ אפילו נישט צוריקגעקו־מען, האָט מען אויף אים נישט געפרעגט. נאָר ביינאכט, האָט מען געוואָלט, זאָל זיין שטיל אין שטעטל, מע זאָל זיך נישט ארויס און נישט אריינדרייען. „א גליק — פלעג איך דעמלט קלערן ביי מיר — וואָס מע לאָזט אונדז כאָטש אריין די לבנה... .

און אזוי לאנג ווי איך וועל לעבן, וועל איך נישט פארגעסן דעם „בין השמשות”. דאָס צופאלן פון דער נאכט. צוזאמען מיט דעם אָוונטלעכן שאָטן פארשפרייט זיך א שווידער איבער דעם גאנצן שטעטל, מענטשן און הייזער ווערן פלוצים ווי איינגעהויקערטער. מען ציט די בריק. די אייזערנע קייטן רייבן זיך אין די אומגעהויע־רע בלאָקן, דאָס אייזערנע קראצן די הארטע, אָפּגעריסענע טע־נער פאָרן דורך די ביינער. דערנאָך פאלט צו א טויער נאָך א טויי־ער. יעדן אָוונט געשעט דאָס זעלבע, און דאָך ציטערן די פיס אונ־טער דעם מענטש. א שטומפיקע מידקייט לייגט זיך אויף אלע פני־מער, אלע אויגן לעשן זיך אויס, ווי ביי טויטע; די ברעמען פאלן אראָפּ ווי בלייערנע, דאָס הארץ בלייבט שטיל, און מע אָטעמט קוים. דערנאָך הייבט אָן דער פאטרול צו קורסירן אין די גאסן, עס קלאפן די נאָכגעלאָזטע שווערדן אָן די וואסער־שטיוול, די באנ־געטן בלישטשען, און מע שרייט: „ווער־דא?” אויף דעם מוז מען ענטפערן: „א היימישער, אן איינענער!”. אז נישט, ווייס גאָט,

צו וואָס עס קאָן קומען. מאַנכע פלעגן זיך שוין בעסער פאַרמאַכן הינטערן שלאָס און רינגל, זיי האָבן מורא אַפילו זיך אַרויסצווייזן אויף דער גאַס...".

אָט אַזאַ געניטע, רעאַליסטישע שילדערונג פון דער פעסטונג־שטאָט זאַמאָשטש גיט פרץ אין אַ נאָוועלע, וואָס איז דורכויס פאַנטאַסטיש־ראָמאַנטיש און דאַרף אויסדריקן דעם דיכטערישן טרוים וועגן מענטשן, וואָס שטייען העכער פון קליינלעכן אַרום, וועגן מענטשן מיט פליגל.

און איצט אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן פרצעס באַהאַפטנקייט מיט דער פוילישער קולטור. מיר וועלן בלויז נאָך אַמאָל דערמאָנען פרצעס קאָנטאַקטן מיט דער „וויסלאַ"־גרופּע. און וועגן דעם, אַז די סימבאָלישע פּיעסע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" פאַרמאָגט אין זיך קענטיקע באַווירקונגען פון וויספּיאַנסקיס „וועסעלע" און „וויזוואָלעניע". אַז פּרץ דער אויטאָדידאַקט האָט געקענט די פוילישע ליטעראַטור איז אויך צו זען פון דעם פאַקט, וואָס אין די פוילישע בריוו צו זיין כלה ציטירט ער זאַבלאָצקין, ער שרייבט וועגן קאָנאָפּניצקאַן, ער פּאָלעמיזירט מיט שווענטאָכאָווסקין און מיטן פּראָפעסאָר באָדוען דע קורטעניי.

קורץ: פרץ האָט נישט געהערט צו די שרייבער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשלאָסן אין די ד' אמות פון זייער קאַבינעט אין זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. ער האָט געהאַסט די טרעגער פון נאַציאָנאַלן סעפּעראַטיזם, דעם ייִדישן אתה בחרתנו־יזם און איז אַליין געווען אַ פּאַטריאָט און בירגער פון זיין היימלאַנד און האָט דעם בירגער־געפיל געפלאַנצט צווישן די פאָלקס־מאַסן.

* * *

דער „געניאַלער אָנפאַנגער" — ווי עס רופט פרצן ה. ד. נאָמבערג, — האָט געלייגט דעם אָנהייב פאַר אַלע פאָרמען און זשאַנרען, האָט באַטרעטן אַלע וועגן און שטעגן פון קינסטלערישן אויסדרוק. ער איז אַריין אין דער ליטעראַטור מיט דער פּאָעמע „מאָניש" און שוין דאָ געוויזן די גרונט־איינשאַפטן פון זיין רעאַליסטיש־ראָמאַנטישן סטיל. דער סיוזשעט פון דער פּאָעמע: אַ יונגער שטעטלדיקער עילוי האָט זיך פאַרליבט אין אַ שיינער דייטשקע, מאַריע — אינדערעמתן דער פאַרשטעלטער לילית. דערפאַר ווערט ער באַשטראָפט און פאַלט אַריין אין גיהנום. און אויף דעם פאַנטאַסטיש־איראָנישן פאָן פון דער פּאָעמע ווערט געשילדערט אַ דורכויס רעאַלער געשיכטלעכער פּראָצעס — דער פיינפולער פּראָצעס פון אַריבערגיין פון די מענטשן, וואָס געפינען זיך

אין קלעם פון אבערגלויבעריש־אסקעטישע פארשטעלונגען, צו דעם נייר ציוניסטן ווינשבאנער וועלט־באנעם, צו דער נייער וועלטלעכער קולטור און עטיק.

מיר טראגיש זיינען געווען די מענטשן, וואס האט געצווונגען צום נייעם לעבן און האבן קיין אינערלעכן כוח נישט געהאט מיט דעם אלעם איבערצורייסן. און דאס איז דער זין פון דער פרצישער פאעמע. (שפעטער דער וועלביקער מאטיוו אין דער דראמע „אין פאליש אויף דער קייט").

אבער בייננאנד מיט דער פאעמע האבן מיר א גאנצע ריי לידער פון פארשידנסטן זשאנר: סאטירישע, ריין לירישע, סאציאלע ליריק, פילאזאפיש־רעפלעקסיווע לידער, איבערזעצונגען פון דער העברעישער, מערב־אייראפעישער, פוילישער און רוסישער דיכטונג, ווי אויך איבערדיכטונגען פון נביא יחזקאל. און אין די לידער קומט צום ערשטן מאל אין דער יידישער ליטעראטור צום אויסדרוק סיי דער באנגער אדויסצוגיין פון די ענגע באגריפן פון דער יידישער סביבה (זעין ציקל „ראמאנצערא"), סיי זיין צארן קעגן די, וואס פאראזיטירן אויף דעם פאלקסארגאניזם, קעגן די פאלשע פירער, וואס רעדן שטענדיק מיט גאט און לעבן אליין א גוטן טאג, סיי קעגן די עקספלאאטאטארן פון ארבעטסמענטש („דריי נייטארינס", „ביי א פרעמדן חופה־קליד"), סיי קעגן דער רעליגיע, וואס וויל האלטן אין אייביקער פינצטערניש א. א. וו. קורץ, א רייכקייט פון זשאנרען און א רייכקייט פון טעמען און פראבלעמען אין אפצומערקן אין זיין פאעטישער ירושה. אבער דער הויפט־זשאנר פרצעס, די גרעסטע מייסטערשאפט און די גרעסטע דערגרייכונגען זיינע זיינען אבער אן כפק אויפן געביט פון פראזע, וווּ ער האט דערפירט די נאוועלע צו אזא געפרעסמקייט און דראמאטישער אנלאדונג, אז ער קאן דרייסט פארעכנט ווערן צו די בעסטע פארשטייער פון דעם מין אין דער אייראפעאישער ליטעראטור. (פרצעס א נאוועלע פארמאגט דורכשניטלעך פון 4 ביז 6 זייטלעך).

שוין אין די „רייזע־בילדער", וועלכע האבן צוערשט (אין 1891 יאר) געטראגן דעם טיטל „בילדער פון א פראווינץ־רייזע אין טאמאשאווער פאוויאט אין 1890 יאר" און האבן אזוי ארום דייטלעך געוויזן זייער אפשטאם, אז דאס זיינען בילדער, וועלכע זיינען אויפגעקומען א דאנק דער עקאנאמיש־סטאטיסטישער עקספעדיציע, וואס איז ארגאניזירט און פינאנסירט געווארן דורך דעם באנקיר און פילאנטראפ יאן בלאך, איז שוין צו זען דעם לייבן־נאגל פון גרויסן קינסטלער. מען דארף זאגן, אז דאס פראבלעם פון שטעטל האט פרצן ווינציקער אינטערע־

סירט. אויב אין דער יידישער ליטעראטור פון 19־טן י. ה. שטייט אין צענטער דאָס יידישע שטעטל (ביי מענדעלען דאָס פּאַטריאַרכאַלע שטעטל אויפן שוועל פון זיין איינבראָכן און ביי שלום־עליכמען אין פּראָצעס ווען עס וואַלגערט זיך איין אונטער די ערשטע קלעפּ פון קאַפּיטאַליזם, און ער ווייזט די צעשמעטערטע רו, די „גרויסע בהלה ביי די קליינע מענטשע־לעך"), איז אין פּרצעס אויגן דאָס פּוילישע שטעטל שוין אַבסאָלוט דעגראַדירט, פּאַראַרעמט, אָן שום פּערספּעקטיוו, דערביי זעט ער שוין האַרט נישט ווי מענדעלע און שלום־עליכם א קיבוץ, נאָר לײדנדיקע באַדנלאָזע יחידים, וואָס סימבאָליזירן דאָס שטעטל. אין אָט די רע־פּאָרטאַזשיק־בעלעטריסטישע בילדער איז שוין צו זען די כאַראַקטע־ריסטישע שטריכן פון פּרצעס נאָוועליסטיק: די געפּרעסטע פּלאַסטישע פאָרם, די שפּיל פון קאָנטראַסטן, און דער טיפער דראַמאַטיזם פון דער סיטואַציע, וואָס ווערט אָפט באַגלייט מיט ווייטיקלעכער איראָניע. אין די „רייזע־בילדער" דערשיינט פּרץ אלס נאָוואַטאָר, אלס דער, וואָס רייסט איבער מיט דעם טראַדיציאָנעלן צוגאַנג און שילדערונג פון שטעטל, וואָס כאַראַקטעריזירט זיך קודם־כל מיט פאַנאַנדערגעוויקלטער דערציילערישקייט און באַשרייבערישער באַרעדעוודיקייט. פּרץ פאַרנעמט זיך נישט מיט באַשרייבן, ער לאָזט דאָ אין גאַנג די שפּיל פון קאָנ־טראַסטן, ברענגט אַרויס דורך אילוזאָרישע סיטואַציעס זיין בליק אויף דעם רעאַלן, שווידער־לעבן פון דער יידישער אָרעמקייט. אַזוי צום ביי־שפּיל, ווערט געשילדערט א דענונציאַטאָר (א מסור), וואָס איז קיין מסיר נישט, א הייליקער ל"ו, וואָס קיינער ווייסט נישט אין וואָס זיין ל"וואָ־ווישקייט באַשטייט, א משוגענעם, וואָס קרייט ווי א האָן און איז אין דער ווירקלעכקייט קלערער ווי א סך קלאָרע...

און אין איינע פון זיינע פאַרצייכענונגען א. נ. „בלאַנקעטן" רופט אויס דער שרייבער:

„איך וויל דאָס שטעטל נישט אָנרופן ביים נאָמען, נאָר נאָך איינס אַזוינס, ווען איך טרעף אויפן וועג, וואָלט איך אויך אָנגעהויבן קריי־ען". בכדי זיך נאָך קלאָרער מאכן דעם אופן פון פּרצעס אַרויסברענגען די יידישע נויט וועלן מיר איבערגעבן דעם אינהאַלט פון דער פאַרצייכע־נונג „נומער 42". צי איז פאַראַן אין שטעטל אַזא נומער? — ניין! עס איז געווען אַזא, איצט איז צווישן דעם נומער 41 און נומער 43 א פּוסט אָרט. און דאָס פּוסטע אָרט, ווערט פאַרפולט מיט א טראַגעדיע פון א משפּחה, וואָס איז אומגעקומען דורך נויט. עס איז, הייסט עס, נישטאָ דאָס הויז, אָבער דאָס פּוסטע אָרט מאָנט און באַשולדיקט... און אין א צווייט הויז קאָן דער מחבר נישט אַריינקומען. עס איז פאַר־

מאכט, בלויז דורך דעם פּענעטער איז צו זען אַ פאַרהעלטנישמעסיקן וווילשטאַנד. וועד זיינען די אייננעמימער פון אַט דעם נישט שלעכט אויס־געשטאַטן צימער? — אַן אלמנה מיט דריי קינדער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט בעטלען... אזוי ווייזט פּרץ די אָרעמקייט און דעקלאַסירטקייט פון שטעטל.

ווי ס'איז צו זען איז שוין דאָ ליכט צו באמערקן פּרצעס נאָוואַ־טאָרישקייט, פּרצעס איבעררייסן מיט דער אַלטער פאַרגליווערטקייט, מיט דער טראַדיציאָנעלער שילדערונג און דאָס פעלן פון יעטוועדער אַפּאָ־לאָגעטיק, דערביי — דער צוגאַנג פון אַ גרויסער קינסטלערישער אינדיווי־דואַליטעט. במילא איז אַן אומזין צו זוכן ביי פּרצן אַוועלכע עס איז אָלימפּישקייט, ווי עס איז אומזיניק אים צוצושרייבן די טענדענץ פון אַפּאָלאָגעטיק, פון פאַרהערלעכונג.

מיר האָבן דערמאָנט פּרצן דעם פּאָעט און פּראָזאיקער. פּרץ האָט אַ גאַנץ שעפערישן לעבן אקטיוו זיך פאַרנומען מיט פּובליציסטיק און נישט איין אַרטיקל האָט נאָך די פולע אַקטואַליטעט פאַרהיט. פּרץ איז, ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן, געווען דער שעפער סיי פון דער רעאַליסטישער סיי סימבאָלישער דראַמע, קורץ: ער האָט די יידישע לי־טעראַטור אַרויסגעפירט אויף די ברייטע וועגן פון אַן אייראָפּעישער ליטעראַטור, און אין אַלע פאָרמען און זשאַנרען איז צו זען די גרויסע זוכנדיקע, אומרואיקע פערזענלעכקייט. פּרץ האָט שטענדיק טראַקטירט די ליטעראַטור — פּונקט ווי די משכילישע פאָרגענגער, און די קלאַסיקער מענדעלע און שלום־עליכם — ווי אַן אינסטרומענט, אַ סאָציאַלן אינס־טרומענט, ווי אַ געווער אין קאַמף פאַר אַ נייעם, בעסערן מענטש און ער האָט געזוכט אַלע מיטלען, באַנוצט אַלע פאָרמען, וואָס האָבן אים אין געגעבענעם מאָמענט געקאָנט דינען אַלס דאָס נויטיקע געווער אין קאַמף מיט די טרעגער פון נעכטן, וועלכע שטייען אויפן וועג פון דער באַפרייונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, וואָס פאַרקריפּלען די נשמה פון פאָלקס־מענטש און העמען דאָס אויסרייסן פון אַ פּולווערטיקן שטאָלצן, שטאַרקן ייד — מענטש.

* * *

עס דערהערט זיך דערביי אַן ערשטראַנגיקע פראַגע: צי אַקצעפּ־טירן מיר אַלץ, וואָס עס איז דורך פּרצן אַרויסגעבראַכט געוואָרן?

פּרץ איז ווייט נישט מאָנאָליט. אויב אין דער צייט ביז דער רע־וואָלוציע פון 1905 יאָר און בעת דער רעוואָלוציע שטייט ער אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיטן פּראָלעטאַריאַט, באַטייליקט זיך אויף אַרבעטער־

פארזאמלונגען און אין זיין דעמלטיקן שאפן וועגט איבער דאָס רעאַליסטישע איבער דעם ראָמאַנטישן, איז אין דער צייט פון אָפּפלוס פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע אין רוסלאַנד און אין פּוילן, צו מערקן ביי פּרצן דעם וווּקס פון די ראָמאַנטישע עלעמענטן, דאָס אַוועקגיין אין דער וועלט פון אויסאימאַגינירן זיך גרויסע מענטשן פון געוואַגטן טאַט, דאָס אַוועקטראָגן זיך אין דער וועלט פון טרוים, פון גאַרונג נאָך שלימות, נאָך אמתער נשמה־ריינקייט. אָבער אפילו דאַן זיינען זיינע נאָוועלן, זיינע בילדער און דיכטונגען, ווי אויך די ראָמאַנטישע דראַמען פון אַזאַ טיפער אָנלאָדונג, זיינען איבערפולט מיט אַזאַ האַס צו דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט, טראָגן אין זיך אַזויפיל פאַרניכטנדיקע קריטיק פון דער קריכיקער, אָנהאַרציקער בירגערלעכער וועלט, אַז זייער פיל איינגעשאַפטן און שטריכן פון זייערע אויסגעטרוימטע העלדן־סימבאָלן נעמען אין אונדזער ווירקלעכקייט אָן רעאַלע באַדייטזאַמקייט.

דאָך איז אין דעם פּעריאָד צו מערקן אַ היפּשע אָפּווייכונג פון דער פּרצישער גענעראַל־ליניע. פּרץ איז נישט געווען קיין פּראָלעטאַרישער שרייבער, נאָר אַ גרויסער הומאַניסט. און אויב דעם הומאַניזם איז ער געטריי געווען ביזן סוף, איז נישט אַלעמאָל זיין באַציונג צום פּראָלעטאַריאַט געווען אַ גלייכמעסיקע און במילא איז נישט אַלעמאָל אָנצוטרעפן קאָנסעקווענטקייט אין זיין באַציונג צום יידישן נאַציאָנאַליזם. די צייט פון דער סמאָליפּינישער רעאַקציע, ווען אין דער רוסישער און פּוילישער ליטעראַטור איז אַזוי אָפט אָנצוטרעפן די גאָטזוכעניש, אין דער צייט פון אָפּפלוס פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, איז פאַר דעם שרייבער פון אַזאַ אומרו ווי פּרץ נישט שווער געווען זיך אויסצוגלייטשן און אַוועק אין דער וועלט פון סימבאָליזם און דעקאַדענס.

מיר פאַרגעסן דעריבער נישט אויסצוטיילן, אָנצווייזן אויף דעם, ווי ווייט דער באַטרעפנדיקער שעפער האָט געצאָלט צינז זיין צייט און זיין קלאַס, די הערשנדיקע בורזשואַזע שטימונגען און איינשטעלונגען. מיר הייבן אָבער אויך, און אפשר קודם־כל, ארויס דאָס אַלץ, וואָס שטעלט פאַר דעם הויפּט־מהות פון קינסטלערישן שאַפן: ווי ווייט דעם שרייבער איז געלונגען גובר צו זיין די צייט־השפעות און אַ קוק טאָן ווייטער, טיפער און ברייטער פון זיין קלאַס! אויף וויפל אין זיין שאַפן איז געקומען צום אויסדרוק און דאָמינירט דאָס הומאַניסטישע, דער טרוים און רוף פון באַפרייונג פון אַרבעטס־מענטש, פון ברידערלעכקייט צווישן פעלקער, אויף וויפל עס איז אין זיין שאַפן ארויסגעבראַכט געוואָרן דער קלאַסן־קאַמף אין דער יידישער סביבה, אויף וויפל עס איז ריכ־

טיק, רעאַליסטיש אַרויסגעבראַכט געוואָרן די קאַפּיטאַליסטישע ווירק־לעכקייט, געזען פון פּראָגרעסיווע פּאָזיציעס.

פּרץ, דער שטענדיק־זוכנדיקער, אומרואיקער גייסט, דער גרויסער הומאַניסט, האָט אַפילו אין די צייטן, ווען ער נעמט זיך אַדורך מיטן מלאָדאָ־פּאָלסקישן סימבאָליזם און אינדיווידואַליזם, בדרך־כּלל געטריי געבליבן, נישט אַרויסגעלאָזט די אַלגעמיין־מענטשלעכע פּאָן פון האַנט. ווען דעם זאָגן עדות אַ גאַנצע ריי נאָוועלן פון „חסידיש" ווו מיר טרעפן דעם אַפּאָטעאָז פון סאַמע הומאַנעם, אָנפּניותדיקן, לויטערן און רערהויבענעם אין מענטש און אין זיין פאַרניכטנדיקע קריטיק פון קאַפּי־טאַליזם אין דער סימבאָלישער דראַמע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

דער דראַנג צו פרייהייט, צו גערעכטיקייט, דער טרוים פון אַ גליק־לעך, פרידלעכער עקזיסטענץ באַגלייט פּרצן אין משך פון זיין גאַנץ לעבן און קריגט אין איין פּעריאָד אַ שטאַרקערן און אין אַ צווייטן — אַ שוואַכערן אויסדרוק. אומעטום איז ער אָבער פאָראָן. און דער עיקר: עס איז פאַראַן אומעטום די פאַראַכטונג צום בורזשואַ, צו דער פאַר־קויפטער, צו דער פאָלקס־פאַרעמדער אינטעליגענץ, צו די קליינע מענ־טשעלעך מיט די האָזן־נשמהלעך, צו די פּאַראַזיטיש־שאָוויניסטישע כּלל־פאַרזאָרגער, צו די פאַריידיקער פון קלאַסן־סאָלידאַריזם.

עס וואָלט, פאַרשטייט זיך, גאָר נישט שווער געווען אָפּצוקלייבן סיי נאָוועלן, לידער און דראַמען, סיי פּובליציסטישע אַרטיקלען, וואָס וואָלטן געוויזן פּרצן אַלס קאָנסעקווענטן רעאַליסט און דורכויס רעוואָלו־ציאָנערן שרייבער. עס וואָלט אָבער נישט אַנטשפּראָכן דעם גאַנצן אמת. אָבער נאָך פאַלשער איז דער פּרווו צו מאַכן פּרצן אַלס דעם „וואָס האָט אויפגעדעקט אַלע וווּנדערלעכע שיינקייטן און טיפקייטן פון דער ייִדישער עקזיסטענץ". (י. י. טרונק).

מיר ווייסן גענוי אין אַוועלכע ווערק און פּובליציסטישע אַרבעטן פּרץ צאָלט צינז זיין קלאַס, זיין צייט און אין אַוועלכע ער הייבט זיך אַריבער, פאַרלויפט ווייט זיין צייט. און די באַרג־שפּיצן, וואָס פּרץ האָט דערגרייכט, זיינען פון אַזאַ הייך, פון אַזעלכע ברייטע אויסבליקן, אַז זיי און בלויז זיי גיבן דעם געהעריקן מאַסשטאַב, ווייזן די אייגנטלעכע גרויס פון דער דיכטערישער פערזענלעכקייט. עס איז מסתּמא נישט קיין צו־פאַל, וואָס אין די קינסטלעריש־שלימותדיקע ווערק איז פּרץ פּראָגרע־סיוו, רעוואָלוציאָניזירנדיק, אָנטפּלעקט מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין טאַלאַנט זיין לויטערן הומאַניזם. און דאָס איז מאַסגיביק, און דאָס העצירדות, ער זאָל פאַרנעמען דאָס חשובסטע אָרט אין דער ייִדישער לי־טעראַטור.

שטעלט זיך פאַרט די פראַגע:

פאַרוואָס־זשע האַלטן פאַר מעגלעך פיל שרייבער און קריטיקער, וואָס געפינען זיך אין לאַגער פון אַנגלאָ־זאַקסישן אימפּעריאַליזם זיך צו רעכענען מיט דעם פּרץ־נאָמען?

זיי טוען אײַגנטלעך דאָס זעלביקע, וואָס עס טוען די רוסישע ווייס־גוואַרדייער צי די פּוילישע רעאַקציאָנערן אין אַמעריקע און ענגלאַנד — בנוגע צו דער רוסישער און פּוילישער קלאַסיק: זיי ווילן מיט דער הילף פון די קלאַסיקער, וואָס זײַנען באַליבט ביים פאָלק, דורך פעלשן דעם גייסט פון זייער שאַפן, אָפּנאַרן די פאָלקס־מענטשן.

אין קאָנקרעטן פאַל מיט פּרצן, איז עס זיי מעגלעך צו טון א דאַנק דעם, וואָס ער האָט אין משך פון זײַן שעפערישן וועג נישט איין מאָל א שפּאַציר געטאָן אויף זײַטיקע וועגן און שטעגן — און טיילמאָל — (דער עיקר: אין די יאָרן 1907—1911) אָפּגעווייכט פון דעם רעוואָלו־ציאָניזירנדיקן הויפּט־טראַקט פון זײַן שאַפן. און די ברעקל־קלייבער פון דעם רייכן טיש נעמען דאָס נישט וועזנטלעכע, די זיגזאַגן — אַלס די הויפּט־ליניע, אַלס דעם קען־צייכן פאַר פּרצעס פערזענלעכקייט און פּרצעס שאַפן. זיי די כל־המינים שאָוויניסטן און פּראָפּעס־אָנעלע מקונ־נים, נעמען דעם אות פאַר דעם אינהאַלט, דאָס ספּאָראַדישע אַלס דאָס באַשטענדיקע, דאָס צופעליקע אַלס דאָס כאַראַקטעריסטישע. זיי נעמען דווקא דאָס, וווּ פּרץ צאָלט צינז זײַן קלאַסן־אָפּשטאַם, און נישט די באַרג־שפּיצן, צו וועלכע פּרץ האָט זיך דערקליבן און ווײַט אַוועק פון דער השגות און געדאַנקען־וועלט פונעם אונטערגייענדיקן קלאַס, גע־ווענדט זײַן בליק אין דער צוקונפט און שוין דאַן באַמערקט די קאָנ־טורן פון א נייער באַפרייטער ווירקלעכקייט, פון א נייעם, באַפרייטן, שטאָלצן מענטש פון דער נייער ווירקלעכקייט.

אָט ווי פּרץ האָט מיט קנאַפע זעכציק יאָר צוריק געזען די צוקונפט:

„די צוקונפט איז א טיגל, אין וועלכן אַלע מעטאַלן וועלן זיך צעשמעלצן און עס וועט ווערן א גאָלדענע צייט". און ווענ־דנדיק זיך צו דער אינטעליגענץ, זאָגט פּרץ: — „עס איז שוין צייט, אַז אונדזער ווירקלעכע אינטעליגענץ זאָל פאַרשטיין, וואָס פאַר א פליכט, וואָס פאַר א התחייבותן זי האָט פאַרן פאָלק... אַז אַרבעטן ביי זיך אינדערהיים, פאַר אייגענע ברידער, הייסט נישט אַרויסלאָזן די אַלגעמיין־מענטשלעכע פאָן פון דער האַנט... היינט מוז אַרבעטן יעדערער ביי זיך, אַקערן און זייען זײַן אָפּגעגרע־נעצט שטיקל פעלד, אויבוויל, אָדער בעסער, — ווייל מיר האָפן, אַז די צוקונפט וועט זײַן דער אַלגעמיין־מענטשלעכער שפּייכלער,

אין וועלכן עס וועלן אריינקומען אלע וויצן, די גאַנצע תבואה, א שפּיכלער, וואָס וועט שפּייזן אַלע גלייך, שפּייזן יעדן אומגעפרעגט, ווער זיין זיידע איז געווען, און נישט געקוקט פון וואָס פאַר א פאַרב זיין הויט איז..." (אלע קורסיוון פון פּרצן — ש. ל.).

און ווי ווייט פּרץ איז געווען פאַרקוקט אין מאָרגן זאָל עדות זיין זיין גרימצאָרנדיקע פּובליציסטישע אַרויסטרעטונג אין 1911 יאָר, אין דער צייט, ווען דער וווּקס פון נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, פון דעם רופן „צוריק אין שול אריין" איז געווען באַזונדערס שטאַרק אויף דער יידישער גאַס. אָט וואָס פּרץ זאָגט דאָן:

„און איר וואָס ווילט?

ווילט איר חומש מיט רש"י־פרייידיקער, צוריקרופן דעם נעכטיקן טאָג?

גלוסט זיך אייך, איר אָפּשטעלער, אויסציען, ווייניקסטנס דעם היינט איבער זיין גרענעץ און נישט צולאָזן דעם מאָרגן?...

ווייסט איר וואָס דאָס באַדייט? —

נעמען דעם לעבעדיקן זאָמען, ארום וועלכע די שאָל האָט געפּלאַצט, וואָס דאַרף אויפסניי פאַרפלאַנצט ווערן, וואָס זאָל שענער און פאַרביקער אויפשפּראָצן, אין צוריק אין דער שאָל פאַרשליסן און פאַרבינדן און אַרומדראָטן די שאָל אין א שפּרוך זאָגן: זאָמען, וואַקס אין דער ענגשאַפט, וואַקס אין דער פינצטער!...

דאָס הייסט אויך: די טויטע צו קבר־ישראל נישט ברענגען, אין שטוב לאָזן און פאַרפעסטן די לופט".

אָט אזא איז פּרץ. אלס אזא פאַרהערלעכן מיר פּרצן. מיר אכטן דעם קינסטלער, וואָס האָט אין זיין דיכטונג און פּראָזע באַקעמפט די לייט, וואָס ווילן די וועלט פאַרוואַנדלען אין א קרעטשמע, א בערזע, א הפקר; דעם שעפער פון די מייסטערישע רעאַליסטישע נאָוועלן, ווו ער האָט געגעבן ווירקלעכע בילדער פון יידישן לעבן, געוויזן די שווערע לאַגע פון פאָלקסמענטש און פון דער דאָפּלט־אונטערדריקטער יידישער פרוי, וואָס די יידישע פאַרפרומטע ווירקלעכקייט האָט ביי איר צוגענומען די וועלט און יענע וועלט... מיר אכטן פּרצן פאַר זיין פּרעכטיקער גאַלעריע פאָלקסמענטשן, וועלכע סימבאָליזירן די סאַמע שענסטע מענטשלעכע אייגנשאַפטן ווי עניוות, מסירות־נפשדיקייט, גוטסקייט, ליבע צום לײדנדיקן, ארבעטזאַמקייט, איבערגעגעבנקייט און טיפע ערלעכקייט לגבי זיך און אנדערע, פאַר זיין רוף אויף די חורבות פון דער אַלטער וועלט בויען א וועלט פון פרייע שטאָלצע מענטשן, פאַר זיין אויפוועקן דעם טרוים פון מענטשן־פאַרברידערונג, פאַר וועקן טיפן

פאטריאטיזם און ליבע צו דער פוילישער ערד, אָט די שטריכן פון זיין שאפן און זיין פערזענלעכקייט זיינען נאָענט דעם היינטצייטיקן לייענער פון פרצן, זיינען נאָענט געווען דאן בעת ער איז אין זיין ברייטער פעלערינע, גראָבע צעפלאָשעטע וואָנסעס, ווי ביי א פוילישן שליאכטשיץ אין גרינעם יעגער־הוט געגאנגען איבער די ווארשעווער גאסן, געשפאצירט ארומגערינגלט מיט חברים און פארערער איבער דעם זאקסישן גאָרטן. די הונדערט טויזנט יידן, וואָס האָבן דעם דריטן יונט פון 1915־טן יאָר באגלייט פרצן אין זיין לעצטן גאנג אויפן גענשער בית־עולם האָבן דאן, פארשטייט זיך, נישט באגלייט פרצן דעם סתם־באַזינגער, נאָר פרצן דעם לערער פון די פאָלקס־מאסן, זייער הארציקן פריינד, וואָס האָט פאר זיי „נייע הימלען", „נייע וועלטן" אויפגעדעקט. בלויז דער שעף פון דער ווארשעווער גמינע, אין וועלכער פרץ איז געווען באַשעפטיקט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן צו ארבעטן אלס באאמטער (זיין רייכע, אומדערמידלעכע ליטערארישע טעטיקייט האָט אים קיין מעגלעכקייט אויף עקזיסטענץ נישט געגעבן...), האָט אויף פרצעס קבר געהאט צו זאָגן וועגן פרצן בלויז דאָס, אז „דיזער פרץ וואר איין גראָסער מאן... ער האָט קיין מאָל נישט פארזאַמט פון זיינעם לעבן צו דער ארבעט פאר־שפעטיקט"... (לויט א. קאנאנאָוסקיס דערינערונגען): די פאָלקס־מאסן האָבן פרצעס גרויסקייט געזען גאָר אין עפעס אנדערש ווי אָט דער פאָלקס־פרעמדער גמינע־שעף. זי האָט געזען די גרויסע פערזענלעכקייט, וואָס האָט אָנרחמנותדיק באקעמפט די קאפיטאליסטישע ווירקלעכקייט, די אומגערעכטיקייט און געוועקט דעם פארלאנג, דעם טרוים וועגן א באפרייט, פרידלעך לעבן.

* * *

פאר דעם יידישן שרייבער אין פוילן איז פרץ נישט בלויז קיין סאָריפיי פון דער פארגאנגענהייט.

פרצעס דראנג צו א לויטערן, עניוותדיקן, נשמה־יתירהדיקן, שטאָלצן, קרבנותגרייטן, אויפגעקלערטן יידן־מענטש, מיטבויער, בייטראָגער צום „אלגעמיינעם מענטשלעכן שפייכלער" איז אויך דער קרעדאָ פון יידישן פראָגרעסיוון שרייבער, ווייל אזעלכע זיינען די שטריכן פון מענטש אין דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט. מיר ווילן נישט קיין בטלנים, מיר ווילן נישט זען אין אונדזער סביבה קיין עגאָיסטן, מיר ווילן נישט די מענטשעלעך מיטן מינדערווערטיקן ייד־קאָמפּלעקס. מיר ווילן זיין מיט־בירגער, מיטבויער, מיטקעמפער פאר א גערעכט לעבן אויף דער וועלט, אָן מלחמות און נאציאָנאלע אנטאגאָניזמען, מיר ווילן זען מענטשן, וואָס

זייערע פּאַרקוקט אין מאָרגן, וואָס רוען נישט אויף די לאָרבערן, מענטשן, וועלכע די דערגרייכונגען פון היינט זיינען אַ שפּרונג־ברעט צו נייע פּאַרמעסטן און נייע דערגרייכונגען אויף מאָרגן.

עס היטן די פּרץ־טראַדיציע, עס זיינען געטריי דער פּרץ־טראַדיציע בלויז די, וואָס האָבן זיך געשמעלט מיט דער גאַנצער דעצידירטקייט אין לאַגער פון שלום און פּראָגרעס. די, וואָס פאַרקערפּערן אין זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט די אידעאַלן פון ברידערלעכן צוזאַמענלעבן פון פעלקער, וואָס זיינען גרייט אָפּגעבן זייער בלוט דעם אידעאַל פון וועלט און מענטש־באַפרייונג; היטער פון דער פּרץ־טראַדיציע קאָנען זיין בלויז די, וואָס באַנוגענען זיך קיינמאָל נישט מיט דעם דערגרייכטן און קוקן שטענדיק פאָרויס, גייען צו אַלץ גרעסערע פּאַרמעסטן, וואָס באַקעמפן אַלדאָס פוילנדיק־עגאָיסטישע, סעפּעראַטיסטישע און יידישן לעבן און ווייזן דעם וועג צו אַ ליכטיקן מאָרגן, אָט די, וואָס באַטראַכטן זיך ווי גלידער פון איין גרויסער פּראָלעטאַריש־אינטערנאַציאָנאַליסטישער פעלקער־משפּחה.

וואַרשע, 1950 י.

# יוסף באָװשאָװער

(1915 — 1873)

צװישן דער גרופּע רעװאָלוציאָנערע ליריקער פון די לעצטע יאָרצענדליקער פון פאַריקן יאָרהונדערט איז יוסף באָװשאָװער איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער. און באַדייטנדיק איז ער דערפאַר, װייל אין זיין שאַפן איז געקומען צום אױסדרוק די ליבע צום פאָלקס־מענטש, צום געפייניקטן, אױסגענוצטן אין די „סוועט־שאַפּן". דערפאַר, װאָס ער האָט אַרױסגעבראַכט אַ גאַנצע ריי שטימונג־בילדער פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־לעבן, װאָס ער האָט גערופן צום קאַמף פאַר אַ פרייער װעלט.

יוסף באָװשאָװער, װעלכער האָט דירעקט אָנגעבונדן אין דער טראַדיציע פון דעם קרישטאָל־ריינעם מענטש און קעמפער דוד עדעלשטאַט, האָט די רעװאָלוציאָנערע ליריק אױפגעהױבן אױף אַ העכערן שטאַפּל, האָט אַרױסגעװיזן מייסטערשאַפט פון אַזאַ קראַפט, אַז זיין ליטעראַרישע ירושה איז נישט בלױז קיין פאַרמעג פון ליטעראַטור־היסטאָרישן באַדייט, נאָר זייער פיל פון זיינע שאַפונגען קאָנען נאָך היינט און װעלן אפילו אין דער קאָמוניסטישער קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט אימשטאַנד זיין מיטצורייסן, באַגייסטערן און אַנטציקן.

יוסף באָװשאָװער האָט אויך באַדייטנדיק פאַרברייטערט די טעמאַטישע גאַמע פון דער דעמאָלטיקער פּאָעזיע, אַריינגעפירט נייע מאָטיװן און טעמען, האָט באַרייכערט דעם פּאָעטישן לעקסיקאָן, אַדורכגעבראָכן דורך זיין קלאַסן־פּריזמע אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען און טעמען, װאָס זיינען ביז אים דורך זיינע פאָרגייער נישט באַרירט געװאָרן און זיי געגעבן מיט דעם איינגנטימלעכן פאַר אים שטורמישן טעמפּעראַמענט און אָפטער װירטואָזיטעט, — אין אַ שלימותדיקער פּאָעטישער פאָרם.

פון אױבן געזאָגטן װערט קלאָר, װי װיכטיק און נױטװענדיק עס איז אונטערצוציען אַ סך־הכל פון דעם, װאָס מיר האָבן צו פאַרדאַנקען יוסף באָװשאָװערן, גענױער דערלערנען זיין פּאָעטישע ירושה. װייל אױב מיר האַלטן, אַז אונדזער היינטצייטיקע פּראָגרעסיװע סאָציאַליס־

טישע ליריק שעפּט איר טראַדיציע פון די פּראָלעטאַרישע ליריקער פון סוף פאַבריקן יאָרהונדערט איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז מיר מוזן אירע פאַרשטייער, אונדזערע פאָרגענגער, געטרוי דערלערנען. און דאָס נישט בלויז צוליב קולטור צו ליטעראַטור־אינטערעס, נאָר דערפאַר, ווייל זייער פיל פון זייער שאַפן, אויף וויפל עס איז געקומען צום אויסדרוק אויפן באָדן פון דער אמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטישערווירקלעכקייט, גיט אונדז א טיפן אריינבליק אין דעם „גאָלדענעם לאַנד" פון היינט און ווייזט אונדז, אז אירע צביעותדיקע רייד וועגן „פרייהייט און מאָראַל" האָבן אויך א טראַדיציע...

* * *

קודם איניקע ביאָגראַפישע פּרטים.

יוסף באָוושאָווער איז געבוירן געוואָרן דעם 30־טן סעפּטעמבער 1873 יאָר אין ליבאַוויטש (דעמלט מאָהילעווער גובערניע) אין א שטוב פון תורה און סחורה. דעם אומרואיקן, זוכנדיקן גייסט האָט פאַרשטענד־לעך נישט געקאָנט אינטערעסירן, איז געווען דערווידער, דעם טאַטנס פאַרפרומטקייט און זיינע געשעפטן. דער ישיבה־פּלפּול האָט אים אויך נישט באַפרידיקט. ער גייט אוועק פון דער פאַרמעגלעכער שטוב און ווערט אַן אָנגעשטעלטער אין א מעל־געשעפט. מיט א צייט שפּעטער לאָזט ער זיך קיין ריגע. א דאַנק זיין פענאָמענאַלן זכרון לערנט ער זיך דאָרט אויס דייטש. בכלל איז צו מערקן, אז ער איז שוין אלס יונגער בחור שטאַרק באאיינפלוסט דורך דער דעמאָקראַטישער השכלה, אין שפּיץ פון וועלכער עס שטייט מענדעלע און לינעצקי. אין 1891 יאָר אלס 18־יאָריקער בחור איז שוין באָוושאָווער אין אמעריקע. הגם ער האָט דאָרט צוויי ברידער, וואָס פאַרמאָגן געשעפטן, גייט ער אוועק אין א שאָפּ און אַרבעט אלס פּאַרייער, ס'הייסט ביי קירזשנערײ. צוזעענדיק דאָס לעבן פון אַרבעטער אין שאָפּ, פילנדיק אויף דער אייגענער הויט דעם טעם פון עקספּלאָאַטאַציע, הייבט ער אָן זיינע געפילן און געדאַנ־קען אויסגיסן אויף פּאַפּיר און בעת דער אַרבעט טאָקע די לידער פאַר־לייענען די אַרבעטער, און אזוי אַרום התמעט ער זיין גורל: — ער ווערט אַרויסגעוואָרפן פון שאָפּ. די אַלע פּרוּוון פון זיין ברודער צו מאַכן פון אים א „מענטש" געלונגען נישט. ווען דער ברודער אָרדנט אים איין א בשמים־קרעמל צעטיילט ער די גאַנצע סחורה זיינע פריינד און חברים, קיין אָנגעשטעלטער ביים ברודער וויל ער אויך נישט זיין. ער פאַרנעמט זיך מיט געבן לעקציעס אויף דייטש, לאָזט זיך אויף א שטיקל צייט אוועק אין יעיל־קאָלעדזש און אין משך פון 9 חדשים דערלערנט ער,

מיט דער הילף פון ווערטער־ביכער, פערפעקט די ענגלישע שפראך. ער דערלערנט זי אזוי ווייט, אז ער זעצט שפעטער אליין פריי איבער זיינע יידישע לידער און שרייבט אָריגינעלע לידער אין ענגליש אונטער דעם פסעוודאָנים באזיל דאהל. אין 1890 הייבט באָוושאָווער אָן ארויס־ווייזן סימנים פון פסיכישער קרענק. פון 1899 ביז דעם טאָג פון זיין טויט, ס'הייסט דעם 25־טן דעצעמבער 1915־טן יאָר געפינט ער זיך אין שפיטאָל פאר גייסטיק קראנקע און דאָרט שטארבט ער.

* * *

ווי ס'איז צו זען האָט דער שאפונגס־פעריאָד ביי יוסף באָוושאָ־ווערן, ווי ביי זיין פארגייער דוד עדעלשטאַט געדויערט געציילטע עטלעכע יאָר. און אויב דאָס שווערע לעבן, די פארטעמפטע ביהגע־לעכע ארומ־רינגלונג, האָט דעם ערשטן רעוואָלוציאָנערן לירקער ארייגעוואָרפן אין סוכאָטע, האָט זי דעם צווייטן ארייגעבראכט אין מעלאנכאָליע. צו ענג, צו שווער איז געווען די אטמאָספער אין דעם פארביזנעוועטן אמעריקע, צו אָנהאַדציק און טעמפ דער ארום, בכדי צו געבן געניג זאפט, געניג לופט, פאר אזעלכע עכטע נאטורן, דיכטערישע נשמות, זיי זאָלן אין איר נישט דערשטיקט און צעדריקט ווערן.

באָוושאָווער איז געקומען קיין אמעריקע אין א צייט, ווען דאָס לאנד איז געשטאנען פאר בלוטיקע קלאסן־שלאכטן, ערב דעם גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין 1893־טן יאָר.

די נײַנציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט אין אמעריקע צייכע־נען זיך אויס מיט האסטיקן וווקס פון אינדוסטריעלן פראָלעטאריאַט (אין 1860 — 1.311.000 ארבעטער און אין יאָר 1900 — 5.000.000), וואָס נעמט ס'רוב אריין דעם אימיגראנטישן עלעמענט. אָבער די אימ־פעריאַליסטישע פּאָליטיק, וואָס אמעריקע האָט דאן אָנגעהויבן צו פירן, איז נישט געווען אימשטאנד צו באזייטיקן די קריזיסן, די „האַרד טיימס" (שווערע צייטן). אין די קריזיס־יאָרן ווערן די שטרייקן נאָך שארפער, נאָך בלוטיקער. די וואָל־סטריט האלט דווקא אין צייטן פון געשטיגענער ארבעטסלאָזיקייט פאר פאסיק צו דריקן די ארבעטער־לוינען. אין דער צייט לעבן און ווירקן די רעוואָלוציאָנערע לירקער. דאָס איז אויך די צייט, ווען באָוושאָווער קומט זיך אייגבירגערן קיין ניו־יאָרק.

ווי עס זעט אויס דאָס געמיט פון אן ארבעטסלאָזן אין פרייען אמע־ריקע האָט באָוושאָווער אויסגעצייכנט געשילדערט אין זיין „אויס מיין טאָגעבוך". מיר וועלן ציטירן א גרעסערע שטיקל:

„איך בין אויפגעשטאנען מיט זונען־אויפגאנג, האָב זיך גיך אָנגעטאָן און כאָטש איך האָב געוועזן, אז דער טאָג וועט זיין א הייסער, פונדעסטוועגן בין איך געגאנגען אין ווינטער־מאנטל... אויף דער גאס האָב איך געקויפט א צייטונג, האָב דורכגעקוקט אלע „וואָנטס" (אנאָנסן — ש. ל.) און האָב גענומען מארשירן צו איינעם פון די אָנגעגעבענע פלעצער, ווו מען פארלאנגט אר־בעטער. גייענדיק האָב איך געטראכט, אז איך וועל געוויס זיין דער ערשטער, וואָס וויל אזוי שטארק עסן און איילט זיך דערפאר סו־מען פרי, אָבער איך האָב געהאט א טעות. איך האָב דאָרט גע־טראָפן א פאָר מנינים פון מיין סאָרט, ד. ה. הונגעריקע, נאקעטע, פארחושכטע ארבעטער. איך האָב באלד געוואָלט גיין צו א צווייטן פלאץ, אָבער איך האָב איבערגעטראכט, אז דאָרט מוז אויך זיין דאָס זעלבע ווי דאָ, איך בין געבליבן שטיין. איך האָב יעדן בא־זונדער באטראכט, זיך איינגעקוקט אין זייערע פארפינצטערטע פנימער, אויף וועלכע די נויט האָט ארויפגעלייגט איר שווארצן זיגל. איך האָב באמערקט, ווי איינער דעם צווייטן קוקט אָן בייז, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען אלטע שונאים. אך, איר אָרעמע, פאר־נארטע ארבעטער, האָב איך געטראכט, איר ווייסט נישט אויף וועמען צו זיין בייז, איר ווייסט נישט, ווער עס האָט אייך געבראכט צו אזא טרויעריקן צושטאנד...

דער ווארטן האָט מיך געערגערט און נאָך מער בין איך בייז געוואָרן, ווען איך האָב באטראכט, ווי מענטשן, וואָס ווילן אר־בעטן און געניסן פון זייער ארבעט — אזעלכע מענטשן מוזן נאָך שטיין און ווארטן ביז מען וועט זיי דערלויבן צו ארבעטן. ענדלעך האָבן מיר זיך דערוואָרט. עס האָט א פייף געטאָן זיבן און דער פאָרמאן איז געקומען. דאָס איז געווען א רויטער, אָפּגעפּרעסענער, פארטעמפּעוועטער דבר־אחר. ער האָט זיך אנידערגעשטעלט אויפן בריקל פון פאבריק און האָט אונדז גענומען באקוקן מיט זיינע קליינע פארשיכורטע איינעלעך, אקוראט ווי אן אָפּיציר באקוקט זיין ראָטע סאָלדאטן. די הענט האָט ער געהאלטן אין די הויזן־קעשענעס און זיין גאָלדן קייטעלע האָט זיך ארויסגעזען. ער האָט געקוקט מיט גדלות, מיט צופרידנקייט, מיט פארגעניגן... מיך האָט געעקלט אָנצוזען די חזירישע צורה פון אזא נידעריקער בריאה. איך האָב מער געקוקט אויף די ארבעטער.

...איך האָב געלעזן די פינצטערע געדאנקען פון זייערע קעפּ — מאָמער קריגט מען קיין ארבעט נישט, אין דער היים איז קראנק

די פרוי, א קינד, נישטאָ קיין ברויט, קיין דאָקטאָר, קיין מעדיצין, רענט קומט און דער לענדלאָרד סטראשעט ארויסצוווארפן פון דירה און פון אנדערע אזעלכע טרויעריקע צושטאנדן, מיט וועלכע עס איז פול דעם ארבעטערס לעבן.

ווען דער פאָרמאן האָט יעדן באזונדער באטראכט פון קאָפּ ביז די פיס, האָט ער ענדלעך א ווונק געטאָן צו דריי פון אונדז. נאטירלעך האָט ער אויסגעקליבן די שטארקסטע. ער האָט געהאט רעכט, אז מען קויפט סחורה, דארף מען זען וואָס ביליקער און וואָס בעסער צו קויפן. מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ זיינען די איבער־ריקע אוועק אין פארשידענע זייטן. איך בין אויך אוועק, אויפגע־רעגט, אין כעס...".

אָט אזא ווירקלעכקייט האָט באָוושאָווער געטראָפן אין דער גאָל־דענער מדינה, אין דעם לאנד פון „אמתער דעמאָקראטיע". און דאן איז אים קלאָר געוואָרן:

פילע, פילע מוזן קעמפן, —
פילע קעמפער מוזן פאלן,
ביז די פרייהייט וועט פארשפרייטן
אויף דער מענטשהייט אירע שטראלן —

דאָך פארצווייפלען דארפסטו נימאלס, —
דארפסט פאר שמערצן נישט פארשטומען,
שטאָלץ און מוטיק זאָלסטו קעמפן
און דער פרייהייט־טאָג וועט קומען...

עס איז קלאָר, אז דער מענטש פון שארפן בליק, פון היים־צעפּלאָמט געמיט, פון אָרגאנישער שנאה צו פאראזיטיזם און פארקנעכטונג פון ארבעטס־מענטש האָט געהאט אינאינציקן פלאַץ: — צווישן די אר־בעטער, צווישן „די ברידער", ווי ער האָט זיי גערופן, אז זיין טרוים האָט געקאָנט זיין איינער: — קעמפן פאר א ווירקלעכקייט, ווו עס וועט נישט זיין קיין רייכע און קיין לוין־שקלאפן, קומען צו איין אויספיר: — אז הגם דאָס קומען פון דער רעוואָלוציע, צו וועלכער ער האָט מיט אזא פאטאָס גערופן, וועט קאָסטן א סך בלוט, איז זי אָבער אומפאר־מיידלעך און זי וועט זיגן. און פון דאנען דער אָפּטימיזם פון באָווּשאָ־ווערס ליד, דערפאר איז אין דעם נישט פאראן דער קרעכץ און די טרער, דעריבער ציגרט זיין וואָרט, גליט און רופט א סוף צו מאכן צו דער אמעריקאַנער קאפיטאליסטישער ווירקלעכקייט, ווו די רייכטימער זיינען קאָנצענטרירט ביי יחידים און די איבערוויגנדיקע מערהייט זיינען „לוין־

שקלאפן", ווי עס באצייכענען ריכטיק די רעוואָלוציאָנערע ליריקער דעם פּראָלעטאַריאַט.

די אינערטקייט, די אידעישע נישט צוגעגרייטקייט פון פּראָלעטאַריאַט צוליב זיינע פּארקויפטע פירער־פּאַרפירער פון דעם „טרייד־יוניאָניזם", די ביזנעס־אַטמאָספער און די פארשפרייטע אילוזיעס, אַז אַלע האָבן גלייכע שאַנסן צו ווערן מיליאָנערן, וואָס ווערט אַזוי עקשנותדיק גע־פלאַנצט אין אַמעריקע אין משך פון לאַנגע יאָרצענדליקער, דער יידישער אַלרייטניקיזם פון דער פּובליציסטיק פון זיין צייט, האָבן אָרויסגערופן און האָבן געמוזט אָפּט אַרויסרופן דאָס געפיל פון פאַראייניזאַמטקייט, געמוזט דעפּרימירן. באָווישאָווער האָט נישט געהערט צו די נאַטורן, וואָס קאָנען זיך צופאַסן, זיי קאָנען זיך ברעכן, אָבער נישט בויגן. און יוסף באָווישאָווער איז נאָך 8 יאָר זיך ראַנגלען, געבראָכן געוואָרן.

אין די שווערע מינוטן, ווען ער האָט דערשפירט דאָס אָנרוקן זיך פון „דער נאַכט" אויף זיין באַוווסטזיין, בעט ער די מוזע:

„פאַרלאָז מיך נישט, מוזע, אָ טייערע מיינע,\
דו ליכטיקער שטערן פאַר מיר אויף דער ערד!\
דו הימלישע טאָכטער, דו הייליקע, פיינע —\
נאָר דו ביסט מיין וואָפן, נאָר דו ביסט מיין שווערד.

...„אָ מוזע, דורך דיר, נאָר דורך דיר קאָן איך וועקן\
די ליידנדע ברידער, וואָס יאָמערן שטיל...\
וואָס לעבן אין עלנט, אין אייביקן שרעקן,\
דורך דיר, וועלכע האָבן קיין מענטשן־געפיל...

...דאָך, מוזע, מיין האַרץ, ווי די ראָזע פאַרוויאַנעט,\
זי ווערט אימער שוואַכער פון שמאַרצן אָן שיר;\
דורך פיילן פון יעצטיקן גיהנום צעראַניעט...\
דאָך, אַך! עס געפינט זיך קיין טוי נישט פאַר מיר...

...באַגלייט מיך, באַגלייט ביז די לעצטע מינוטן\
און העלף מיר דערציילן מיין שמאַרץ דורך געוויין.\
און דאַן ווען מיין האַרץ וועט אינגאַנצן פאַרבלוטן,\
דאַן, ליבסטע, נישט לאָז מיך, נישט לאָז מיך אליין.

...איך וויל אין דיין אָטעם זאָל לאַנגזאַם צערינען,\
ווי נעפּל, מיין טריבער, געפייניקטער גייסט;\
דאָך ביז איך וועל פאַלן, באַלייכט מיר מיין זינען,\
צו וועקן די ברידער, וואָס זייען פאַרגרייזט!...

„וועקן די ברידער", דאָס טראַקטירן די מוזע ווי א שווערד — אָט אַזאַ איז דער פּאַטעטישער קרעכץ פון יוסף באָוושאָווערן אפילו אין דעם ווייפולן ליד, וואָס ערזותט וועגן די שווערע אנונגען פון דער פּסי־כישער קאַטאַסטראָפע, וואָס רוקט זיך אויף אים אָן צוליב די „שמאַרצן אָן שיר", וואָס האָבן פארוואונדעט זיין האַרץ, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט זיין לעבן אין א גיהנום.

יוסף באָוושאָווער איז איינער פון די פיל קרבנות פון דער ווילדער, רויבערישן־אָנהאַרציקער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט, וועלכע פאַר־טראָגט נישט דאָס וועקנדיקע, באַפרייערישע וואָרט, וואָס פאָדערט ליכט און גערעכטיקייט, וועלכע איז גורם דערצו, אז אַלע די, וואָס האָבן זיך מיטן גאַנצן פייער פון זייער האַרץ אָפּגעגעבן דער זאַך פון באַפרייונג, פון קאַמף פאַר א נייַ לעבן, זאָלן ווערן פאַרדרענגט און צעקוועטשט אונטער דער לאַסט פון פּיין, דערנידערונג, נויט און גלייכגילט. פיזיש איז באָוושאָווער געבראָכן געוואָרן, אָבער זיין מוטיק, רעוואָלוציאָנער פּאַטעטיש־וואָרט איז געבליבן.

* * *

אין דעם ליד, וואָס יוסף באָוושאָווער האָט אָנגעשריבן אין טאָג פון עדעלשטאַמס פריציטיקן טויט, (דעם 17־טן אָקטאָבער 1892־טן יאָר) שרייבט ער:

...אויפגעפּעפּערט האָט ער אַלעס:
זיך, זיין גאַנצע הויזגעזינד —
רואיק זיצן פון דער ווייטן
איז געווען ביי אים א זינד...

נישט געקוקט אויף פאַרגעניגן —
האָט ער אין דער שלעכטער צייט;
פאַרגעניגן האָט געהייסן —
פאַרצווזעצן נאָך דעם שטרייט.

...שפּעט ביינאַכט — נישט אויסגעשלאָפן,
דאָרשטיק, הונגעריק און מיד
איז ער שטיל אַליין געזעסן,
שרייבנדיק זיין פרייהייטס־ליד.

יענע ליד, וואָס יעדע שורה
איז אַ שטאַרקער קריגס־סיגנאַל
אויפצוּוועקן אַלע שקלאַפן,
קעמפן קעגן קאַפּיטאַל.

אין דעם האָט דער הויך־טאַלענטירטער דיכטער באַוושאַוועד געזען די מאָראַלישע און דיכטערישע גרויס פון עדעלשטאַט. ווען מיר וועלן זיך צוקוקן צום שאַפן פון באַוושאַווערן גופא, וועט נישט שווער זיין צו באמערקן, אַז נישט נאָר וואָס ער האָט יעדע שורה געשטרעבט צו פאַרוואַנדלען אין אַ „קריגס־סיגנאַל", צו „קעמפן קעגן קאַפּיטאַל", נאָר האָט פיל שטריכן, וואָס זיינען אייגנטימלעך געווען עדעלשטאַטס שאַפן, פאָטענציאָנעל פאַרשטאַרקט, אָדער זיי אָנגעגעבן אַ באַזונדערע אויסדריקלעכקייט, — פון אַנדערע ווידער אינגאַנצן זיך אָפּגעזאָגט.

אַזוי איז באַוושאַווערן פרעמד דאָס טרערנדיקע אָכצן און קרעכצן, וואָס איז אַזוי אייגנטימלעך סיי פאַר עדעלשטאַטן, סיי פאַרן „טרערן־מיליאָנער" ראָזענפעלדן און אפילו ווינטשעווסקין.

ביי באַוושאַווערן פילט זיך שוין דער גרויסער פּאַטאָס פון אַ שטאַרקער אינדיווידואַליטעט, וואָס ווייסט, אַז ער איז אימשטאַנד נישט בלויז די לאַגע פון אַרבעטס־מענטש צו שילדערן, זיין האס און כעס אויסצודריקן, נאָר אַז ער, דער מענטש, איז באַרופן אפילו די נאַטור צו ענדערן, איז אומבאַגרענעצט אין זיינע מעגלעכקייטן, איז אומבאַגרענעצט אין זיין באַזיגן אַלע, מיט דער קראַפט פון זיין ווילן און שכל.

„דורך מיר גייט אויף די ליכט פון פריען מאָרגן,
די ערשטע שטימען דער נאַטור ריידן דורך מיר.
מיט מאַכט אַנטדעק איך, וואָס זי האַלט פאַרבאָרגן,
מיט שטורעם און מיט אור־געוואַלד צי איך דורך איר.
איך עפן אויף די שאַפונגס־ברייטע טירן
און פיר דעם מענטשן אין איר האַרץ אַריין;
דורך אירע סודות שטרעב איך אים צו פירן,
ער זאָל איר מייסטער און באַפעלער זיין.

אַזעלכע טענער האָט די יידישע רעוואָלוציאָנערע ליריק ביז איצט נישט געהערט. ביי באַוושאַווערן האָט דער געזונטער אָפּטימיזם, דער גרויסער גלויבן אין באַפרייטן מאָרגן, אין פאָלק, אין דער רעוואָלוציע באַקומען סיי די שלימותדיקע פּאָעטישע פאַרקערפּערונג, סיי איר אייגנטימלעכן פּאַטאָס.

עס איז ממש צו באוואונדערן ווי קאָנסעקווענט באָוושאָווער איז סיי אין באַנעמען דעם מהות פֿון דער פּאָעזיע, סיי אין רעאַליזירן די פּאָסטולאַטן פֿון קונסט אין זיין אייגן שאַפֿן, סיי אין אָפּקליינ פֿון די דיכטער, וועלכע זיינען געווען זיינע ליבלינגען, זיין פּאָעטישע שול.

אין זיין גרעסערן אַרטיקל „וועגן פּאָעזיע" שרייבט באָוושאָווער: „גוטע פּאָעזיע איז די, וועלכע דריקט אויס די טיפסטע, שענסטע, דערהויבנסטע געדאַנקען, און די רייכסטע, שענסטע און טיפסטע געפילן אין דער שענסטער און פּאַסיקסטער פֿאָרם".

„...מיט פּאָעזיע קאָן מען אַנטציקן, אויפמונטערן און באַגייסטערן גרויסע מאַסן מענטשן פֿאַר אַ גרויסן קאַמף. איין לידל קאָן דערוועקן טויזנטער און ווערן זייער קאַמפס-געשריי אין פֿעלד". אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן דאָס ליד, די פּאָעזיע אויספֿירן איר שליחות? וואָס פֿאַרפֿליכטעט דעם דיכטער, בכדי צו קאָנען מיטרייסן און באַגייסטערן טויזנטער?

„דער דיכטער מוז קענען זיין צייט, אום צו קאָנען זיין די שטימע פֿון זיינע מיטמענטשן; ער מוז זיין ווי אַ גרויסער שטראָם, צו וועלכן אַלע קליינע טייכעלעך פֿון דענקען און פֿילן זאָלן זיך ציִען; ער מוז זיין ווי אַ האַרפֿע מיט פֿייערדיקע סטרונעס, אויף וועלכע אַלע ווינטן, זאַנפֿט און שטורעמדיק זאָלן שפּילן; ווי אַ שפּיגל פֿאַר דער וועלט, פֿאַר דעם אוניווערסום; ער מוז זיך ווידמען זיין קונסט מיט לייב און לעבן, און אימער, אימער לערנען, דענקען וועגן קונסט, זי האָבן אין זינען, ווו ער גייט און שטייט. ער מוז זיין בערייט (גרייט — ש. ל.) צו אָפּפֿערן דערפֿאַר זיין צייט, זיין געזונט, זיין געדולד און זאָגאַר זיין לעבן".

„די פּאָעזיע — זאָגט באָוושאָווער — איז די זינגענדיקע געשיכטע פֿון צייטן".

ווען מיר וואָלטן וועלן פֿון אָט-די אַרויסזאָגונגען אַרויסציִען אַ סך-הכל, וואָלט מען אויך אַזאַ אופֿן באַדאַרפֿט דעפֿינירן באָוושאָווערס פּאָעטישן קרעדאָ: די פּאָעזיע מוז זיין פֿאָרמעל שלימותדיק, מוז אָנקערן אין לעבן, קענען די צייט און די מענטשן, דאַרף אַנטציקן, מונטערן און רופֿן, דער פּאָעט דאַרף טראַכטירן זיין שאַפֿן ווי אַ גרויסע און פֿאַראַנטוואָרטלעכע שליחות.

און ער האָט די פּאָסטולאַטן רעאַליזירט אין דער פֿולער מאָס. באָוושאָווער האָט באַזונדערס אַכט געלייגט, אַז זיין ליד זאָל „מוזיקאַליש קלינגען". ער זאָגט וועגן זיך:

ווי דער דיאמאַנט־שלײַפער זיץ איך
און איך פוץ די לידער מײַנע.
מוט און זין — און קראַפט באַזיץ איך
זיי צו שאַפן, די לידער מײַנע.

(„דיכטונג-לוסט")

און עס איז ממש צו באַוווּנדערן ווי גראַמען־רײַך, ווי בילדעריש און אַדעקוואַט אין אויסדרוק, ווי אָפט מײַסטעריש אין קאָנסטרוקציע עס איז באַוואָשאַווערס ליד. די שלימותדיקייט פון פאָרם איז נייטיק, בכדי צו קאָנען „אויפמונטערן און באַגײַסטערן גרויסע מאַסן מענטשן פאַר א גרויסן קאַמף". און לידער, וואָס דינען נישט אָט דעם אײנציק וויכטיקן און געהויבענעם ציל האָלט באַוואָשאַווער פאַר קיין פּאָעזיע נישט. פּאָעזיע איז שליחות! און זײַנע לערער זוכט ער בלויז צווישן די דיכטער, וואָס האָבן אין זיך דאָס פרייהייט־ליבנדיקע, דאָס טיף־הומאַניסטישע סובלימירט און אַרויסגעבראַכט מיט גרויסער מײַסטערשאַפט. און אַזוי געפינען מיר צווישן זײַנע באַליבטסטע שרײַבער וואָלט וויטמאַנען, עמערסאָנען, היינריך היינע, און געטעס „פּראָמעטיי" און „פאַוסט".

אין די שווערסטע לעבנס־צײַטן, צי ווען ער האָט געאַרבעט אין שאַפּ, צי ווען ער איז געווען אויסגעשמעלט אויף דער הילף פון די פרײַנד זײַנע, פלעגט ער זיצן אין די נעכט און לערנען, זיך בילדן. אין זײַן ליד „דער שלאָף", וואָס טראָגט א בולט אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער דערציילט דער דיכטער:

נאַכט האָט ברייט זיך אויסגעגאָסן,
אַלע אויגן צוגעשלאָסן,
איך אַליין נאָר זיץ ביים טישל
און איך לערן נאָך אַביסל.
...און איך לערן, מיש די בלעטלעך,
וועלכע זײַנען גלייך צו בעטלעך,
ווו עס רוען טויטע ראַסן,
העלדן, קעמפער, פעלקער־מאַסן.
כ'לערן, לעז פון מאַפּפּערע קריגער,
פון באַזיגטע און פון זיגער,
וועלכע האָבן פול טרייהייט,
היים געקעמפט פאַר רעכט, פאַר פרייהייט,
וועלכע האָבן ווי די לייבן,
ווי די ריזן זיך ערהויבן

מיט א ליבעס־באַנד צוזאַמען,
אום די הענקער צו פֿאַרדאַמען.
...אַך! עס טראַכט זיך מיר ביים לעזן:
וואָלט עס יעצט, אַ יעצט געוועזן,
און איך וואָלט שוין דאָרטן זיצן —
דאָרט, אין פֿעלד, ווו שווערדן בליצן...

באָוושאָווער דערציילט ווייטער ווי פֿון געשיכטע גייט ער איבער צו שטודירן די נאַטור־געהיימנישן ביז עס הייבט אים אָן צו באַהערשן די מידקייט און ער פֿרעגט: „ווער איז דאָס? איך מעג דאָך זיצן נאָך אַ טאָג פֿון שאַפֿן, שוויצן!" און עס ווערט אים קלאָר, אַז דער „נאַט מאַמאָן" איז אויך דער באַלעבאָס איבער זיינע „פֿרייע שטונדן", וואָס ער האָט אים געגעבן נישט בכדי צו קלעריער מאַכן זיין באַוווּסטזיין, נאָר בכדי אויסצורוען דעם „קערפּער שלאַפֿן", ער זאָל אויף „מאָרגן קאָנען שאַפֿן".

ווי אַ פֿערד, יאָ, ווי אַ בהמה
פֿול מיט אַנגסט, מיט שרעק, מיט אימה
פֿאַר דעם געלט־גאָטס שווערע ביטשן...

באָוושאָווער האָט נישט געלייענט בלינד.

פּונקט ווי ער האָט נישט בלינד נאָכגעפֿאָלגט די פֿאַרגענגער זיינע פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליריק, פּונקט אַזוי האָט ער אויך ביי יעדן פֿון די קלאַסיקער פֿון דער וועלט־פּאָעזיע קריטיש אויפֿגענומען דאָס, וואָס האָט אים געדינט אַרויסצוברענגען זיין ליידנשאַפֿטלעכן רוף צו קאַמף פֿאַר באַפֿרייונג, צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. און ווען מען זאָל דאַרפֿן אַם גענויעסטן דעפֿינירן פֿון וואַנען ער האָט געשעפּט זיין געזאַנג וואָלט אַמפּאַסיקסטן געווען צו ציטירן זיין לירישע ליד „צו מיינע ברידער":

די פֿידל בין איך,
די סטרונעס זייט איר,
נאָר איר קענט דעם קלאַנג
דערוועקן אין מיר.

דאָס ליד וואָס איך זינג
פֿאַרדאַנק איך נאָר אייך,
אליין בין איך שטום,
ווי מאַרמאָר־שטיין גלייך.

און ליב איך אייך נישט,
און ווער פלוצלינג מיד,
דאן זינגט זיך נישט מער
קיין איינציקעס ליד...

* * *

ווי עס איז צו זען פון אויבן געזאָגטן האָט באָוושאָווער סיי אָנגע־בונדן אין בעסטן פון דער יידישער ליריק פון זיין צייט, סיי זיך גע־לערנט מייסטעריש ארויסברענגען געמיט ביי געטען, סיי זיך אנטציקט פון פּאָעטישן ווייסן פערז ביי וואָלט וויטמאנען, וואָס געהערט אָן שום ספק צו די שענסטע פאַרשטייער פון דער אמעריקאנער פּראָגרעסיווער פּאָעזיע, און במילא צו די אמשטארקסטן געהאסטע דיכטער דורך דער בורזשואזיע אין זיין צייט, סיי זיך געלערנט ביי היינען אָנצווענדן די סאטירע און אייניקע פון די היינע־מאָטיוון פּרעכטיק רעוואָלוציאָני־זירט. אָבער דעם קוואל פאר זיין שאפן, דעם מקור פון זיין באגייסטע־רונג האָט ער געזען אין די ארבעטנדיקע מאסן. און דעריבער טיילט זיך טאקע באזונדער אוים די דיכטערישע פיזיאָנאָמיע פון יוסף באָור שאָוערן, וואָס האָט פארמאָגט אזא ברייטן אומפאנג פון מאָטיוון, פא־נאנדערגעבראָכן די אסקעטישע ראם פון דער דעמלטיקער יידישער פּראָ־לעטארישער ליריק און ארייננעפירט פּרעכטיקע ליבע־מאָטיוון, האָט אזוי אוממיטלבאר, עכט און שטארק ארויסגעבראכט די הייסע ליבע צו דער נאטור און דאָך אזוי נאָענט, פארשטענדלעך געווען דעם ארבעטס־מענטש.

און מערקווירדיק: דער טעמפּעראמענטפולער דיכטער, פארמאָגט אָן א שיר נאטור־פארגלייכן, נאטור־שילדערונגען, א שטארקן דראנג צו באזינגען נאטור־שיינקייט, ער פילט אָבער, אז די צייט איז איצט נישט אנטשפּרעכנד. עס זיינען במילא רירנדיק זיינע „געבעטן" צו דער נאטור, זי זאָל אים אזוי נישט לאָקן און ציען, ווייל „ער טאָר נישט פארזונקען אין ליסט".

איך טאָר נישט — און מעג איך עס טויזנט מאָל וועלן,
דען דאָרטן... אָ שרעקלעך! באטראכט,
ווי ס'טרינקען זיך טויזנטער מענטשלעכע זעלן
אין פינצטערן אפּגרונט פון נאכט.

אָ, זעו! זיי זינקען דאָרט אין טייכן פון טרערן,
זיי שלאָפן באַדעקט פון טומאַן...
זיי קענען דעם רוף פון דעם צייט־ווינט נישט הערן,
צו ברעכן די שיף פון טיראַן.

און ער זאָגט, אַז ווען עס וועט דאָרט אָנהייבן „קאָכן און שוימען, און מישן", ערשט דאַן ווען עס וועט זיך „שטורמיש באַגינען דער קאַמף", וועלכער וועט פאַרטרייבן „דעם שאָטן וואָס דעקט צו דאָס ליכט" און עס וועט אויפקומען די זון „פון פרייד אויף דער וועלט"

ערשט דאַן, אָ, נאַטור, וועל איך האַלדזן און קוסן (קושן)
דעם זאַמד, וועלכער רוט אויף דיין טריט —
דערטרינקען מיין זעלע אין דיינע געגוסן
מיט רואיקן, זיסן געמיט...

(„מיין געבעט")

אין זיין עכט־פּאָעטיש ליד, וואָס גיט אַ נייע באַהאַנדלונג פון מי־טאָלאָגישן „אַמאָר און פּסיכע", און טראָגט ביי אים דעם נאָמען „אַמאָר און די פרייהייט" ווענדט זיך די פרייהייט צו דעם ליבע־גאָט, וואָס וויל אָנצינדן לוסט, ער זאָל אָפּהאַלטן זיינע פיילן, ווייל זיי וועלן נאָך שטאַר־קער פאַרשאַרפן דעם ווייטיק און זאָגט:

די פרייהייט בין איך, די געפּלאָגטע,
די אייביק פאַרהאַסטע דורך הענקער,
די אייביק געזוכטע פון דענקער,
און יעצט נאָך, ווי אימער, געיאָגטע —

דאָך האָב איך מיין מוט נישט פאַרלאָרן;
נאָך לעבן די פריינדע דער פרייהייט,
וואָס קעמפן אַנטשלאָסן מיט טרייהייט,
מיט אייביק גערעכטיקן צאָרן.

און זיי, אָ אַמאָר, די וואָס ווילן,
די פרייהייט זאָל ליבע באַקרוינען,
זיי זאָלסטו, איך בעט דיך, פאַרשוינען,
פאַרהיטן פון ליבעס־געפילן —

פאַרוואָס בעט די פרייהייט די ליבע זאָל נישט פאַרנאַרן אין איר נעץ די מענטשן? — ווייל די פרויען זיינען נאָך נישט גרייט צו באַ־גלייטן די מענער אין קאַמף!... און דאַן לערנט אַמאָר:

רעם קעמפער דארף קיין זאך נישט בינדן!
און דאָס, וואָס עס האָט אים געהינדערט,
וואָס האָט זיינע טאטן געמינדערט
דאָס מוז אויס דעם וועג אים פארשווינדן!

ער מוז יענע בענדער צעפליקן,
וואָס האלטן אים נאָך ביי דאָס אלטע,
די צוקונפט, די פרייהייטרבאשטראלטע,
זאָל יעצט אויך זיין לעבן באגליקן.

און ווייטער:

וואָס טויגן די שוואכע נאטורן,
די וואקס־ווייכע שטילע געמיטער?
אין דעם קאמף, זאָ הייס און זאָ ביטער,
פארשווינדן גאָר שנעל זייערע שפורן.

...דער קעמפער מוז קאָנען באנרייפן
דעם קאמף אין זיין ריכטיקער גרויסקייט,
דאַן וועט ער מיט דאָפּלטער הייסקייט
זיין שווערד קענען הענקער פארשלייפן.

יאָ, א שטארקן דראנג צו נאטור, צו ליבע, צו פרייד און געניוס פון לעבן איז צו מערקן אין באָוושאָווערס שאפן, נישטאָ דאָס ווייכן פון די פריידן פון לעבן. עס איז אָבער אין אלע מאָטיוון פאראן די שוידערלעכע אמעריקאנער קאפיטאליסטישע ווירקלעכקייט, ווו „אלץ איז דאָרט פארדאָרבן", ווו די „ליבע פאלט א קרבן און האָט קענען גאָלד קיין ווערט נישט". און פאר אלע אינטימע לידער איז כאראקטעריסטיש דאָס ענגע צונויפשמעלצן דעם דיכטערישן „איך" מיטן לעבן, באדארפן, שטרעבונגען פון ארבעטער־קלאַס. דער סינטעז פון אינדיווידועלן מיטן סאָציאלן — אָט דאָס כאראקטעריזירט דעם וואָג און ווערט פון באָווּשאָווערס ליריק.

* * *

די יידישע פראָלעטארישע ליריק האָט, ווי באוווסט, געגעבן א גאנצע ריי בילדער פון ארבעטער־לעבן און ארבעטער־נויט, פּרעכטיקע שילדערונגען פון דער ארבעטער־ווירקלעכקייט טרעפן מיר ביי מ. ראָזענפעלדן, ביי ווינטשעווסקין און עדעלשטאטן, אָבער אפשר בלויז ביי עדעלשטאטן האָבן די שילדערונגען דירעקט געדיינט אלס אויסגאנגספּונקט פאר רעוואָלוציאָניזירנדיקע אויספירן. באָוושאָווער האָט מיט א באזונדערער

קראפט דערמאָסקירט די צביעותדיקע אמעריקאַנער קולטור סיי אין זיינע לירישע לידער, סיי אין זיינע גלענצנדיקע סאַטירישע ווערק, ווו ער האָט אַזוי פּרעכטיק אויסגענוצט דאָס היינע׳ש־ביסיקע, סאַרקאַסטישע.

און אַט געפינט זיך דער דיכטער אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין טשיקאַגאָ, קוקט אויף די פּרעכטיקע טורעמס און טורעמלעך, וואָס באָדן זיך אין שלל ליכט און פּראַכט, אָבער עס קומט אַ בייזער „דער מענטשלעכער זשעני" און רופט זיך אָפּ צו די שטאָלצע לייט, וואָס גרויסן זיך מיט זייער אויפטו און צו זייערע געטרייע באַדינער פון דער רעליגיע, קונסט און וויסנשאַפט:

הערט מיין שטימע, שטאָלצע הערשער.
וועלטן־רויבער, ליגן־שמידער,
און פּאַרציטערט זאָלן ווערן
אייערע שמאַלץ־באַדעקטע גלידער!

...זאָל מיין בראַנד־וואָרט אייך דערשרעקן,
אייך מאַמאָנס געקויפטע גייסטער! —
און אין שטויב זאָלט איר באַלד ליגן
פאַר דער מענטשהייטס וואָרן מייסטער...

רויט, מיט מענטשן־בלוט באַזונלט,
זיינען אייערע הענט, די ווייבער,
נישט באַרירט מיט זיי די הימלען
פון דער געטין קונסט, די הויכע!

...פריינט זענט איר פון שטריק און גאַלגאַנס,
פרייע גייסטער צו דערשטיקן;
פריינט זענט איר פון שרויט און פולווער
אום די וועלט צו אונטערדריקן —

...ווי אייך, ווי אייך, אונטערדריקער!
הערט מיין וואָרט, עס איז דאָס העכסטע —
גיך וועט איר ווי פליגן פאַלן
אין די הענט פון די גערעכטע!...

ביז גאָר בייסיק און שטאַרק איז באָוושאָוועס סאַטירע. מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז באָוושאָווער האָט געקענט די קלאַסישע ליטעראַטור. אַז זייער פיל לידער האָט ער פריי באַאַרבעט פון דייטש (דער עיקר פון געטע און היינע) און פון ענגליש. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן בלויז אויף

איין ליד, וואָס איז געהאלטן אין היינישן טאָן און פּאַרמאַנט היינען אַלס העלד.

היינע קומט צו אים ביינאַכט און דערציילט:

איך בין יעצט — האָט ער מיט אַ שמייכל געזאָגט —
דורך דר'ערד פון קבר אַנטלאָפן,
און וואָלט איך מיין רייזע געמאַכט אויף דער ערד,
מיך וואָלט אַ זשאַנדאַרם געטראָפן. —

מען האָט מיר אין פראַנקרייך, אין שיינעם פּאַריז,
אַ קבר צו שלאָפן געגעבן —
באַגראָבן זיין קאָנסטו אין יעטוועדן לאַנד,
דאָך לאָזט מען דיך נישט לעבן.

היינע דערציילט אים, אַז ס'אַ ליגן די אויסטראַכטעניש וועגן גיהנום און גן־עדן, אַז דאָס איינציקע, וואָס איז יאָ פאַראַן איז... ווערים און נימ צו:

אויך מיר וואָלט די חברה געטאַטשעט אָן סוף,
ווי ס'האָבן געטאָן די צענזאָרן,
אַ נס וואָס איך האָב אויף דער זינדיקער ערד
מיין פלייש דורך אַ קראַנקהייט פאַרלאָרן.

היינע דערציילט, אַז ער איז געקומען זיך דערוויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, ער האָט געהערט, אַז מען האָט אים געמאַכט אַ דענקמאָל ווו אויבן זיצט די „לאָרעליי", נאָר אין זיין געבוירן־שטאָט דיסלדאָרף וויל מען אים דעם דענקמאָל נישט שטעלן צוליב זיין יידישן אָפּשטאַם און באַמערקט:

און שיצט מיך דער גייסט פונעם געטלעכן זון,
און שיצט מיך אברהם, מיין זיידע,
דאָס קריסטנטום שטינקט און דאָס יידנטום שטינקט,
זיי שטינקען מיין טייערער ביידע! —

אָבער פאַרוואָס איז ער געקומען צו אים קיין אמעריקע? היינע האָט זיך דערוווּסט, אַז דעם דענקמאָל וויל מען אים שטעלן דאָ „אין דער פרייהייט־שטאָל", וואָס איז אים קיינמאָל נישט ליב געווען. בעת ער דעריבער דעם דיכטער ער זאָל אים פונקט ווי ווירגיל האָט דאַנטען געפירט איבער דעם גיהנום, זאָל ער אים פירן איבער ניו־יאָרק...

עס וואָלט נישט שווער געווען צו פאַרמערן די ביישפּילן, וואָס איר־לוסטרירן סיי די בולטע אַנטיקאַפּיטאַליסטישע, אַנטירעליגיעזע איינשטעלונג פון באָוושאָווערן, וואָס אילוסטרירן באָוושאָווערס קעגנטעניש פון דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט, דאָס אַרבעטער־לעבן, וואָס דריקן אויס דעם טרוים וועגן אַ נייער פרייער וועלט. זיין באַגייסטערטער רוף צום פאָלק עס זאָל נעמען פון אַרבעט די פּירות, „שאַפנדיק לעבן און גע־ניסנדיק שאַפן פאַר די פרייערע דורות". זיין ליד „רעוואָלוציע", וואָס האָט נישט איר גלייכן אין זין פון עמאָציאָנעלער אָנלאָדונג און קראַפט פון דיכטערישן אויסדרוק נישט בלויז אין דער יידישער פּאָעזיע, זיינען בלויז דער לאָגישער פּועל־יוצא פון דער גאַנצער איינשטעלונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן ליריקער יוסף באָוושאָווער.

און העריבער שפּריצט ער מיט האַס און פאַראַכטונג צו די ציר־טונגס־שרייבער די פאַרקויפטע, וועלכער ער רופט „דין־פיסיקע בעל־עבירהניקעס", „הינער־פּאָעטן" און „זע־מיך־נישט־אָן דיכטער".

באָוושאָווער האָט געהאַט די פולע רעכט, די מאָראַלישע און דיכ־טערישע אַזוי צו קוקן אויף דער פּלעיאַדע פען־משרתים, ווייל ער איז צווישן זיי געווען אַן אָדלער סיי אין דער ווייטקייט פון בליק, סיי אין דיכטערישער קראַפט. דורך אים האָט געהאַפט, געשטרעבט און אויסגע־דריקט זיין אָפּטימיסטישן גלויבן, זיין ווילן דער אַרבעטער־קלאַס, און ווען באָוושאָווער זאָגט אין זיין רעוואָלוציאָן:

אוּן איך, איר געהייליקטע געלט־זעק, געזאַלבטע, געקרוינטע באַנדיטן,
איך וועל אייך פאַרניכטן מיט אייערע פאַלשע געזעצן און זיטן,
און אייערע הערצער, וואָס שמאַכטן נאָך מענטשן־בלוט, וועל איך
דערשטיקן,
און אייערע קרוינען און סצעפּטער די גאָלדענע, וועל איך צעברעכן!

ווען באָוושאָווער רעדט וועגן דער „שפּינוועב־מאָראַל" און דעם „אוראַלטן ליגן", וואָס די רעוואָלוציע וועט פאַרניכטן און וועט „ריין מאַכן די ערד און דעם עטער" פון דער פאַרסמנדיקער בורזשואַזער ווירק־לעכקייט, דריקט ער אויס דעם ווילן פון פעלקער, פילט ער אין זיין פּאָעטישן שווונג דעם אָטעם פון מיליאָנען, וועלכע גאַרן, שטרעבן, קעמפן, זיינען רעצידירט זייער לעבן שטרעקן פאַר דער זאַך פון פרייהייט, פון באַפרייונג פון די קייטן פון אימפּעריאַליזם.

און אין דעם שטעקט די גרויסקייט פון דעם קרעפטיקן רעאַליסט און רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיקער יוסף באָוושאָווער, אין דעם, דער באַ־

דייט פון דער גאנצער גרופע פראָלעטאַרישע ליריקער. נישטאָ קיין „ספּע־ציפיש־יידישע אינטערעסן" ביי זיי, זיי זעען, אז דער יידישער ווי דער נישט־יידישער פאבריקאנט, צי לענדלאָרד זיינען פון איין בלוט־זויגעריש טייג געקנאָטן, זיי זעען, אז די באפרייונג פון נישט־יידישן ארבעטס־מענטש איז אויך זייער באפרייונג. און אַט די ריכטיקע קלאסן־שטעלונג האָט אָן ישום ספק געשטייגערט זייער באדייטונג, ווייל זי האָט אויס־געדריקט דעם פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם.

ווארשע, 1950 י.

# מאַקסים גאָרקי —
# דער גרויסער סאָציאַליסטישער הומאַניסט
## (צום 15־טן יאָרצייט נאָך זיין טויט)

אין זיין דערציילונג „דער לייענער" („טשיטאַטיעל"), וואָס איז גע־דרוקט געוואָרן אין יאָר 1898 זאָגט גאָרקי:

„דער ציל פון דער ליטעראַטור — איז העלפן דעם מענטשן צו פאַרשטיין זיך אַליין, שטאַרקן זיין גלויבן אין זיך און אַנט־וויקלען ביי אים די שטרעבונג צום אמת, צו קעמפן מיט דעם נידעריקן אין מענטשן, קאָנען געפינען דאָס גוטע אין אים, דער־וועקן אין זיין האַרץ דאָס געפיל פון חרפה, פון האַס, פון העלדיש־קייט. טאָן אַלץ דערצו, אַז די מענטשן זאָלן ווערן אדעליק־שטאַרק און זאָלן קאָנען באַגייסטערן זייער לעבן מיטן הייליקן גייסט פון שיינקייט".

ווען מיר קוקן זיך צו צו דעם שאַפן פון מאַקסים גאָרקי איז נישט שווער זיך צו איבערצייגן, אַז אָט דער אידעאַל האָט אים באַגלייט אין משך פון זיין גאַנצן שעפערישן וועג, אַ וועג, וואָס איז געווען איין גרוי־סער באַרג אַרויף, איין מעכטיקער רוף פון דער קינסטלער־פּערזענ־לעכקייט צו דער באַפרייונג פון מענטש; אַז זיין שאַפן פאַרמאָגט אין זיך אָט די גייטיקע דערקענטעניש־עלעמענטן, וואָס ווערן פאָסטולירט אין דעם אַרויסזאָג, פאַרמאָגט די שענסטע און דערהויבנסטע געפילן, צווישן וועלכע די העלדישקייט איז אין אויבנאָן, ווי די גרויסע סוגעס־טיווע קראַפט צו דערוועקן דאָס אדעליק־שיינע, „דעם הייליקן גייסט פון שיינקייט".

גאָרקיס שאַפן טראָגט אין זיך עכטע, האַרציקע, גרענעצלאָזע ליבע צום אַרבעטנדיקן מענטשן, וועלכער איז געיאָגט און אונטערדריקט דורך דער הערשנדיקער בורזשואַזנע־פעאָדאַלער געזעלשאַפט, און אָטעמט מיט גרענעצלאָזן האַס צו די אונטערדריקער, צו די, וואָס זייען די טרענער פון אומרעכט, געוואַלט און מלחמה.

מאקסים גאָרקי איז געקומען אין דער רוסישער ליטעראַטור ווי דער „שטורעם־פויגל" פון דער רעוואָלוציע, ווי דער גרויסער באַשולדיקער פון דער צעפוילטער צאַרישער ווירקלעכקייט, וואָס שטויסט מענטשן אויפן דעק פון נויט און געפאַלנקייט; פון דער עקספּלאָאַטאַטאָרישער, פוילנ־דיקער בורזשואַזיע און איר באַדינענדיקער אינטעליגענץ און אין צענ־טער פון זיינע פּראָאינטערעסירונגען געשטעלט צוערשט דעם מענטש פון געזעלשאַפטלעכן דעק, און נאָכהער דעם, וואָס איז דער ווירקלעכער טרעגער פון מענטשלעך־שיינעם און געהויבענעם: — דעם מענטש פון אַרבעט.

גאָרקיס שאַפן איז דאָס באַגייסטערטע געזאַנג פאַר דעם שיינעם, דאָס איז ווירקלעך אַ שאַפן, וואָס „דערוועקט אין די הערצער פון די לייענער דעם הייליקן גייסט פון שיינקייט".

שוין אין זיין ערשטער פּובליקירטער דערציילונג „מאַקאַר טשודראַ" (1892), אין זיין „געזאַנג וועגן סאָקאָל", „די אַלטיטשקע איזערגיל", אין דעם פּאָעטישן מעשהלע „דאָס מיידל און דער טויט", וואָס י. סטאַלין האָט באַצייכנט אַלס „שטאַרקער פון געטעס „פאַוסט" — „די ליבע באַזיגט דעם טויט" — שוין אין אָט די ערשטלינג־שאַפונגען זעען מיר מענטשן פון גרויסע ליידנשאַפטן, שטאָלצע, שטאַרקע, וואָס שעצן העכער פאַר אַלץ פרייהייט און די ליבע. מענטשן, וואָס קאָנען מיט זייער פלאַ־מיק האַרץ באַלויכטן דעם וועג צום גרויסן, געוואַגטן, באַפרייערישן טאַט. שוין אין די ערשטע רעוואָלוציאָנער־ראָמאַנטישע ווערק קומט אויף מיט דער גאַנצער אויסדריקלעכקייט גאָרקיס פּאַראַכטונג פאַר דעם קליינלעך־פּויזנדיקן, פאַר דער טעמפּער בירגערלעכער מאָראַל — מיט איר קאַלטער אכזריות און כאַראַקטערלאָזיקייט. — דער שרייבער הופּט שוין דאָ דורך די אַלעגאָריש־סימבאָלישע געשטאַלטן זיינע צום אַ ק ט י וו ן קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון פאָלק.

עס מוז אָבער גלייך באַטאָנט ווערן, אַז נאָכן דערשיינען פון די ערשטע זעקס בענדער פון דער נייער קאָמפּלעטער אויסגאַבע, וועלכע נעמען אַרום דאָס שאַפן פון גאָרקין פאַר די יאָרן 1892—1906 ווערט פולשטענדיק קלאָר, אַז שוין אין דעם פּעריאָד, איז גאָרקי נישט בלויז רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיקער, צי „באַזינגער פון באָסיאַקעס", נאָר אין נישט קיין קלענערער מאָס רעאַליסט. בלויז אין צווייטן באַנד פון אַלע זוערק זיינען אָפּגעדרוקט פיר און פערציק נייע זאַכן, וואָס זיינען קיינ־מאָל נישט אַריין אין די פריערדיקע זאַמלונגען און די אַלע נייע שאַ־פונגען, צוזאַמען מיט אַזעלכע שוין אַלגעמיין־באַקאַנטע דערציילונגען ווי „מאַלוואַ", „טשעלקאַש", „קאָנאָוואַלאָוו" און אַנדערע, זאָגן עדות, אַז

ביי גאָרקין זײַנען ווי געגאַנגען פּאַראַלעל דער רעאַליזם מיטן ראָמאַנטיזם, וועלכע האָבן זיך שפּעטער צונויפגעגאָסן אין אַ נייער קוואַליטעט, אַ ראַנג דעם באַזײַניקן דעם היסטאָרישן פּראָצעס און די היסטאָרישע פּער־ספּעקטיוו פון אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט, וואָס עס האָט געפירט די מאַרקס־לענינישע לערע און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אָט דער סינטעז פון רעאַלן מיט דעם ראָמאַנטישן האָט באַדינגט דאָס אויפקומען פון ערשטן ווערק פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם אין דער וועלט־ליטעראַטור, — „די מוטער", האָט פּרעדיסטינירט גאָרקין צו ווערן סיי דער שעפער סיי דער אידעאָלאָג פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם אין דער ליטעראַטור.

* * *

ווען גאָרקי האָט געוויזן זײַן דערציילונג „טשעלקאַש" (1895 י.) און אַנדערע דערציילונגען דעם באַוווּסטן דעמאָקראַטישן שרײַבער וולאַ־דימיר קאָראָלענקאָ, האָט ער נאָכן איבערלייענען אויסגערופן: „איר זענט אַ רעאַליסט און נישט קיין ראָמאַנטיקער!".

וועגן „טשעלקאַש" האָט קאָראָלענקאָ געזאָגט:

„ס'איז גאָרנישט שלעכט! איר קאָנט באַשאַפן כאַראַקטערן. די מענטשן רעדן און האַנדלען ביי אייך פון אינעווייניק, פון זייער וועזן אַרויס. איר האָט די פעיקייט זיך אָפּצוהאַלטן פון זיך אַרײַנ־מישן אין גאַנג פון זייער געדאַנק, אין דער שפּיל פון זייערע גע־פילן, דאָס געלינגט נישט יעדערן! און דאָס סאַמע בעסטע איז דאָס, וואָס איר שאַצט דעם מענטש אַלס אַזאַ ווי ער איז. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איר זענט אַ רעאַליסט!"

און פאַרטראַכטנדיק זיך אַ ווייל האָט ער שמייכלענדיק צוגעגעבן:

— „און אין דער זעלביקער צייט — אַ ראָמאַנטיקער אויך!"

יאָ, ביי גאָרקין האָט זיך גלייך געמערקט דער רעאַליסט, און די פעיקייט צו פאַרבינדן דאָס אָבסערווירטע, טיף־באַנומענע פון דער ווירק־לעכקייט און עס באַהויכן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן טרוים, און דאָס האָט אָנגעגעבן אַ באַזונדערע ווירקזאַמקייט, אַ באַזונדערע פּערספּעקטיוו און מאָביליזיר־פעיקייט גאָרקיס קינסטלערישע וואָרט, זײַנע פּרעכטיקע פּאָעמישע לייוונטן.

גאָרקי האָט שוין אין ערשטן פּעריאָד פון זײַן שאַפן, דעמלט, ווען ער האָט זיך נאָך דער עיקר באַשעפטיקט מיט די „באָסיאַקעס", אויס־געפונען אין אָט די מענטשן פון געזעלשאַפטלעכן דעק, בערל פון עכטער, פרייהייטס־באַגערנדיקער מענטשלעכקייט, באַמערקט אין זיי פיל מער גע־

רעכטיקייט־געפיל, גארונג צום גרויסן מאס, שנאה צו אומרעכט, ווי אין די מענטשן פון דער „בעסערער געזעלשאפט" מיט איר באדינענדיקער אינטעליגענץ אריינגערעכנט. זיי, די פשוטע, פון אלע עטיקעטן אויסגע־מוטנע, זייענדיק אינטער גארקיס פעדער אויסגעוואקסן צו א מעכטיקן פראָ־טעסט קעגן דער פארדומפּיגער קאפּיטאליסטישער מאָראל, קעגן דער וועלט פון פאראזיטישקייט און צביעות. שוין קאנאוואלעוו באמערקט, אז „דאס לעבן איז א גרוב", אבער עס בליצט אין אים אויף א געדאנק, אז עס מוז נישט אזוי זיין, עס קען אנדערש זיין: „עס איז נייטיק אזא לעבן, עס זאל איין דעם אלעמען זיין געריים און איינער דעם צווייטן זאל נישט שטערן".

אין אזא ווירקלעכקייט וואלטן די קאנאוואלאָווס נישט געזונקען אלץ טיפער, נאר וואלטן באשטימט זייער חשוב אָרט פארנומען. דאס זעלביקע אזא „חוצפהניק" ווי קאלקע גוואזדיעוו, וואס וואגט דעם ליבע־ראליסטישן רעדאקטאר אריינשטעלן אין ארטיקל ווערטער פון חוזק, וואס שפּייען אים אין פנים אריין, פאר זיין צביעות, פאר זיינע פאלשע גע־בעך־קרעכצן אויף דעם אדרעס פון פאלק. דאס זעלביקע וואלט מען געקאנט זאגן וועגן דער גרעסטער טייל פון גאָרקיס העלדן אין די שאַ־פונגען פון ערשטן פעריאָד.

אויסגעפינען דאס מענטשלעך־שיינע אין א וועלט, וואס האלט זיך ביי וועלפישער מאָראל, הייסט זען ווייטער, טיפער פון הוילן פאקט, הייסט באנעמען פאקטן אין זייערע פאטענציעלע אנטוויקלונגס־מעגלעכ־קייטן.

שוין אין די פריאיקע שאפונגען איז ביי גאָרקין פאראן אַרבע־טער־טיפּן, פראָלעטאריער. אין דער שוין דערמאָנטער דערציילונג „דער העזהניק" (אזאָרניק) האבן מיר פאר זיך ארבעטער פון א דרוקעריי, — ארבעטס־מענטשן זעען מיר אויך אין דער פיעסע „אויפן דעק", (קלעשטש), אין „פאמא גאָרדייעוו" און אנד. נאר אויב אין די ווערק ביז דער „מוטער" איז נאך ביי די ארבעטער־טיפּן נישט צו זען קיין קלאסן־באוווסטזיין, קיין אויספאָרמירטע שטעלונג צו דער ווירקלעכקייט, אויי־סער נעגאציע, ענדערט זיך פולשטענדיק דאס בילד אין דער פיעסע „שונאים" (ווראגי) 1906 י. און דער עיקר אין דער „מוטער", ווו ס'איז שוין צו מערקן, דער וואקסנדיקער באוווסטזיין און ווילן פון ארבעטער־קלאס צו ווערן דער באלעבאס פון לעבן, פון די פרוכט פון זיין ארבעט; עס מערקט זיך, אז דער שרייבער שטייט שוין דא אויף אויסגעשפּראָכן מארקסיסטישע פּאָזיציעס.

דער מארקסיזם־לעניניזם לערנט: וויכטיק איז קודם כל נישט דאָס, וואָס דוכט זיך אַנדרז אין דעם מאָמענט אלס פעסט, שטאַנדהאַפטיק, נאָר היינט שוין אָן אָפצושטאַרבן, נאָר דאָס, וואָס אנטשטייט און אנט־וויקלט זיך, הגם עס זעט נאָך אין געגעבענעם מאָמענט אויס אלס שוואַך, ווייל נישט צו באזיגן איז בלויז דאָס, וואָס אנטשטייט און אַנטוויקלט זיך. (סטאַלין).

פון אזעלכע פּאָזיציעס איז צוגעגאנגען גאָרקי אין „דער מוטער" צו דעם הויפּט העלד, דער מוטער פּעלאַגייא נילאָוונא, צום זון אירן, דעם רעוואָלוציאָנער פּאַוועל וולאַסאָוו און צו די אַנדערע העלדן, ווי ריבין, וועסאָווטשטשיקאָוו.

צי זיינען זיי געווען טיפּיש פאר זייער צייט?

דער רעוואָלוציאָנער און קריטיקער וואָראָווסקי האָט נאָכן דערשיי־נען פון דער „מוטער" גוט באמערקט אירע גרויסע מעלות, איר ווערט פאר הייבן דעם באוווסטזיין ביים ארבעטער־קלאַס, שטארקן דעם קאַמף מיט דעם קאַפּיטאַליזם און צאַריזם, ער האָט אָבער פאָרגעוואָרפן גאָרקין, אז זיינע העלדן זיינען צו פּאָזיטיווע, אז אזעלכע טיפּן זיינען נישט פאראַן אין דערווירקלעכקייט. וואָראָווסקין איז נאָך דעמלט שווער געווען צו באַמערקן, אז אזעלכע איינצל־געשטאַלטן, וואָס די רעוואָלוציע פון 1905 האָט ארויסגערוקט זיינען דווקא די טיפּישע, אז גראָד זיי וועלן זיין אַלץ מער, א דאַנק דעם, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט איז דער איינציקער כוח, וואָס וואַקסט און אַנטוויקלט זיך. די העלדן פון דער „מוטער" זיינען די ערשטע פּאָזיטיווע העלדן אין דער ליטעראַטור. די אָנהייבער פון דער ליטעראַטור פון דער סאָציאַליסטישער ערע. פּאַוועל וולאַסאָוו זאָגט אין דער פינצטערער נאַכט פון רעאַקציע אין צאַרישן רוסלאַנד צו זאָגן אויפן געריכט: „זיגן וועלן די ארבעטער!... איר האָט אָפּגעריסן די מענטשן פון לעבן און זיי חרוב געמאַכט! דער סאָציאַליזם פאַראייניקט די דורך אייך חרוב־געמאַכטע וועלט אין איין גאַנצקייט — און אזוי וועט זיין!" ניל אין דער פּיעסע „מיעשטשאַניע" (בירגער) איז א מענטש פון עכטן אָפּטימיזם און לעבנס־באַיאַונג און ער זאָגט מיט דער גאַנצער איבערצייגונג: „דער באַלעבאָס איז דער, וועד עס ארבעט" און ער זאָגט עס מיט איינערלעכער איבערצייגונג, נישט אַפּעקטירט, נאָר רואיק, ווייל דורך אים רעדט א קלאַס, וואָס וועט מאָרגן ווירקלעך זיין באַלעבאָס... זיין געזונטער חוש, זיין לעבנס־ענערגיע און שאַרפער בליק, וואָס זעט די פּיילונג און צעפאַלונג פון בירגערטום האָט שוין אין זיך די עלעמענטן פון אויפגעוואַכטן קלאַסן־באַוווסטזיין... וועגן דעם עדות אויך דאָס ביז נאָר הייבע בילד פון אויפגעוואַכטער ארבעטער־סאָלידאַריטעט בראש

מיט דעם באָלשעוויק סינצאָוו אין „שונאים" (ווראַגי), און דאָס זיינען דאָך ווערק, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1901—1906!...

וואָס ווייזט עס? עס ווייזט, אַז דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם, דער אריינקוק פון פּאָזיטיוון טיפּ, פון קאָמוניסט אין דער ליטעראַטור ווערט אַ היסטאָרישער פאַקט דערפאַר, ווייל ער ווערט אַ היסטאָרישער פאַקט אין לעבן פון רוסלאַנד. די געשטאַלטן פון באָלשעוויק קוטוזאָוו און פון חבר יאַקאָוו אין דער גרויסער עפּאָפּייע „קלים סאַמגין" איז בלויז אַ פאַרברייטערט, סינטעזירט און היסטאָריש אַנטוויקלט געשטאַלט, וואָס וואַקסט אויס העכער, ווייל די געשעעענישן זיינען געשטיגן אין זייער רעוואָלוציאָנערן אויסדרוק, ווערלכן עס האָט זיי אָנגעגעבן די לענין־סטאַלינישע פּאַרטיי, — די באָלשעוויקעס.

אויף גאָרקיס ווערק האָט דאָס רוסישע פאָלק זיך געלערנט האַסן אומרעכט, פאַרשטיין די געשעעענישן, דערקענען דעם העסלעכן פּנים פון פוילן ליבעראַליזם, פּאָפּישער צביעות, פּאַרקויפּטקייט און פאַרעטערישקייט און זיך אדורכגענומען מיט די אידייען פון אָנפּשרותדיקן קאַמף פאַר אַ גערעכט לעבן. גאָרקיס ווערק האָבן, אויף דער שפּראַך פון הויך קוואַליטאַטיווער קונסט, געמאַכט צוטריטלעכער די פאָלקס־באַפרייערישע אידייען פון רעוואָלוציאָנערן אַטריאַד פון אַרבעטער־קלאַס. דעריבער איז אַזוי גרויס די באַדייטונג פון מאַקסים גאָרקיס שאַפן, פון דאַנען זיין פּאָפּולאַריטעט אין דער גאַנצער וועלט. ווייל אין די לענדער, ווו די פאָלקס־מאַסן שמאַכטן נאָך אונטערן יאָך פון זייערע קאַפּיטאַליסטישע באַדריקער, דינט גאָרקיס שאַפן אַלס באַזיניקונג פון דער אייגענער לאַגע און פון אייגענעם כוח פון פּראָלעטאַריאַט, דינט ווי אַ רוף צו מאַכן אַ סוף מיט דעם אומדערטרעגלעכן צושטאַנד, ווען דאָס סאַמע שענסטע, שלום־ליבנדיקע, די, וואָס שאַפן אַלע רייכטימער, ווערן טראַקטירט ווי מיסט, וואָס דאַרפן בלויז פאַרגרעסערן דעם רווחים־שניט פון די רויב און בלוט־גיריקע באַלעבאַטים; אין די לענדער פון בויענדיקן סאָציאַליזם לערנען גאָרקיס ווערק הויך צו האַלטן די רעוואָלוציאָנערע דעראָבערונגען, האַסן זיינע שונאים, געשטאַלטיקן דעם נייעם מענטש פון דער לענין־סטאַלינישער ערע.

* * *

דעם 21־טן יוני 1936־טן יאָר, אין טאָג פון גאָרקיס טויט האָט וויאַטשעסלאַוו מאָלאָטאָוו געזאָגט:

„קיינער פון די באַדייטנדיקע שרייבער פון אונדזער לאַנד און אין די אַנדערע לענדער, האָט אַזוי נאָענט נישט געקענט דאָס לעבן

פון די „גירעריקע שיכטן" פון פאָלק ביים קאַפּיטאַליזם. קיינער האָט אויף דער אייגענער הויט נישט איבערגעלעבט אַזוי פיל אַכזריותן און העסלעכקייטן מצד די הערן עקספּלאָאַטאָרן. קיינער פון זיי האָט פּשוט נישט צוגעזען מיט די אייגענע אויגן אַזוי פיל פאַרפּייניקטע דורך דער קנעכטישער אַרבעט און אונטערדריקטע דורכן יאָך פון קאַפּיטאַל, ווי אונדזער גאָרקי, ביי וועלכן אָט דאָס אַלץ האָט אויסגעשמידט אַ קאָמפּראָמיסלאָזן און רעוואָלוציאָנערן האַס צו דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און גרענעצלאָזן גלויבן אין דעם באַפרייערישן כוח פון קאָמוניזם".

„קאָמפּראָמיסלאָזער, רעוואָלוציאָנערער האַס און גרענעצלאָזער גלויבן", אָט דאָס זיינען די דאָמינירנדיקע געמיטס־עלעמענטן פון גאָרקיס גאַנצער ליטעראַרישער, פּובליציסטישער, געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אָט דאָס זיינען די קען־צייכנס פון גאָרקיס אַקטיוון סאָציאַליסטישן הומאַניזם.

גאָרקי האָט בעת אַ פייערלעכער אַרויסטרעטונג געזאָגט צו די פּילצאָליקע באַגייסטערטע לייענער און פאַרערער, אַז אויב זיי האָבן ליב דעם גאָרקין, וואָס שטייט דאָ פאַר זיי, אויב זיי שעצן אים, פאַרדאַנקט ער עס דער אַנטדעקונג פון דער אַרבעט, פון אַרבעטס־מענטש אַלס דעם צענטראַלן נערוו, אַלס דעם צענטראַלן העלד פון זיין שאַפן.

אַלץ, וואָס שאַפט, וואָס בויט, וואָס שענקט אוועק זיין לעבן דעם פּראָדוקטיוון, קולטור־באַרייכערנדיקן אָנשטרענגג, איז דער אָביעקט פון גאָרקיס הייסער פלאַמיקער ליבע. עס איז דאָ געגוג זיך צו דערמאָנען די צויבערפולע איטאַליענישע מעשהלעך, בכדי צו זען סאַרא שיר השירים פאַר די פּשוטע מענטשן פון אַרבעט גאָרקי האָט געקאָנט אַרויסברענגען. ווען ער רעדט אין „טונעל" וועגן די אַרבעטער, וואָס האָבן געשטרעקט זייער לעבן אין קאַמף מיט דער באַרג־סטיכיע בעתן דורכגראָבן דעם סימפּלאָנער טונעל, קלינגט זיין שורה מיט אַ פּאָעטישן ריטם... „דער מענטש קאָן אַרבעטן! — האָט ער (דער אַרבעטער) געצווינגן שטאָלץ — אָ, סיניאָר, דער קליינינקער מענטש, וואָס וויל אַרבעטן, איז אַן אומבאַזיגלעכע קראַפט! און איר מעגט מיר גלויבן: דער קליינינקער מענטש וועט סוף־כל־סוף מאַכן אַלץ, וואָס ער פאַרלאַנגט".

....„און ווען עס האָט זיך ענדלעך איינגעוואַלגערט דער שטיינערנער שיכט, ווען אין דער עפענונג האָט אַ פינקל געטאָן דאָס רויטע פייערל פון פאַקעל און ס'האָט זיך באַוויזן עמעצנס שוואַרצע פּנים, פאַרגאָסן מיט טרערן פון פרייד און נאָך אים אַנדערע פּנימער און פאַקלען, ווען עס האָבן אַ הילך געטאָן אויסרופן פון זיג און פרייד

— אָ, איז עס געווען דער שענסטער טאָג אין מיין לעבן, און ווען איך דערמאָן זיך אין אים, פיל איך, אַז נישט אומזיסט האָב איך געלעבט! דאָס איז געווען די ארבעט פון מיינע הענט, הייליקע אר־בעט, זאָג איך איך, סיניאָר! און ווען מיר זיינען ארויסגעגאַנגען פון אונטער דער ערד אויף דער זון, האָבן פיל זיך אוועקגעלייגט מיטן ברוסט אויף דער ערד און זי געקושט און געוויינט — עס איז געווען שיין ווי אין א מעשהלע! יאָ, געקושט דעם בארג, וואָס מען האָט באזיגט, געקושט די ערד! און יענעם טאָג איז די ערד מיר געוואָרן נאָענט און פארשטענדלעך און איך האָב זי ליב גע־קריגן ווי א פרוי!"

אזא געזאַנג פארן מענטשלעכן מי, אויפזוכן אזויפיל פּאָעזיע אין דער ארבעט פון א בארגארבעטער איז דער פארדינסט פון גאָרקין. גאָר־קיס מענטשן פון ארבעט זיינען שטארק און פעסט און עס אָטעמט פון זיי מיט מאָראלישער און פיזישער גבורה. פאר דער רעוואָלוציע האָט גאָרקי געזען אין די העלדן די כוחות, וואָס וועלן שטירצן די הערשאפט פון די „הערן־עקספּלאָאטאטאָרן" און נאָך דער רעוואָלוציע — די, וואָס האָבן גענומען אין זייערע געווונטע, אנטשלאָסענע דלאָניעס דעם גורל פון לאנד, דעם גורל פון אָקטאָבער, די בויונג פון נייעם לעבן.

פאר גאָרקיס גאַנץ שאַפן איז כאראקטעריסטיש דאָס זוכן פון גאַנצע נאַטורן. מענטשן פון פעסטן כאראקטער, מענטשן דעצידירטע, מענטשן וואָס ווייסן נישט פון שרעק, מענטשן וואָס גייען נישט אויף קיין שום קאָמפּראָמיס מיט זייער געוויסן, מיט זייערע געפילן. שוין אין זיין ער־שטער דערציילונג „מאקאר טשודרא" זיינען לאָיקאָ און ראַדדא, דאָס צי־גיינער־פּאָרל, גרייט זיך אריינצושטעכן מעסערס אין הארצן, איידער פון די איגענע געפילן און פון דער אייגענער פרייהייט זיך אָפּצוזאָגן; די זעלבע קאָמפּראָמיסלאָזיקייט, ביי א העכערן גראַד פון באוווסטזיין, איז אָנצו־טרעפן אין אלע זיינע שפּעטערדיקע העלדן. אָט דער שמריך, וואָס לאָזט זיך אזוי בולט באמערקן אין גאָרקיס שאַפן, איז אָן שום ספק דער גרונט־שטריך פון דער גאָרקי־פערזענלעכקייט. דעריבער איז פארשטענדלעך, פארוואָס גאָרקי האָט נישט נאָר אזוי צאַרט און שיין געקאָנט אויסדריקן זייך גלויבן אין ליבע, נאָר אויך פארוואָס ער האָט געקאָנט אזוי פלאַ־מיק האסן.

עס איז באוווסט, אַז נאָך דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט גאָרקי, דער נאָענטסטער פריינד און חבר פון לענין און סטאלין, זיך מיט דעם גאַנצן וועזן אריינגעוואָרפן אין אָרגאניזאטאָרישער און פּובלי־ציסטישער ארבעט, דאָס, וואָס ער האָט געטאָן פיל זעלטענער פריער,

איז איצט געוואָרן איינע פון זיינע וויכטיקסטע שליחותן: באַקעמפן די שונאים פון דער רעוואָלוציע, דעמאַסקירן די „מייסטער פון דער קולטור“, וואָס פרוּוון זיך מיט אַפּאָליטישע פראַזן אַרויסצודרייען פון זייער אומ־דירעקטער און דירעקטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער געפאַר פון מלח־חמה, פאַר דעם וווּקס פון פאַשיזם א. א.וו.

אָבער כאַראַקטעריסטיש איז אויך דאָס, וואָס אַלע זיינע שאַפונגען פון פובליציסטישן צי ליטעראַריש־פובליציסטישן כאַראַקטער האָבן נאָך ביז הייַנט צו טאָג אַזויפיל אַקטועלס, אַזוי פיל דערהויבנס אין זייער קראַפט, צאָרן און האַס, אַזאַ גרענעצלאָזע ליבע צו דער בוויונג פון אַ ניי לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד, אַז לייענסט זיי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, און פאַרגעסט אָפט, אַז דאָס זיינען זאַכן געשריבענע מיט 20, צי 40 יאָר צוריק.

ווען דו לייענסט צום ביישפּיל גאָרקיס אַרטיקלען וועגן אַמעריקע, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין יאָר 1906 איז זיך שווער צו באַפרייען פון דעם איינדרוק, אַז דאָס איז נישט געשריבן געוואָרן איצט, ווייל ערשט איצט זיינען אויפגעקומען מיט זייער גאַנצער צינישער דייטלעכ־קייט די שטריכן, וואָס גאָרקי האָט אויפגעדעקט שוין דעמאָלט.

אין דער צייט ווען אין אייראָפּע האָט געלעבט די לעגענדע וועגן „גאָלדענעם לאַנד“, וועגן לאַנד פון אַלרייט און אַלרייטניקעס, שרייבט גאָרקי אין דער „שטאָט פון געלן טייוול“:

„איך זע צום ערשטן מאָל אַזאַ פאַרזעעניש פון אַ שטאָט. קיינ־מאָל האָבן מיר די מענטשן נישט אויסגעזען אַזוי נישטיק, אַזוי אונטערדריקט, און איינצייטיק האָב איך אין ערגעץ נישט געזען זיי זאָלן זיין אַזוי טראַגיקאָמיש זעלבסטצופרידן, ווי זיי זיינען אין אָט דעם גיריקן און שמוציקן מאָגן פון פרעסעריי, אַ שטאָט, וואָס איז פון גיריקייט אַריינגעפאַלן אין אידיאָטישקייט און מיט דעם ווילדן געוואַלד פון אַ חיה פרעסט זי דעם מאַרך און די נערוון“... און ווייטער:

„איך האָב געזען זייער פיל דלות. מיר איז גוט באַקאַנט זיין גרין, בלוטלאָז און בייניערדיק פּנים, זיינע אויגן, טעמפּע פון הונ־גער און ברענענדיקע פון גיריקייט, ביטערע און נקמהדיקע אָדער קנעכ־טישהכנעהדיקע און אין אַלע פאַלן אוממענטשלעכע, האָב איך אומעטום געזען, נאָר דער שוידער פון דלות אין איסט־איד — איז שרעקלעכער פון אַלץ, וואָס איך ווייס“.

גאָרקי באַגנוגנט זיך אָבער קיינמאָל נישט מיט בלויזער קאָנ־סטאַטירונג, ער זוכט און געפינט דעם מקור פון אַלדאָס בייז אין: „די

קיניגן פון דער רעפובליק", אין זייערע באדינער מיט מיניסטאָרן־טעקעס, אין דער פרעסע, צווישן דער אינטעליגענץ און אין דעם דערציונגס־סיס־טעם. גאָרקי דערזעט דאָס אייגנטלעכע אמעריקע ווו גראָבהויטיקייט, ציר ניזם, צביעות און פארקויפטקייט פון די מלוכה־טוער און פען־לייט איז א נאָרמאלע דערשיינונג, ווו די פרעסע איז א „פאראזימיש געוויקס, וואָס פרווט פארדעקן דעם שמוציקן כאָס פון דער ווירקלעכקייט, נאָר מאכט עס ווינציקער געשיקט, ווי ווילד־גראָז פארדעקט שמוץ און אומריי־ניקייט פון חורבות"; ער ווייזט די אלמעכטיקייט פון די גענגסטער־ביזנעס־לייט, פאר וועלכע עס זיינען נישט פאראן קיין שום עטישע נאָר־מען און וועלכע טוען אלץ, בכדי ארויסצוזויגן פון די פאָלקס־מאסן דעם געלן מעטאל — גאָלד.

גאָרקי ווייזט שוין דעמלט אָן אויף אמעריקע, אלס דעם אָרגאניזאַ־טאָר און איניציאטאָר פון וועלט־שחיטות און די ראָל פון די קאפיטא־ליסטן־הערקינען, די וואָל־סטריט־מאגנאטן אין אָט דער באנדיטישער, מענטשן־פיינטלעכער ארבעט.

לאָמיר זיך אויף א ווייל דערמאָנען די „פילאָזאָפיע" פון „איינעם פון די קיניגן פון דער רעפובליק":

„די רעגירונגס־מיטגלידער דארפן אלע זיין אקציאָנערן פון אינ־דוסטריעלע אונטערנעמונגען, — דאן וועלן זיי גיכער און לייכטער פארשטיין די אינטערעסן פון לאנד".

איצט דארף איך מיר קויפן סענאטאָרן, כדי זיי איבערצוציינגן, אז עס איז מיר נייטיק... פארשידענע קלייניקייטן. דאן וועט עס זיין איבעריק".

„מיר איז נייטיק — זאָגט דער קיניג — אז אין לאנד זאָל הערשן געזעץ. די רעגירונג דינגט, פאר נישט קיין גרויס געצאָלט, פארשידענע פילאָזאָפן, וועלכע לערנען יעדן זונטיק נישט ווינצי־קער ווי אכט שעה, אכטן די געזעצן. אויב עס זיינען דערצו נישט גענוג די פילאָזאָפן — לאָזט אין גאנג די זעלנער. דאָ זיינען נישט וויכטיק די מעטאָדן, נאָר בלויז די רעזולטאטן. דער געברויכער און ארבעטער דארפן אכטן די געזעצן. דאָס איז אלץ."

ווי ריכטיק איז דאָ אָפּגעמערקט די פארבינדונג פון רעגירונגס־אפא־ראט מיט דעם פינאנס־קאפיטאל, מיט „די קיניגן פון דער רעפובליק", און די פאשיזירנדיקע אנטוויקלונגס־טענדענצן, וועלכע האָבן זיך שוין ביי היינט צו טאָג פולשטענדיק אנטפלעקט, אלס די פאקטישע סיסטעם פון אמעריקאנער אימפעריאליזם, וועלכער טוט אלץ, בכדי צו האלטן דעם

ארבעטער און פשוטן געברויכער אין קלעם פון די סאמע אומגערעכטיק־סטע מאפט־הארטלי־געזעצן און ענלעכע צו זיי.

גארקיס פובליציסטישע ארטיקלען, פאמפלעטן, אפהאנדלונגען זיינען אן שום ספק א גאנץ באזונדערע טעמע. אויב מיר דערמאנען זיי איז בכדי בולטער אונטערצושטרייכן דעם אקטיוון הומאניזם, די ברייטע גאמע פון פאראינטערעסירונגען, דעם ענציקלאפעדישן פארנעם פון וויסן, דעם טיפן סאוויעטישן פאטריאטיזם, די אומדערמידלעכקייט, דאס נישט טיילן די שרייבערישע פליכט אויף א יום־טובדיקע און וואכעדיקע, נאר מיט דעם זעלביקן נשמה־ברען און מיט דער זעלביקער אחריות שרייבן א גרויסן ראמאן, ווי אן ארטיקל — שטריכן וואס זיינען ווענגווייזערייש פאר יעטוועדן פראגרעסיוון שרייבער.

אין איינע פון זיינע ערשטלינג־דערציילונגען, וואס איז צום ערשטן מאל ארייננעגאנגען אין דער נייער זאמלונג פון זיינע ווערק, („וועגן איין פאעט", 1894 י.) זאגט גארקי, אז ביים שרייבער דארף דאס ווארט זיין „קורץ, פשוט, אויפריכטיק און הייס, ווי פייער" און קודם כל אמתדיק. און פארענדיקט:

„עס איז פיל בעסער גובר צו זיין אין זיך די צו בחפזונדיקע פארלאנגען צו לערנען מענטשן, און שווייגנדיק שטארבן, אײדער פארגרעסערן דעם ליגן פון לעבן און פארמערן די מענטשלעכע טעותים".

אין אלע פאלן איז גארקיס ווארט „פשוט, אויפריכטיק און הייס, ווי פייער", אין אלע פאלן דינט עס דעם גרויסן אמת פון קאמוניזם, אין אלע פאלן לערנט עס דעם מענטשן צו קאנען אפשיידן דעם אמת פון דעם שקר, די פריינד פון זיינע שונאים, דעם שלום פון מלחמה, העלפט דעם מענטש אין זיין מארש צו א פרייער, גליקלעכער, פרידלעכער ווירקלעכקייט, וואס ווערט געבויט אויף איין פערטל פון ערד־קיילעך הײנט און וועט מארגן ארומנעמען די גאנצע וועלט.

ווארשע, 1951

# בינעם העלער — דער נאַציאָנאַלער ליריקער

## צום דערשיינען פון בוך „דורך שאָטן און שיין"

### דער מקור פון אינספּיראַציע

...אוועק ווי א נוקס־ונוטר —
מיט יידישן נוסח און ניגון —
בין איך קעגן אומרעכט און ליגן.
(ב. העלער: „חרוב")

עכטע פּאָעזיע איז אוממיטלבאַר, פּאַרמאָגט אַן אינערלעכן פּאַטאָס, א שלימותדיקן צונויפשמעלץ פון פאָרם און אינהאַלט, ווירקט ווי אַן אָנטפּלעקונג. ביי בינעם העלערן איז צו מערקן די הויכע האַרץ־טעמפּעראַטור, וואָס שלאָגט פון דעם לירישן געזאַנג, די אָנגעלאָדנקייט מיט געמיט פון א ווייטיקפולן און קאַמפּס־גרייטן אינדיווידו, וואָס קומט צום אויסדרוק אין צמצומדיקע, אדעקוואַטע בילדער און מעטאַפאָרן, וועלכע פאַרטיפן נאָך שטאַרקער דעם אידעישן ווערט פון ארויסגעבראַכטן, און אזא ליריק רייסט מיט און באַגייסטערט, עפּנט אויף נייע, נישט געאַנטע וועלטן.

בינעם העלערס ליריק וואַקסט ארויס פון א קאָנקרעטן באָדן און זי שמעקט מיט איר ברייטע וואָרצלען, ציט יניקה, פון פוילישן באָדן, פון דער יידישער סביבה פון נויט און קאַמף. ס'איז דעריבער נאַטירלעך, וואָס דער פּוילישער פּייזאַזש, דאָס ליד „פון ווינד און וויי", פון שנאה צו אומרעכט און ליבע צום לאַנד פון באַפרייטן מענטש און באַפרייטער אהבעט איז געוואָרן דער גרונט־אינהאַלט פון זיין ליד,

וואָס גייט דורך זיין לעבן, ווי בלוט,
ווי ריטם פון אייגענע טריט.

די פאַרוואָרצלטקייט פון דעם דיכטער אין פּוילישן באָדן איז אזוי טיף, אז געפינענדיק זיך אין לאַנד, אין דעם איינציקן לאַנד, וואָס האָט „אין א ווינקל פון האַרץ" געהיט די ליבע, זעט ער דאָך „אנדערש", קוקט

מיט די אויגן פון פוילישן מענטש אויף די סטרעפּ פון מאָסקווע, אויפן לאַנדשאַפט פון קאַזאַכסטאַן:

ווי אַנדערש איז איצטער דער פרילינג,
ווי אַנדערש — דער מעריץ קאַזאַכסטאַנער, —
כ'וועל פרווון די בענקשאַפט פאַרשטילן —
דעם פוילישן פרילינג דערמאָנען.

און פאַרענדיקט דאָס בענקשאַפט־ליד:

דער פוילישער פרילינג, דער בעסטער
וועט בלייבן מיין פרילינג אויף שטענדיק.

(„אַנדערש". אַלמאַ־אַטאַ 1944)

די פאַרוואַרצלטקייט אין דעם באָדן איז ביי העלערן נישט קיין אויסדרוק פון עפּעס מעטאַפיזישע שפּירונגען, דאָס איז די קאָנקרעטע צוגעבונדנקייט צום אָרט ווו מיט „יידישן נוסח און ניגון" האָט זיך דער דיכטער געלאָזט אין קאַמף קעגן אומרעכט און ליגן, דאָס איז די ליבע פון אַ מענטש מיט אַן אָפּטימיסטישן קוק אויף דער ווירקלעכקייט, אַ באַהויכטן מיט טיפן גלויבן אין היים קאַמף „פאַר פוילן פון שפּעטער" — פאַר אַ באַפרייט היימלאַנד.

דער אידעיישער ווערט פון בינעם העלערס ליריק באַשטייט מאַקסי־מאַלערין, וואָס זי וואַקסט אַרויס פון דער ווירקלעכקייט. זי איז דערקענטעניש פון דעם דיכטער אין אָט דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט און שפּיגלט אַזוי אַרום אָפּ אויף אַ קינסטלערישן אופן די שטימונגען, בענקשאַפטן, טרוימען, מפּלות און זיגן, שפּלות און דערהויבנקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער צייט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות און וואָס זיינען נאָך געשטייגערט געוואָרן אין די גרויל־יאָרן פון היטלער־אָקופּאַציע און פאַטערלענדישן קריג פון סאָוויעטישן פאָלק.

פאַרשטייט זיך, אַז שוין דער פאַקט, וואָס אין ב. העלערס שאַפן איז אָפּגעשפּיגלט קאָנקרעטע וואָר און קאָן דינען ווי אַ שפּיגל פון אַ תקופה איז אַ ביז גאָר גרויסער פּלוס און גיט צו באַזונדערע חשיבות זיין פּאָעטיש ליד. ווען מיר האָבן אָבער גערעדט וועגן דעם, אַז בינעם העלער טיילט זיך אויס פון אַנדערע דיכטער מיט זיין קראַפט, איז טראָץ דעם געמיינט געוואָרן דער אופן, ווי אַזוי ער פיקסירט די צייט, ווי אַזוי ער פורעמט זיינע שפּירונגען און געפילן, ווייל אין פּאָעזיע דעצידירט נישט בלויז די האָריזאָנטאַלע ליניע (דער פאַרנעם, דער טעמאַטישער אומפאַנג) נאָר די ווערטיקאַלע (די הויך און טיף פון וואָרט).

איך רייס אַפּ, באַטש ס׳קומט מיר אָן שווער,
די ווערטער — א שיכט נאָך א שיכט,
ביז וואַנען כ׳דערגיי צו דער טרער —
דעם אורקוואַל פון אמתן ליכט.

(„ביים לעגין-מאַוזאָליי")

עס איז כאַראַקטעריסטיש: ביי קיין שום דיכטער אין אונדזער יידישער פּאָעזיע איז נישט פאַראַן אזויפיל טענות צו דער אָנמעכטיקייט פון וואָרט, אזא ווילן צו פּאַרוואַנדלען דאָס וואָרט אין א שלימותדיקן מאַטעריאַליזירטן אויסדרוק פון דיכטערס געמיט, ווי ביי העלערן און מען קאָן דרייסט זאָגן, אז ס׳איז שווער צו געפינען א סך אַזעלכע דיכטער, וואָס זאָלן מיט אזא אוממיטלבאַרקייט און פּשטות אימשטאַנד זיין ארויסצוברענגען מיט דער הילף פון וואָרט די טראַגיק און העראָיק פון אונדזער צייט.

שטעלט זיך קודם די פראַגע: פון וואַנען די אומצופרידנקייט פון דיכטער מיטן וואָרט? אויף דער פראַגע פּרווט נישט איינמאָל געבן אן ענטפער דער דיכטער גופא. מיר וועלן הערנאָך פריער ציטירן א פּאָר ארויסזאָגונגען פון ב. העלער:

די ווערטער וואָס טויגן אויף לידער,
צעברעכן זיך שוואַכע און דינע.
זיי זיינען מיר איצטער דערווידער
און כ׳וואַרף זיי פון זיך אָפּ מיט שנאה.

גיב ווערטער פון וואַנזין צעברענטע,
גיב ווערטער פון פלאַם און פון פיבער! —
זיי וואָלטן זיך אפשר דערנענטערט,
דעם מויער פון געטאָ אריבער.

(„מיין מאַמע אין געטאָ")

אין א צווייט אָרט זאָגט דער דיכטער:

נאָר שוואַך איז דאָס וואָרט און פּאַרלירט שנעל דאָס חיות,
די צייט ציט דאָס איבער מיט גרויקייט און שימל.
כ׳וויל שרייבן מיט פייער אויף גרויע יריעות,
אזוי ווי דער בליץ אויפן פּויִלישן הימל.

(„צו דיר")

אלזאָ, דעם לידיקער, וואָס וויל אַרויסברענגען דעם גאַנצן שוידער פון פּאַסיסטישער בלוט־הערשאַפט, וואָס וויל אויסזינגען דאָס „זיין", דעם פּיין, די טראַגיק פון די אָקופּאַציע־יאָרן און זיינע ליבע־געפילן צו דעם באַפרייערישן ראַטן־לאַנד ווייזט זיך אויס, אַז דאָס וואָרט איז צו שוואַך, קראַפטלאָז אויסצודריקן אַט די ברויזנדיקע געפילן פון האַס און ליבע, וואָס געסטן אין זיין הארץ. אָן אומצופרידנקייט א באַרעכטיקטע און כאַ־ראַקטעריסטישע בלויז פאַר גרויסע ווירטואָזן פון וואָרט, ווייל אזא אומ־צופרידנקייט וועט איר אָנטרעפן ביי געטען און היינען, ביי מיצקעוויטשן און מאַיאַקאָווסקין, ס'הייסט ביי די, וואָס קענען זייער כלי־זין דורך און דורך... נאָר היות דאָס זיינען דיכטער פון גרויסער עמאָציאָנעלער אָנלאָ־דונג, פילן זיי אַן אומצופרידנקייט מיט דעם וואָרט. דער גורל פון א יידיש־פּוילישן דיכטער־רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט צוגעזען דעם חורבן פון זיין היים, מוז דאָס וואָרט נאָך ווינציקער צופרידנשטעלן. און העלער זאָגט טאַקע:

ווען איך וואָלט געקענט פון זיך רייסן די הויט —<br>
געזען וואָלסטו דעמלט, ווי בלוט קען זיין רויט;<br>
ווען איך וואָלט צעשניטן אויף צווייען דאָס הארץ —<br>
געזען וואָלסטו דאַן, ווי די נאַכט קאָן זיין שוואַרץ.

(„ווען איך וואָלט געקענט")

בינעם העלער זוכט ווערטער „פון וואַנזין צעברענטע", „פון פלאַם און פון פיבער", ווערטער, וואָס זאָלן „שרייבן מיט פייער אויף גרויע ידיעות, אזוי ווי דער בליץ אויפן פּוילישן הימל", ווערטער, וואָס זאָלן אַדעקוואַט אָפּגעבן דעם דיכטערס געמיט־צושטאַנד. ביי אַן עכטן נאַ־ציאָנאַלן דיכטער, ביי א דיכטער, וואָס האָט דעם באַוווסטזיין פון פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיין וואָרט, וואָס גיט זיך אָפּ א קלאָרן דין־וחשבון וועגן דער סאָציאַלער שליחות פון וואָרט, קאָן נישט געמאָלט זיין קיין טויטער פאָרמאַליזם, און די גאַרונג צו פאָרמעלער שלימות איז א רעזולטאַט פון זיין אידעיישער וועלט־שפּירונג.

בינעם העלערס ליד איז קלאָר און פּשוט, אַנקערט אין פאָלק און וואַקסט אַרויס פון יידישן פאָלקס־ליד, „פון יידישן נוסח און ניגון". הע־לער דריקט אויס מיט א מעכטיקער קראַפט די שנאה צו אומרעכט און ליגן פון דער האַפּלט אונטערדריקטער יידישער מאַסע אין פאַרמלחמה־דיקן פּוילן, דעם יאָמער פון געפייניקטן פאָלק בעת דער מעסערדיקער וואָר אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע, דעם פּיין אין אָנבליק פון חורבן און דעם טיפן, הייסן געפיל פון ליבע צו דער באַפרייערישער רויטער

פּאָן, צום לאַנד פון לעניז און סטאַלין, דעם גלויבן אין ווידערגעבורט. און דאָס אַלץ קומט צום אויסדרוק מיט אַזאַ באַצווינגענדיקער אוממיטל־באַרקייט, אַז העלערס ליד ווערט דיר גלייך נאָענט און ליב, ווייל באַקומסט דעם איינדרוק, אַז דער דיכטער האָט די אַלע געפילן אַרויסגעלייענט פון דיין האַרץ, וואָס האָט זיי געטראָגן פאַרבאָרגן און זיינען נתגלה געוואָרן אין דיכטערס געשליפענער פּאָעטישער שורה.

בכדי זיך איבערצוציינן ווי ווייט אוממיטלבאַר העלער דיכטער רעדט וועגן זיינע אינטימע איבערלעבונגען און ווי ווייט עס קומט אין זיי צום אויסדרוק די וואָר, וועלן מיר זיך דערלויבן ציטירן קליינע אויס־צוגן פון דער גרויסער לירישער פּאָעמע „וואַרשע — 1939”, וואָס איז דורכויס אויטאָביאָגראַפיש, ווייל זי הייבט זיך אָן מיט דעם צוריקקער פון דיכטער פון פראַנקרייך אין דער שטאָט „פון פייכטע און טונקעלע הייף”, פון דער דזשיקע גאַס. ווייל דאָ איז —

דער הימל פון אמתן בלוי,
דער ווינטער — פון ריכטיקן ווייס,
פרימאָרגנס אין ראָזעווען טוי,
און טעג פול געלאָדן מיט נייס.

ווייל דאָ האָט ער אין די יונגנט־יאָרן געוועבט דעם חלום פון אַ זוניק, גליקלעך לעבן, ווייל דאָ האָט ער אין „די לאַנגע און פינצטערע נעכט” געמוטיקט מיט זיינע לידער צום „שווערן און דרייסטן געפעכט”. אָבער דעם דיכטער איז אָטעמען שווער מיט דער פרילינג־לופט פון וואַר־שע 1939 און ער פרעגט:

צי האָט מען די שטאָט אַרעסטירט,
די איינוווינער לאַכן פאַרווערט?
ס'איז אַלץ דאָ פאַרדושעט פון שטויב —
דער שמייכל, די פרייד, דאָס געוויין,
ווי עמעצער וואָלט דאָ פאַרטויבט
די שטאָט מיט אַ זעץ אין די ציין.

אַזוי זעט אויס די ווירקלעכקייט אין פאַשיזירטן פּוילן ערב דער מלחמה. אָבער ווער איז אימשטאַנד אַרייַנצולייגן אַזוי פיל אינהאַלט אין 6 שורות?...

און אָט אַזוי אויף אַ קאָנדענסירטן אופן פירט אונדז דער דיכטער דורך די טעג פון מאָביליזאַציע, שילדערט די מערדערישע דייטשישע לופט־אַנגריפן, רעקט אויף דעם שווידער פון דער פאַראַמענער שוצלאָזער

שטאָט, פּאַראַטענער סײַ דורך די לאָנדאָנער און פּאַריזער פֿרײַנד, סײַ דורך די אייגענע מאַשטשיצקיס און בעקס, ווײַזט אונדז דעם העלדישן אָנשטרענג פֿון דער וואַרשעווער באַפֿעלקערונג, וואָס איז מיט „רידלען אַקעגן טאַנקען" אַרויס פֿאַרשטעלן דעם וועג די היטלער־האָרדעס, פֿאַרענדיקט די פּאָעמע מיט דער קאַפּיטולאַציע, דעם אַרײַנמאַרש פֿון די היטלער־חילות און דעם דיבמערס פֿאַרלאָזן פּוילן.

זיי פֿאָרן דורך אויף אַלע מאָרד־מכשירים
און שיטן אויס מיט קלינגערײַ די שרעק;
דער פּחד קלאַפּט אין די פֿאַרמאַכטע טירן
און אויף די שויבן לייגט ער זיך אַוועק.

...און באַלד גייט אויף מיט פֿרעמדקייט און געדרודער.
אַ שאַרפֿע אין אַן אָפּגעהאַקטע שפּראַך.
אַ יעדע פֿראַזע הויבט זיך אָן מיט „יודע"
און ענדיקט מיט אַ חוזקדיקן לאַך.

ביי יעדן וואָרט — דאָס בלוט ווערט שנעל אַנטלאָפֿן
און בלייבט אין האַרץ פֿאַרגליווערט, אָפּגעקילט.
און יעדער קלאַנג איז גרייט מיט טויט באַשטראָפֿן,
איז שטענדיק אָנגעשאַרפֿט און גוט געצילט.

דאָס איז די שפּראַך פֿון אומקום און פֿון שווינדער —
אין יעדן רוף פֿאַרשטעקט אַ מעסער זיצט;
די לופֿט אין שטיקער גוואַלטיקט זי און הוידעט:
„אָ, ווען דאָס ייִדן־בלוט פֿון מעסער שפּריצט"!

שוין אין אָט דער לירישער פּאָעמע, וואָס פֿאַרמאָגט צוויי דרוקבויגן איז פֿולשטענדיק צו מערקן די גרויסע פּשטות פֿון העלערס ליד, די אַדעקוואַטקייט פֿון וואָרט און בילד, דעם טיפֿן טעמפּ און דער אייגנאַרטיקער אופֿן פֿון איבערגעבן דורך דער נאַטור, הורך טויטע אָביעקטן, דעם שווערן אָטעם פֿון דער צייט. בײַ העלערן איז די נאַטור נישט קיין אָרנאַמענט, נאָר איז — וואָלט איך זאָגן — אַ פּראָיעצירער און פֿאַרשטײַגערער פֿון דער שטימונג און אַקציע, וואָס באַקומט דאַן מער אויסדריקלעכקייט.

און אַזוי ווערט בײַ העלערן לייענען, אַז „פֿון שטילן פֿאַרדאַכט ווערט די רו פֿון די שטומען צעשטערט", אַז „אין קנוילן די שרעק, לויפֿט אָן מיט אַ ווילדן געהויל", אַז

פון שעלטן, פארכאפט און פארווירט,
איך זע, ווי עס זינקען די ווענט.
איך זע, ווי די לופט ארום מיר
ווערט פינצטער און איבערגעבראכן.

אדער:

עס קער אוודאי זיין שוין אונטן איצטער,
נאר ווער ווייסט ווו א שטערן באמש דערבליקן?
די פונקען פליען אויף אין אויפרייס־בליצן,
דער רויך וועט אלע שטערן היינט פערשטיקן.
פון דאך צו דאך שפרינגט איבער שנעל דאס פייער,
הייבט אויף די פאן פון רויך און פון בהלה.
די פענצטער רייסן אויף זיך מיט געשרייען
און ברעכן אויס אינדרויסן מיט יללות.

און נאך א ביישפיל:

...דעם רויש פון הריגה און קריג,
זי טראגט פאר די שטערן פארביי,
און ס'לויפן פלאנעטן צוריק —
אין שרעק פארן האגל פון בליי.

(דארט זייט 98)

ווי מיר זען פון די פאר ציטאטן, וואס וואלטן זיך געלאזט פאר־פילפאכיקן, ווערט דא אפילו די נאטור נישט בלויז דער אויסדריקער פון דער גרויל־ווירקלעכקייט, נאר ווערט אויך דער מיטקרבן פון דער היט־לערישער אינוואזיע!... עס וואלט אבער געווען א טעות, ווען מיר זאלן מיינען,אז העלער באנוצט זיך מיט פראיעצירן אויף דער נאטור בלויז זיין וויזיע פון דער שוידער־ווירקלעכקייט, און די פרייד פון דיכטער ווערט פארוואנדלט אין א קאסמישער פרייד. ווען דער דיכטער געפינט זיך אויפן „רויטן פלאץ" זאגט ער:

מיט מאסקווע גייען מיר צום רויטן שטערן,
מיט סטאלין — אין דער אייביקייט ארין!

ווען דער דיכטער קומט אויף דער בפרייטער סאוויעטישער ערד דריקט ער אויס זיין פרייד אויף פאלגנדיקן אופן:

פארוואס קומען צוריק אלע פייגל
און טראגן מיר ליד?
פארוואס איז דער שניי אויך מיר אייגן
און שמעקט איצט מיט צוויט?

(„די ערד")

אזוי איבערגעבן שטימונגען און היסטאָרישע פאַקטן קאָן בלויז א גרויסער דיכטער.

דער באַרימטער רוסישער קריטיקער וויסאַריאָן ביעלינסקי האָט אמאָל געזאָגט: „אין דעם וואָס דאָס קינסטלערישע שאַפן פון גאָגאָלן איז געטריי דער ווירקלעכקייט זעען מיר א שטריך פון געניאַליטעט". בינעם העלער איז געטריי דער ווירקלעכקייט און זיין שאַפן גיט אונדז אין הויך־קוואַליטאַטיווער קינסטלערישער פיקסירונג די ווירקלעכקייט, דעם געראַנגל אין סאַנאַטאָרישן פוילן, די גרויל־יאָרן 1939—1945 אין זייער גאַנצער טראַגיק און אומבאַגרייפלעכן הערא‌יזם.

## פיין און גלויבן

בינעם העלער איז פון ערשטן טראָט זיינעם אוועק צו דער דיכטונג מיט א קלאָרן, וויסנשאַפטלעכן, אָפּטימיסטישן וועלט־באַנעם און ער גייט אומגעוואַקלט, נישט געקוקט אויף די פאַרפאָלגונגען פון דער סאַנאַציע פאַר דער מלחמה, נישט געקוקט אויף קיין שום שווערע נסיונות און קאָנצענטן, זיין פעסטן גאַנג מיט די פּראָגרעסיווע כוחות פון דער וועלט. אין די שווערסטע מינוטן פון פיין, פון אומבאַשרייבלעכע יסורים זעען מיר ביי העלערן א גלויבן, אן אָפּטימיסטישן גלויבן אין זיג פון גערעכטן, אין זיג פון דער רויטער פאָן. און אויב דער שווידערלעכער חורבן האָט די אָנגלויביקע דיכטער פאַריאָגט אין די פינצטערע לאַבי־רינטן פון נעגאַציע, פון נאַציאָנאַליסטישער היסטעריע און פאַרהערלע־כונג פון עבר, אויב זיי זיינען אוועקגעשווומען אויף די מוטנע וואַסערן פון שאָוויניזם, איז העלערס וויטיק, וואָס קריגט אזא קרעפטיקן אויס־דרוק נישט קיין דעפרימירנדיקער נאָר מאָביליזירנדיקער. איך ווייס נישט צי מיר האָבן ביי דער גאַנצער שפע פון לידער געווידמעטע דער נאַציאָ־נאַלער טראַגעדיע אזעלכע וויטיקפולע סטראָפן:

צי האָב איך אומזיסט דען געשיידט זיך מיט גראַמען?<br>צי האָב איך אומזיסט דען געשוויגן א יאָר?<br>א קדיש געזונג קען נאָך זיין פאַר א מאַמען,<br>נאָר ווי גיט מען טרייסט א פאַרטיליקטן דור?

...דאָס פייער, וואָס האָט מיך געיאָגט איבער לענדער,<br>צעשניטן די פעלדער מיט פאַסן פון פראָנט,<br>האָט איצטער אויף מערב זיין פנים געווענדעט —<br>מיין היים ווערט אלץ נענטער, דער חורבן ווערט גאָנט.

איך גיי אים אנטקעגן! — אין פרייד פון פארפאַלגן,
אין רויך פון פארנומענע דערפער און שטעט —
איך גיי איצט צוריק פון דער רוסישער וואָלגע —
אין וואָלקן פון אַנגריף צו וואַרשע איך טרעט!

(אין שאַטן, 1943)

ביי העלערן זיינען נישט פאראן קיין יללה־לידער. די חורבן־ליריק און זי פארנעמט א באדייטנדיק, אפשר א דאָמינירנדיק אָרט אין דער זאמלונג, איז אין לעצטן סך־הכל א ליריק פון „שנאה און שטראָף", א ליריק פון קאָלאָסאלער עמאָציאָנעלער אָנלאָדונג. דער האס צו יעטווועדער אונטערדריקונג, וואָס האָט אים געבראכט צו דער גרויסער ליבע צום לאנד פון אָקטאָבער איז אין אָנבליק פון דעם היטלערישן בארבאריזם נאָך מער פאנאנדערגעפלאַקערט געוואָרן, האָט אָנגעגליט די סטראָפן מיט אזא ברענענדיקן, פארניכטנדיקן האס, אז די תוכחה ווערט בלאַס.

אין ליד „ירושה" זאָגט דער דיכטער:

...מיין שנאה, וואָס דארף נישט קיין שפראך און קיין טייטש
און רייסט אויף ביים בלויזן דערמאָנען: א דייטש —

...זאָלסט טראָגן א סדומישע שטראָף פאר די סדומער
און ברען אונטער יעדן רוצח דאָס אָרט.
דיין בלוט זאָלסט, חלילה, מיט זייניעם נישט מישן.
צום הונגער זאָלסטו אים דערלאנגען דעם דאָרשט.

א שטיין — ווען ער וועט ביי דיר בעטן א קישן.
און רעדסטו צו אים — ווי דו וואָלסט אים געפאָרשט. —

ווי ס'איז צו זען איז די שטעלונג פון דיכטער אן אקטיווע, ער לאָזט נישט אין די מינוטן פון שווערסטער איבערלעבונג, פון גליאיקן ווייטיק, פארברעכן די הענט און סתם וויינען א זיגנדיקער מיט אש אויפן קאָפ... העלערס ליד געווידמעט דעם חורבן רופט און שטארקט צום קאמף מיט די כוחות פון רשעות, פון מערדעריי. העלער איז ווייט פון קאָנטעמפּלאטיווקייט. ער קאָן אָדער ליבן אָדער האסן. און לידער פון אזא אינטענסיווער געמיט־אָנלאָדונג זיינען ווי אויפרייס־שטאָף און וועלן קיינמאָל נישט אנטמוטיקן, אנטוואָפענען, ווי עס איז דער פאל מיט די פראָפעסיאָנעלע „מערבדיקע" מקוננים. אָבער דער אָפּטימיזם, דער גלויבן אין ווידער־אויפלעבונג, אין זיג פון גערעכטן איז ביי העלערן נישט קיין געדאנקלעכע פאָרמול, זי דרינגט ארויס פון זיין וועלט־שפירונג,

פון זײַן טיפער פאַרשמאָלצנקייט מיט דעם פֿאָלק, וועמענס רייזנדיק געוויסן ער איז. און דערפאר האָט העלער, אפשר דער איינציקער אין אונדזער פּאָעזיע, אַזוי פּראַכטפול באַזונגען דעם אויפשטאַנד („דענקמאָל", „אין וואַרשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן")

— אין וואַרשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן
פון שכן צו שכן ווערט איבערגעגעבן:
דאָס דייטשישע בלוט זאָל אָן אויפהער זיך גיסן,
בל־זמן ס'וועט א ייד איינעם געטאָ נאָך לעבן,
פאר זיי זאָל אין אויגן נישט זיין קיין הכנעה:
פאר זיי זאָל אין אויגן נישט זיין מער קיין טרערן,
נאָר שנאה, עקשנות און ווילדע הנאה
פון שטיין זיי אנטקעגן, פון קענען זיך ווערן!
אָט הער, ווי אין האלבנאַכט עס הילכן די שאָסן,
אָט הער, ווו דער טויט יאַגט אויף דייטשישע שפּורן,
אָט הער:
די געשיכטע ווערט איצט אָפּגעשלאָסן
מיט העלדישן אומקום אין ליל־השימורים.

אַזוי קאָן זינגען א דיכטער, וואָס קאמף, פאַרביסענער קאַמף ביז זעלבסט־פאַרגעסונג; קאַמף אין נאָמען פון א גערעכטער אידיי, פון א דערהויבענעם נאַציאָנאַלן טאַט, איז אים אָרגאַניש נאָענט, ליגט אין דער ספערע פון זיינע אינטימסטע שפּירונגען און במילא קאָן זיין וואָרט, נישט געקוקט אויף די סאַמע שאַרפסטע ווענדעס פון אומקום, נישט אָנפילן מיט אומגלויבן אין מענטש, נאָר פאַרקערט, וועקן האַס צו די פאַרלענדער, פאַרשווערער פון אלדאָס מענטשלעכע, שטאַרקן דעם גלויבן אין זיג פון דעם לויטערן, שיינעם, דערהויבענעם. עס איז גענוג צו לייענען זיינע לידער, בכדי צו באַגרייפן, ווי שטאַרק ס'איז דעם דיכטערס גלויבן אין דעם זיג פון די כוחות פון ליבע און מענטשלעכקייט, פון גערעכטיקייט.

אין ליד „באַגעגעניש" שילדערט דער דיכטער זיין רייזע קיין מאָסקווע. די באַן וואָלט אים אפשר ווייטער געטראָגן, נאָר „אין מאָסקווע געזאָגט כ'האָב געוווּג" און רופט אויס:

מאָסקווע, איך האָב דיך באַגעגנט,
ווי כ'האָב נישט באַגעגנט קיין שטאָט,
אַז מיר איז אין גליקלעכער רעגונג
דיך טיילן אויף גאַסן א שאָד.

איצט שטיי איך אין דיינע געדרויש
און ס'איז מיר א שאָד די מינוט,
און ס'איז מיר א שאָד איצט צו טויש
אין הארצן דאָס רוישיקע בלוט...

בײנעם העלער איז עכט, אוממיטלבאר, א טיף־גלויביקע נאטור און די איינגעשאפטן געבן צו זיינע לידער דעם כאראקטער פון א נאטור־פראָצעס. ס'איז נישט צו זען ביי העלערן די חבלי־לידה פון ליד. זי איז קלאָר, נישט אָנגעצויגן אין דער בילדערישקייט און נישט פארטונקלט דורך דער אָנהויפונג פון מעטאפאָרן, בכלל איז נישט פאראן דער מינדעסטער אָנשטרענג צו באווייזן אוועלכע ס'איז פאָרמעלע דערגרייכונגען, נאָר דווקא די פשטות, וואָס דערמאָנט ביז גאָר אָפט דאָס פאָלקס־ליד און פאָלקסטאָן, דערהויבט העלערס ליד צו נאציאָנאלער ליריק פון גרויסן קינסטלערישן ווערט.

איך האָב אויך טשיקאווע פארגליכן ביי א קנאפע אנדערהאלבן צענדליק לידער, וואָס העלער האָט אריינגענומען אין זיין נייער זאמלונג „דורך שאָטן און שיין" פון דעם ביכל „לידער", וואָס איז אין 1940 יאָר דערשינען אין מינסקער מלוכה־פארלאג, און עס האָט אָנגענומען איבערראשט, ווי העלער זאָרגט פאר דער אדעקוואטקייט און צמצומדיקייט פון וואָרט. נישטאָ קיין איין פאל עס זאָל צוגעשריבן ווערן א סטראָפע, דערפאר איז אָנצוטרעפן ארויסגענומענע דריי סטראָפן, ענדערונגען פון איינצלנע אויסדרוקן און שורות, וואָס גיבן קלאָרער און בילדלעכער אָפ דאָס נאָענטע און געפילטע. מיר וועלן לשם אילוסטראציע ברענגען בלויז איין ביישפיל:

אין דער זאמלונג „לידער":

דו לויפסט מיט א שווערן פארטראַג,
אָ, ערהעלע ערד!
נאָר איך, מיט מיין מאָגערע וואָג
געוועזן בין דיר שווער.

אין „שאָטן און שיין" זעט שוין די סטראָפע אויס אזוי:

דו לויפסט אזוי לייכט מיט דיין משא
מיין ליכטיקע ערד.
בלויז איך מיט מיין יידישער ראסע
איך האָב דיך באשווערט.

צי איז נייטיק נאָך אמאָל צו באַטאָנען ווי קלאָרער עס איז געוואָרן דער זין פון דער סטראָפע?

וואָס ווייזט עס אַלץ? עס ווייזט, אַז בינעם העלער געהערט ביי היינט צו טאָג צו די שטאַרקסטע ליריקער אין אונדזער ליטעראַטור, אַז א דער־צויגענער אויף די בעסטע מוסטערן פון דער אידייען־רייכער סאָוויעטי־שער ליריק, שעפנדיק פון די רייכע קוואלן פון פאָלקס־מאָטיוו, אנקערנ־דיק מיט זיין גאנצן וועזן אין דער פוילישער ווירקלעכקייט, איז ער אויס־געוואַקסן צו דעם קרעפטיקסטן באזינגער פון פוילישן יידנטום, פון זיין צער און פיין, פון זיין האָפן און גלויבן, איז אויסגעוואַקסן צו אן עכטן נאַציאָנאַלן ליריקער, וואָס דריקט אויס דעם ווילן פון פאָלק צו פירן א פריי און פראָדוקטיוו לעבן אין א באַפרייטער סאָציאַליסטישער ווירקלעכקייט, ער איז אויסגעוואַקסן צום מאָנענדיקן געוויסן פון פאָלק און צום אויס־דריקער פון זיין גליאיקן האס צו אַלע פארלוימדער און אַנטמוטיקער.

דאָס בוך „דורך שאָטן און שיין" איז א פריידיקער אָנזאָג פון וויי־טערדיקן דיכטערישן וווּקס, פון ווייטערדיקער דיכטערישער פאַרטיפונג און אז אין העלערס שאַפן קריגט און וועט קריגן איר פולן תיקון סיי די טראַגיק פון נעכטן, סיי די העראָיק, סיי דער ווילן און פיקסירונג פון דער בויונג און איבערבויונג פון יידישן לעבן, פון יידישן מענטש, אויף נייע גערעכטע יסודות. אויף דעם זאָגט עדות דאָס פרעכטיקע אין פאָלקס־טאָן געשריבענע פינאַל־ליד אין „דורך שאָטן און שיין", וו דער דיכטער זאָגט:

פידלער, שוין גענוג געשוויגן —\
קוק זיך מער נישט אום צוריק!\
אָט אזוי שפּיל איצט דעם ניגון\
וועגן שווערן וועג צום גליק.

אויב געבליבן איז א זכר,\
כאָטש א צווייגל פון א בוים —\
זאָל עס ווידער פרוּוון בריכן\
פון דעם גרונט ביז בלויען רוים.

כ'האָב פארפלאָנצט זיך אין דעם באָרן\
און עס שלאָגט שוין אָן דער זאפט.\
און מיט פרוכטבארקייט געלאָדן\
רייזלט אין מיין גוף די קראפט:

זע, איך שטיי שוין לעבן שטאמען
און א צווייגל־גרין מיין קינד.
איר געשטאלט דערמאָנט מיין מאמען,
וואָס לעבט אַליין נאָך אינעם ווינט.

און דער רעגן גיסט אָן ווידער
און באפעלט מיך: לעב און בלי!
און עס שמעקט אין מיינע לידער
מיט דעם פריען אינדערפרי.

בינעם העלערס בוך לידער שליסט אָפּ די גרויל־תקופה אין אונדזער געשיכטע און זאָגט אָן, אז דאָס ווייטערדיקע שאפן וועט זיין געווידמעט דעם „פריען אינדערפרי" אויף דער פוילישער ערד, וואָס גייט מיט מיילן־שריט צו די ליכטיקע שוועלן פון סאָציאליזם.

לאָדזש, 1948 י.

# לייב אָליצקי — דער משלים־שרייבער

משלים־שרייבעריי איז איינע פון די „לייכטסטע" זשאנרען, זי פארמאָגט שוין א פארטיקן נוסח, א פארטיקן גאנג און געבוי און דערפאר, וואָס עס איז אזוי לייכט צו שרייבן משלים איז טאקע ביז גאָר שווער צו שרייבן גוטע משלים...

ווייל ווער עס מיינט, אז עס איז גענוג צו נעמען א באשטימטן „מוסר־השכל" און אים ארויספירן דורך צוגעטראכטע אלעגארישע פיגורן, ווער עס קאָן אפילו אזוינס באווייזן צו טאָן, איז נאָך ווייט פון א משלים־שרייבער. דעריבער האָבן מיר טאקע אין אונדזער ליטעראטור א סך משלים פון דעם טיפ און זיי זיינען בבחינת איין־טאָג פליגן, האָבן קיין דויערנדיקן קינסטלערישן ווערט נישט.

דער פארלאג „יידיש בוך" האָט ארויסגעלאָזט א קאָמפּלעטע זאמלונג פון אלע אָריגינעלע משלים פון לייב אָליצקי, משלים, וואָס שליסן אָפּ א פערטל יאָרהונדערט ארבעט פון מחבר איבער אָט דעם דיכטערישן זשאנר. עס איז דעריבער ביז גאָר וויכטיק ביי דער געלעגנהייט פעסטצושטעלן צוויי עיקר־זאכן: וואָס איז דאָס נייע און אידעאָלאָגיש־ווערטיקע אין דער משלים־זאמלונג פון ל. אָליצקי און צווייטנס — ווי ווייט דעם מחבר איז געלונגען איבערצוטרעטן, גובר צו זיין דעם אנגענומענעם שאבלאָן, און געבן, אָנשטאָט אלעגאָריעס מיט א מוסר־השכל, דיכטערישע קליינע פּיעסן, קינסטלערישע ווערק, וואָס קאָנען פאראינטערעסירן נישט בלויז קינדער.

מיר וועלן זיך טאקע קודם־כל פארנעמען מיט דער צווייטער פראגע. דאָס איז וויכטיק צו טאָן דערפאר, ווייל אויב דאָס משלים־בוך וואָלט דארפן בלייבן בלויז באנוץ־שטאָף פון דעם שול־קינד, דאן, פארשטייט זיך, וואָלט געשפּילט די וויכטיקסטע ראָל דער סכום מאָראלישע, עטישע סענטענצן, וואָס דאָס בוך פארמאָגט. ווען מיר האלטן, אז דאָס בוך פארמאָגט א ברייטערן אומפאנג און קאָן און דארף פאראינטערעסירן נישט ווייניקער דעם דערוואקסענעם — איז נייטיק עס צו באווייזן.

אין זיין נאָכוואָרט צום בוך שרייבט ל. אָליצקי: „דעם ערשטן שטויס צו נעמען זיך פאַרן משלים־זשאַנר האָב איך באַקומען פון קרילאָוון און... דעם יידישן שול־קינד, ווען איך בין געוואָרן אַ לערער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. איך האָב פאַרקלערט צו געבן דעם יידישן קינד משלים, וואָס זייערע העלדן זיינען גענומען פון דעם קינדס היים־און שול־סביבה".

די אָנרעגונג ווי מיר זען, איז געווען אַ ביז גאָר לויטערע אין אירע אינטענצן און — איך גיב גלייך צו — קינסטלעריש אַ געפערלעכע. געפערלעך הערפאַר, ווייל אַלס פּעדאַגאָג האָט זיך אָליצקי געשטעלט לויטער דידאַקטישע צילן: לערנען די קינדער אויף די משלים, וואָס גוט איז און וואָס שלעכט, וואָס שיין און וואָס מיאוס, וואָס קלוג און וואָס נאַריש.

אָבער מאָראַליזירונג, אויב זי איז בלויז מאָראַליזירונג איז צוגעטראַכט. און מיר טרעפן טאַקע ביים מחבר אַזאַ וואָרט, ווי: „פאַרקלערט"... פרעגט זיך: צי קאָן אַ משל זיין נישט פאַרקלערט, נישט צוגעטראַכט? עכטע דיכטערישע אַנטפּלעקונג?

עס איז אַ באַקאַנטער פאַקט, אַז משלים, צוליב דעם חשד אין פעלן פון דעם דיכטעריש־אַנטפּלעקערישן, ווערן בדרך כלל טראַקטירט ווי אַ נידעריקערער זשאַנר אין דער קונסט, קוואַליפיצירן זיך נישט אַלס פולווערטיק פּאָעטיש שאַפן. די סיבה פון דער דערשיינונג איז זיך צו דערקלערן הערמיט, וואָס דער רוב משלים־שרייבער באַגנוגענען זיך מיט צוטראַכטן אַן אַלעגאָרישע אָנקליידונג פאַר זייער מוסר־השכל. עס הייסט, אַז דאָס עצם דיכטערישע, אומפאַרמיטלבאַרע אין געמעל איז אַ נעבן־זאַך, דער עיקר איז דאָס באַלערנדיקע, דידאַקטישע. אויף וויפל דער שטויס, די אָנרעגונג האָט אָליצקין געגעבן די שול, דאָס קינד, איז במילא קלאָר, אַז די געפאַר דאָס אויסשליסלעך דידאַקטישע זאָל פאַרנעמען דעם אויבנאָן איז געווען אַ באַשיינפּערלעכע און זי לאָזט זיך טאַקע שטאַרק פילן אין אַ גרויסער טייל פון די פאַרעפנטלעכטע משלים, עס איז אָבער צום גליק געשען, אַז אפילו אין די משלים איז די דערציילונג ס'רוב זאַפטיק, אפילו פּאָעטיש און פאַרמאָגט עכטן פאָלקס־נוסח און במילא ווערט דער ציל, די טענדענץ, אפילו אין די משלים לייכטער אויפגענומען. דער עיקר פאַרדינסט פון אָליצקיס משלים איז אָבער דער, וואָס זיי האָבן אַריבערגעטראָטן די סכעמע פון אַלעגאָרישער דערציילונג און טענדענץ און צובאַקומען די צוויי עלעמענטן, וואָס מאַכן זי אי מער ווירקזאַם, אי קינסטלעריש ווערטיקער, אי ליב פאַר דעם דערוואַקסענעם לייענער: און די עלעמענטן זיינען די סאַטירע און איראָניע. אין די משלים, ווו ביינאַנד

מיט דעם געזונטן פֿאָלקס־טאָן, וואָס לאָזט זיך הערן ביי אָליצקין, קומען צום אויסדרוק דער קלוגער איראָנישער, צי סאַרקאַסטישער שמייכל, ווירקן מיטרייסנדיק, אינטערעסאַנט ווי קליינע קאָמעדיעס אָדער פּיעסן.

* * *

לייב אָליצקי איז אַ משלים־שרייבער. דאָס האָט זיך געלאָזט מערקן אין דעם ערשטן משלים־ביכל, וואָס ער האָט פֿאַר דער מלחמה פֿאַרעפֿנטלעכט, דאָס מערקט זיך מיט נאָך מער קראַפֿט איצט. ביי אָליצקין איז פֿולשטענדיק פֿאַרהיט דער פֿאָלקס־טאָן פֿון משל, ער פֿאַרמאָגט אָפֿט אַ פּרעכטיקן דיאַלאָג און דער עיקר — אַ ברייט שטייגעריש געמעל, וואָס ווערט געגעבן מיט אַ קלוגן פֿאָלקסטימלעכן שמייכל. דערביי איז דער מחבר באַשאָנקען מיט אַ טיף פּאָעטיש אויג און אַ לירישן געמיט און דאָס גיט צו דעם משל פּאָעטישן קאָלאָריט. עס זיינען פֿאַראַן ערטער אין די משלים, וואָס ווען מען זאָל זיי אַרויסנעמען פֿון דעם פֿאַבולע־קאָנטעקסט, אין וועלכן זיי זיינען אַריינגעהאָפּטן, וואָלטן זיי געקאָנט אָנגיין אַלס פּאָעטישע בילדער:

דער ווינטער קאָוועט איין דעם וואַלד מיט פֿראָסט און שווייגן,<br>
די נאַכט פֿאַרבאָרגט דעם קאָפּ אין שניי אויף צווייגן.<br>
עס ציטערן פֿון קעלט די שטערן איבער זיי,<br>
און ס'גליווערט די לבֿנה אין אַ דרימל.<br>
ביים ראַנד פֿון וואַלד פֿאַרגייט זיך אין געוואָי און וויי<br>
רב וואָלף פֿאַרררייסנדיק די באָרד צום הימל...<br>
(„רב וואָלף און דער פֿוקס")

וועגן אַ העפּט שרייבט אָליצקי:<br>
...ער האָט מיט וואָס שטאָלצירן —<br>
דער מענטש געטרויעט אים זיין רעיון און געפֿיל!<br>
אין בלאַנק פֿון זיין פּאַפּיר עס שפּיגלען זיך געהירן;<br>
און דורך זיין ווייסן לייב — אַ האַרץ שלאָגט הייס און שטיל...

עס וואָלטן זיך אַזעלכע שטעלן געלאָזט פֿאַרמערן.

דאָס גיט צו חשיבות אָליצקיס משלים, מאַכט זיי נאָענט נישט בלויז דעם קינד, נאָר אויך דעם דערוואַקסענעם.

פֿון 136 משלים, וואָס אָליצקי האָט פֿאַרעפֿנטלעכט וואָלט באַשטימט מער ווי אַ דריטל געקאָנט פֿאַררעכנט ווערן צו דעם טיפּ משלים, וואָס טרעטן איבער די טראַדיציאָנעלע משלים־ראַם און וואַקסן אויס צו שיין

געבויטע פּיעסן מיט אַ זאַפטיקן פאָלקסטימלעך יידישן דיאַלאָג און דריקן אויס די חכמה, דעם לעבנס־בליק פון פּראָגרעסיוון ייד אויף די דערשייד נונגען פון אומרעכט און אונטערדריקונג, פּאַראַזיטיזם און צביעות, פאַר־קויפטע געוויסנס און „קאַזיאָנע" באַווייזער און אַזוי ווייטער.

ווי ווייט ביי אַליצקין האָט געקריגן אויסדרוק די היינטצייטיקייט איז שוין געווען צו זען פון פריערדיקן משלים־בוך, דאָך, בכדי צו אילוסטרירן די מעזע ווענן דער קינסטלערישקייט פון די משלים, וואָס זיינען נישט בלויז דערציילונגען און מוסר־השכל, זאָלן עדות זאָגן פּאָלגנדיקע צוויי משלים:

„ס'גייט אום אין וואַלד אַ רעטעניש פון מויל צו מויל:
פונוואַנען האָט צום חזיר זיך דערנומען
אַ קראַנץ פון בלומען?
פאַר וועלכע מעשים טובים אים באַקומען?
דערפאַר אפשר, ווייל תמיד איז ער פויל
און שטענדיק גערן אָנצוקומען אויפן גרייטן?
נאָר עפּעס יענעס געבן — פאַר אַ האָר וואָלט ער זיך טייטן —
ביז ס'איז דאָס רעטעניש דערגאַן צום פוקס אין וואַלד.
אַ טראַכט געטאָן, אַ שמייכל — ס'רעטעניש באַשיידט ער באַלד.
— הערט אויס, רבותי! וואָסער רעטעניש! דער ענין קלאָר איז —
ערשט נעכטן האָט מען אויפן ווייטן אַלטן בית־הקברות
געלייגט אַ קראַנץ פון בלומען אויפן קבר פון אַ מאַן,
וואָס האָט געקעמפט און אָפּגעהאַלטן זיגן!
האָט אונדזער חזיר אויפן בית־הקברות זיך דערקריגן
און, ראַיענדיק צווישן קברים, אויך דערגאַן
צום קבר מיטן קראַנץ פון בלומען,
דער חזיר האָט דעם בלומען־קראַנץ פון קיינעם נישט באַקומען —
אַ חזיר, האָט ער זיך דעם פרעמדן קראַנץ אליין גענומען,
אַ חזיר, טוט עס אים אויך וויל באַקומען.

עס קאָן זיך צירן, ווער מיט לאָרבער־קרענץ גאַנץ פיין,
און זיין,
ווי אונדזער חזירויק — אַ שווייַן"

און איצט „דער נאַפט־לאָמפּ":

אַ נאַפט־לאָמפּ האָט אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט אין אַ זאַל,
וואָס איז געווען פאַרפלייצט מיט ליכט פון זשיראַנדאָלן.
מוזיק. עס טאַנצן פּאָרלעך. שמייכל און געשטראַל.
צעהעלטע פרייד, ווי פון די ווענט וואָלט זי געקוואָלן.

דער לאַנגער האַלדז פֿון נאַפּט־לאָמפּס גלעזל איז באַמאָלן
מיט ריס, וואָס רויבערט זיך דורך אים אַרויס.
אין פֿינצטערע רעיונות אונדזער נאַפּט־לאָמפּ קרייזלט אויס:
— אַז וואָס איז די גדולה אַזוי גרויס?
אַ טאַנץ פֿון שאָטנס אין דער דעמערונג פֿון לקויחמות.
(די זשיראַנדאָלן אין דער הייך ער מיינט מסתּמא עס)
זיי טאַנצן אויס אַ לעבן שוואַרץ און פּוסט...
איך זע אַזוי עס דורכן גלאָז פֿון מיינע ברילן.
זיי טאַנצן, ווייל זיי מוזן, נישט פֿון גוטן ווילן,
אַזוי דער נאַפּט־לאָמפּ די רעיונות ריסט און ריסט,
ביז פֿון זיין ריסן אַזש דער שוויצער זיך צעניסט.
ער טוט אַ כאַפּ אים פֿון זאַל אַרויסצוטראָגן.
און זאָגט אים אויפֿן וועג אַזוי צו זאָגן:
הער אויף, דו שוואַרצזעער, דאָס לעבן צו באַקלאָגן,
זעסט שוואַרץ די וועלט צוליבן קאַליע נאַפּט ביי דיר אין מאָגן...

---

ס'איז נישט קיין זעלטנקייט אַזאַ מין פּעסימיסט.
צוליב זיין אייגן מיאוס לעבן — אונדזערס ער פּאַרמיאוסט.

* * *

ווען דו לייענסט זיך אַריין אין אָליצקיס אָריגינעלע משלים, באַמערקסטו, אַז דער משל איז ביי אים ברייטער, מער באַטייטיקער ווי דער נמשל, אַז נישט בלויז אין נמשל איז פֿאַראַן די פּוענטע, דאָס שלאָגוואָרט, נאָר, אַז עס געפֿינט זיך אָפּט אין עצם טעקסט. בדרך כּלל איז עס נישט קיין מעלה. מיר זיינען געוווינט צו אייגנדייטיקייט פֿון משל, אַז דער נמשל איז אַ לאָגישער פּועל־יוצא פֿון דער אַלעגאָרישער פֿאַבולע, און זאָל פֿולשטענדיק אויסשעפּן דאָס, וואָס דער מחבר האָט געוואָלט זאָגן. אָליצקיס משל איז נישט אַלעמאָל איינבאַדייטיק. אַזוי צ. ב. איז דער נמשל פֿון „דאָס גרויסע שטיקל טייג און דאָס געבעקס":
פֿאַראַן אַ פֿאָלק, וואָס ווערט פֿון פֿעלקער פֿיל געשענדט,
און צייטנווייז פֿאַרלענדט,
און ס'האָבן אַלץ די ברידער נאָך די ברידער נישט דערקענט.

עס וואָלט זיך אָבער אָן שווערקייטן געלאָזט מאַכן אַ צווייטער אויספֿיר: ווי לעבעדלעך עס זעען אויס די מענטשן, וואָס קענען נישט אָדער ווילן נישט קענען זייער שטאַם. דער משל „פֿרהצור מיטן שטיבן־

פּוּצעד״ קאָן פּונקט אזוי גוט טויגן אלס סאַטירע אויף בייזע קריטיקער, ווי אַ נייע אויפלאַגע פון קרילאָווישן „אוסלוזשליווי דוראַק אָפּאַסניעיע וראַגאַ״. דער פּרעכטיקער משל „די בייזע שיינע רייזיע״ קאָן צופירן צו אַליצקיס נמשל וועגן דיכטער „דער צרה״, „וואָס גריזשעט יעדן חברס שאַפן מיט די ציין״, כאָטש ער אַליין איז אימפּאָטענט, ווי צום יידישן ווערטל: ביי יענעם א שטויבל ביי זיך נישט קיין באַלעם, אָדער צום קריי־לאָווישן „טשעם קומושעק סטשיטאַט׳ טרודיטסיאַ ניע לוטשע לי נאַ סיעבּיאַ קומאַ אָבאָראָטיטסיאַ״.

מיר וואָלטן אזוי געקאָנט א גאַנצע ריי נמשלים צעצווייען. דאָס אַלץ וואָלט געווען שלעכט, ווען די אַנדערע אויספירן וואָלטן פארשמע־לערט דעם נמשל, זיין אַלגעמיינקייט. צום גליק געשעט עס ביי אַליצ־קין זעלטן און דערפאַר שטערט עס נישט, — פאַרקערט, ס׳ווייזט, אַז אַליצקיס אַלעגאָריש געמעל איז אזוי רייך, פאַרביק און אינהאַלטספּול, אַז עס צערייסט די ענגע ראַם פון נמשל...

אין די אויבן ציטירטע משלים שפּילט שוין די הויפּט־ראָל נישט דער מוסר־השכל, נאָר די סאַטירע, וואָס געפינט זיך אין פאָלקסטימלעכן טעקסט גופא. אָבער אַזעלכע משלים, ווי: „דער חזיר און דער בלומענ־קראַנץ״, זיינען פאַראַן גאַנץ היפּש און פאַרמאָגן א פּרעכטיק אויפגע־בויטע מעשה, מיט גלענצנדיקע דיאַלאָגן.

וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט די משלים? קודם דער קלו־גער, איראָנישער שמייכל, די פאָלקישע חכמה, וואָס קוואַלט פון זיי, דער שיין געבויטער דיאַלאָג און די פעיקייט אָנצוגעבן פאָלקס־קאָלאָריט די געשפּרעכן. ביי אַליצקין איז דער פוקס, צי חזיר, צי הונט, צי האָז, און אפילו דער דומם, וואָס ווערט אָפט באַנוצט אין זיינע משלים, באַ־שאָנקען מיט די ספּעציפישע פאַר אים אייגנשאַפטן... עס רעדן אָבער דורך זיי נישט קיין חיות, נאָר פאָלקס־מענטשן, דאָס פאָלק מיט אַלע זיינע שפּראַך־קנייטשן און ווערטל־זאָגעריי, אַריינזאָגעריי. ביעלינסקי זאָגט ערגעץ, אַז פאָלקיש, פאָלקסטימלעך קאָן מען נישט ווערן. פאָלקס־טימלעכקייט קאָן מען נישט צוטראַכטן, פּונקט ווי מען קאָן נישט אויס־טראַכטן קיין טאַלאַנט, אַז פּונקט ווי דער טאַלאַנט, איז פאָלקסטימלעכ־קייט א באַגאַבונג, וואָס מע טראָגט עס מיט זיך. לייב אַליצקי האָט דעם טאַלאַנט צו זיין פאָלקיש, פאָלקסטימלעך. די אידיאָמען, ווערטלעך, זיינען נישט צוגעטראַכט, נאָר פליסן אַרויס נאַטירלעך. דער דערצייל־אופן איז אין די געלונגענע משלים אַן עכטער, פּשוטער, אוממיטלבאַרער.

אַליצקי דאַרף פאַררעכנט ווערן צו אונדזערע בעסטע משלים־שריי־בער, ווייל ער פאַרמאָגט א גרויסע צאָל הומאָרפולע און סאַטירישע

פאבולעס פון גרויסן דערקענטעניש־ווערט. יאָ, נישט דער מוסר השכל רייסט אונדז אין די משלים מיט און נישט ער איז אין זיי דער עיקר. אזוי זעען מיר אין משל „דער דאָרפסגייער און די הינט" א גלענצנדיקע סאטירע אויף די גבירישע און אָרעמע „הינט", וואָס בילן אויפן דורכגייער און דער הורגייער מיטן „מוטיקן הארץ און סענקעוואטן שטעקן" ניט דווקא א זעץ אין דארן הונט צוליב דער סיבה „ווייל יענעמס האווסען, כ'מיין דעם דיקנס, האָט א שכל

און וועקט אזוי נישט קיין פארדראָס —
עס שפייזט דאָך אים דערפאר זיין באלעבאָס;
צוליב פרנסה, מילא, זאָל א כלב בילן.
צו וואָס אָבער זאָלסטו
אומזיסט אויף עמעצן דאָס בלוט זיך קילן?
ביסט דאר און הונגערסט צו,
און טוסט פונדעסטוועגן צום באלעבאָס זיך לעקן!
איז האָסטו כשר זיך פארדינט מיין שטעקן.

און הגם אין דעם סוף משל איז שוין פאראן א נעגוג סאטירישער שלום, קומט אזא מוסר השכל:

צי איז דער דאָרפסגייער געווען גערעכט?
לויט מיין מיינונג, האָט ער געהאנדלט שלעכט:
ווייל אויך די כלבים, וואָס צוליב פרנסה בילן,
אויך זיי דעם שטעקן דארף מען געבן צו דערפילן.

ווי ס'איז צו זען איז דאָ פאקטיש נישט פאראן קיין „מוסר השכל" פון דעם טיפ „טו נישט דאָס", „ס'איז נישט שיין יענץ..." נאָר א מאָביליזירנדיקער רוף צו קאמף מיט די בילער... בכלל איז ביי אָליצקין אין פיל משלים דער אייספיר, דער נמשל, א המשך, אָדער א שוואך אָפבילד, רעזומע פון ארויסגעבראכטן אין דעם סאטירישן מעשהלע, דאָס ווייזט מאקיע, אז אין די בעסערע, געלונגענע משלים, האָט דער קינסטלערישער געפיל אונטערגעזאָגט אָליצקין, אז נישט דער נמשל איז דער עיקר, נאָר די מעשה גופא. די זאפטיקע, הומאָרפולע, שפילעוודיקע און איינצייטיק איראָנישע, צי בייסיק־סארקאסטישע מעשה, פון באדייטנדיקן דערקענטעניש־ווערט און פון גרויסער אקטואליטעט.

און דאָ קומען מיר צו צום אידעאלאָגישן ווערט פון ל. אָליצקיס משלים. אָליצקי האָט באוויזן, אז נישט דאָס מאָראליזירנדיקע אינטערעסירט אים, אים אינטערעסירט דאָס לעבן מיט איר גאנצן אומפאנג פון געזעלשאפטלעכע, פאָליטישע און עקאָנאָמישע פראָבלעמען, און די

פאראינטערעסירונג איז נישט קיין געוואָרענע, נאָר אַן אלטע, טיף אין הארץ איינגעבאקענע, נאָענטע. און דעריבער איז אזוי דערפרייענדיק געווען צו לייענען אין דעם ערשטן משלים־ביכל, וואָס איז דערשינען אין 1947 יאָר, ווען עס איז נאָך געווען פריש די ווונד פון אומקום, דעם רוף צו לעבן, וואקסן, זיך פארמערן, די בייסיקע סאטירע קעגן די ר׳ וואָלפס, וואָס וויינען אזוי לאנג אויף דעם בראָך פון שטאם ביז זיי קריגן נישט קיין ביין אָפּצולעקן, קעגן די פארדארטע ריטלעך, צי די נאפט־לעמפ, וואָס זעען די וועלט שווארץ, פארמאָגן אין זיך נישט קיין גלויבן, קעגן די הירזשיקלעך, וואָס ווילן זיך אויסמישן מיט דער ברוי־נער קאשע... און א. וו. א. וו. די גאמע פון די סאטירישע טענער האָט זיך באדייטנדיק פארברייטערט אין דעם „משלים־בוך", ווו עס קומען אריין א גאנצע ריי נייע, נאָך נישט געדרוקטע משלים, אָדער באארבע־טונגען, ס'הייסט, פון די יאָרן פון פארשארפטן סאָציאלן געראנגל. מיר טרעפן במילא אָן פארניכטנדיקע סאטירע אויף יעטוועדער מין פאראזי־טיזם און סאָציאלן אומרעכט, אויף צביעותדיק־זיסע רייד פון די קאַ־פיטאליסטן און זייערע רויבערישע כוונות, אויף די, וואָס מען זעט ביי זיי „א צלם אויפן רוקן שטארצן", און דער טייוול וווינט אין זייער הארץ... אָליצקי וואָרנט: „פאר לייט מיט זיסע ליבע רייד מען דארף זיך היטן, ווייל, ווי די פליג, עס ריידן אויך די מענטשן־פאראזיטן".

אָליצקי, ווי יעטוועדער עכטער מיטן פאָלק־פארבונדענער דיכטער רעאגירט שארף, ליידנשאפטלעך. און דאָס גיט צו וואָג, גיט צו באדיי־טונג, מאכט אונדז די משלים נאָענט, ווייל זיי אָטעמען מיט דעם הייסן פארלאנג פון אויסקארטשעווען אלדאָס מיאוסע, אומגערעכטע, מענטש־דערנידערנדיקע פון לעבן. פילט אָן מיט דער בענקשאפט צו א שיין, לויטער, ברידערלעך און פראָדוקטיוו לעבן. עס איז דעריבער ביז גאָר כאראקטעריסטיש דער סוף פון דעם פיינעם משל געווידמעט די ברוינע בעסטיעס, וואָס האָבן דערפאָלגלאָז זיך א וואָרף געטאָן אויפן לייב (דימיטראָוון):

ווען נידערטרעכטיקייט און פאלשקייט אינעם לאנד רעגירן,  
זיי מוטיק — צום געוויסן פונעם פאָלק צו אפעלירן:  
דאָס פאָלק וועט נישט פארפירן.

פאר דעם דיכטער אָליצקי, איז ער, דער ציטאט ביז גאָר כאראק־טעריסטיש: — עס ווייזט זיין אומדערשיטערלעכן גלויבן אין פאָלקס־מענטש, אין ארבעטס־מענטש. און פון דאנען דער לויטערער אָפּטימיזם פון אָליצקיס משלים־בוך, פון דאנען דער קלוגער שמייכל איבער די

פאַרשידענע מענטשלעכע שוואַכקייטן און דעריבער דער בייסיקער גע־לעכטער, דער דעמאַסקירנדיקער, וואָס איז געווענדט צו די הינט, חזירים, ווערעם און קאָמאַרעס אין מענטשן־געשטאַלטן, וואָס טראָגן מיט זיך אומרעכט און טויט, שפּאַלטונג און שנאה, פּוילונג און צעפאַלונג.

ווי עס איז צו זען, איז דער משל און דער משלים־שרייבער פיל ווייטער אוועק, ווי דער ערשטער שטויס, וואָס איז געקומען פון פאָלקס־קינד, און ביינאַנד מיט די משלים, וו מען זעט די צוגעטראַכטע אלע־נאַריע צוליב דידאַקטיש־לערערישע צוועקן האָט אויפגעלויכטן דער משל, וואָס שעפּט זיין יניקה פון אוממיטלבאַרער אָבסערוואַציע און אקטיווער שטעלונג צום לעבן — דער באמת שעפערישער קינסטלערישער משל.

מיר פאַרמאָגן נישט ווינציק פעיקע משלים־שרייבער אין דער יידי־שער ליטעראַטור. ל. אַליצקי האָט מיט זיינע משלים באַוויזן אָפּצושפּיג־לען אַ שטיק אַקטועלע ווירקלעכקייט און היינטצייטיקע פּראָבלעמען פון אונדזער יידיש לעבן אין בילדער פון אַ דויערנדיקן ווערט. במילא האָט ער אָנגעגעבן חשיבות און וואָג דעם זשאַנר, וואָס האָט אַ טראַדיציאָ־נעלע אַלעגאָרישע אָנקליידונג און אַ פאַרמאַכטע ראַם. לייב אַליצקיס משל וואַקסט אַלץ מער איבער אין שלאָגפערטיקער, ציל־אָנגעווענדטער סאַטירע, וואָס דאַרף העלפן באַקעמפן די כוחות פון מלחמה און מענטשן־שנאה און באַפעסטיקן די כוחות פון שלום און פעלקער־פאַרברידערונג, שאַפן די באַדינגונגען, ווען דעם מענטש וועט גוט זיין און מיט אים וועט גוט זיין.

לאָדזש, 1949 י.

# לידער פון פיין און גלויבן

## וועגן משה שולשטיינס „אַ בוים צווישן חורבות"

משה שולשטיינס בוך פּאָעזיע „אַ בוים צווישן חורבות" — פאַר־כּדהכלל אַריבער צען יאָר פון שעפערישן אָנשטרענג און איז בלתי־ספק אַ ווייטערדיקער, באַדייטנדיקער שטאַפּל אין דער אַנטוויקלונג פון דעם פּאָעט און קעמפער. זיין ליד איז רייפער געוואָרן, דער דיאַפּאַזאָן פון טענער און טעמעס פאַרברייטערט געוואָרן. ס'מוז גלייך באַטאָנט ווערן, אַז ביי שולשטיינען, ווי אַ פּאָעט־רעאַליסט, איז דער אינספּיראַציע־מקור און די גרונט־אַיפּנים פון באַוועגונג פון די לעבנס־רעגונגען, לעבנס־שפּירונגען און פאַקטן געבליבן בדרך־כּלל דער זעלביקער, ווי אין „ברויט און בליי" (1934), און דאָס „פּייפל אין די בערג" (1936).

משה שולשטיין מאַכט נישט דעם מינדסטן אָנשטרענג צו זיין נאָ־וואַטאָריש, נישט אין גראַם, נישט אין בילד, נישט אין פאָרם. איר וועט אין זיינע לידער, דער עיקר רעפלעקסיווע, אָנטרעפן השפּעות פון מ. ל. האַלפּערינס באַרעדעוודיקייט און פראַזאַיזמען־באַנוץ, איר וועט אָנטרעפן לידער, וואָס שלאָגן אָן אין פאָלקס־מאָטיוו, אין אַ מין פאָלקסטימלעכן טאָן און ריטם, ווי אויך לידער, וואָס מען וואָלט דרייסט געקאָנט צו־שרייבן דעם איינפלוס פון דער יידיש־סאָוויעטישער ליריק, אָבער אומע־טום לויכט אַרויס די דיכטערישע פערזענלעכקייט — משה שולשטיין; אומעטום איז לייכט צו דערקענען דאָס אייגנטימלעכע, אינטימע, כאַראַק־טעריסטישע פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן דיכטער.

* * *

משה שולשטיינס לידער דאָס איז עפּעס פון גרויע, גרויליקע פאַקטן פון אַ שוידערלעכער צייט, געזען דורך דער פּריזמע פון אַ צעזונגען האַרץ, פון אַ ברענענדיק געמיט, וואָס צעשמעלצט זיי און פאַרוואַנדלט אין געזאַנג.

ס'איז כדאי אונטערצושטרייכן, אז ביי פיל לידער גיט דער דיכטער אָן דעם מקור פון אינספּיראַציע — אַן אויסשניט פון אַ צייטונגס־ידיעה, אַן אַלגעמיין־באַקאַנטן פאַקט, ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז דער באַנד לידער איז אַ מין עמאָציאָנעלע געשיכטע, וואָס שפּיגלט אָפּ די גאַנצע גאַמע פון איבערלעבונגען, וועלכע האָבן באַגלייט אַ פּראָגרעסיוון מענטש אין ייִד אין משך פון די שווערע, בלוטיקע יאָרן 1937—1945. און אַזוי לאָזט זיך אויסטיילן שפּאַניע, דאָס אַנטלויפן פאַר רעפּרעסיעס מצד דער רעאַקציע, תּפיסה, די איבערלעבונגען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע, פּיין און ווידערשטאַנד, דער אומקום פון די ייִדן אין די לאַגערן, די באַפרייערישע רויטע אַרמיי — דערביי אין אַלע פאַלן הייבט זיך אַרויס ווי אַ בוים צווישן חורבות דער גלויבן, דער אומדערשיטערלעכער גלויבן אין זיג פון אמת און גערעכטיקייט, אין זיג פון דער רויטער פאָן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

אָט די אַלע געשעענישן פון דיכטערס — און נישט נאָר פון דיכטערס — לעבן זיינען געווידמעט די שפּירונגען און געפילן, רעפלעקסן און פּאָעטישע מעדיטאַציעס פון משה שולשטיין.

מ. שולשטיין פּאַרוועבט זיך נישט אין סתם געמעלן, ביי אים איז די נאַטור אַ שפּרונגברעט צו מענטש און וועלט־שפּירונג. דער דיכטער פאַרשטייט דעם דומם, ער פילט טיף אָפּ די נאַטור, ער קען איר שפּראַך.

אָט ווי עס זעט אויס דער האַרבסט פון 1940 אין די אויגן פון שולשטיינען:

ווי אַ ייִדישער בגד איז דער הימל היינט
אומעטיק און קויטיק — ווי אַ שמאַטע.
און די זון — נישט זי לייכט און נישט זי שיינט —
איז צונעקלעפּט אויף אים ווי אַ געלע לאַטע.

און נאָך דעם וויזועל־עמאָציאָנעלן בילד פון זון און הימל קומט די רעפלעקסיע:

קען זיין, דאָס האָט זי זיך, די זון, אַליין
היינט מאַט און טונקל געמאַכט בכיוון,
ווייל שווער אַזוי איז איר צו זען איר שיין
שפּיגלען זיך אין גלאַנץ פון די פרעמדע שטיוול.

אין אַ צווייט האַרבסט־ליד („בלעטער־פאַל"):
געלער האַרבסט.
עס פאַלן געלע בלעטער אויף דער ערד,
און אויף מיין רוקן פאַלט די געלע לאַטע.

ווי ס'איז צו זען פון די ציטאטן איז ביי שולשטיינען דער פאר־גלייך און מעטאפאר, וואלט איך זאגן, פאליטיש באדינגט און די נאטור קאלידירט נישט מיט די שטימונגען פון רעוואלוציאנערן דיכטער, ביי וועלכן די זון וויל זיך נישט שפיגלען אין גלאנץ פון פאשיסטישן שטיוול און ביי וועלכן דער לעצטער אקארד אין ליד „בלעטער־פאל" איז דאך א דערמוטיקנדיקער: קוקנדיק אויף דעם מיסטקערער, וואס פירט ארויס די נעלע בלעטער אויף א טאטשקע, דערוועקט זיך אין דיכטער די איבער־צייגונג, אז פונקט ווי ער גלויבט, „אין זיין, אין זון, אין ערד", אזוי גלויבט ער, אז אויך די געלע לאטע וועט אנקומען אויף די הענט פון מיסטקערער.

מ. שולשטיינס אפטימיזם איז נישט קיין אנגעהויכטער, אויסקאנ־ציפירטער — ער איז ארגאנישער, פונקט ווי ארגאניש עס איז ביי אים זיין וועלט־אנשויונג בכלל. און דעריבער איז נאטירלעך זיין אומ־ווילן צו „זינגען פון אייגענעם טרויער, פון אייגענער בענקשאפט און ליידן"; פונקט ווי ס'איז נאטירלעך זיין ליידנשאפטלעכער גלויבן אין זיג פון דער „קאמפס־פאן", וועלכער ער „וויל צולייגן דעם לעצטן אטעם אלס צושטייער". יא, פאר א דיכטער, ביי וועלכן אפילו „דאס וואסער זינגט דעם אינטערנאציאנאל", איז פעסימיזם, טרויער, פרעמדע, ווייל ער לעבט נישט מיט קיין אויסשליסלעך אינדיווידועל לעבן. אויב ביי אנדערע דיכטער איז דער ווייטיק פון אייגענעם נאגל זיי עלול צו הערברענגען צו שווארצקוקעריי אויף דער וועלט, איז עס נישט דער פאל ביי א רעוואָ־לוציאנערן דיכטער. ער איז מענטלעך. ער איז נישט לייכט אויף טרערן. ער לעבט מיטן לעבן פון פאלק, און זיינע שטימונגען אונטערארדנט ער דעם פאלק. שולשטיין זאגט:

ווי לאנג איך וועל נאך הערן דיך פון ווייטיק שרייען,
וועט שטענדיק שרייען אויך מיט דיר מיין ליד.
(„לאנד אוים, לאנד איין")

און ווען עס האט זיך דערטראגן צום דיכטער דאס געשריי פון פארפייניקטע מיליאנען, האט זיין ליד זיך „צעשריען" מיט אזא מעכטיק געשריי, מיט אזא מענטלעך געוויין, וואס טרייסלט אויף ביז אין דער טיף און רופט צום קאמף, צו נקמה. דא איז געגנג צו דערמאנען בלויז איין און איינציק אלגעמיין־באקאנט ליד: „איך האב געזען א בארג", בכדי צו אפשאצן די קראפט פון דיכטערס געשריי... אבער דאס איז נישט דאס איינציקע. אלע לידער, וואס זיינען געווידמעט דער נאציאנאלער

טראגעדיע האָבן אין זיך אָט דעם טיף־עמאָציאָנעלן, אויפטרייסלענדיקן עלעמענט.

שולשטיין האָט צוגלייך מיט אונדזערע בעסטע דיכטער שוין אין 1938 יאָר באַנומען די גרויס פון דער זיך אָנרוקנדיקער געפאַר. „ס'וועט דאָס פעלד שוין גרין נישט ווערן, נאָר רויט פון אונדזער מענטשלעך בלוט!" („פרילינג"), און ס'עבנט זיך אַ קאַפּיטל לידער פון צער און צאָרן, פון וויי און מוט.

א געזאַנג אַ בלוטיקס טראָג איך אין די ציינער,
ווי עס טראָגט די חיה אין געפאַר די קליינע...

שורות ווי די שטאַפּלען, לידער ווי די לייטער —
קלעטערט דאָרט מיין לעבן, ס'טראַציקע, פאַרשייטע.

...פלאַנטערניש פון דערנער און פון דראָטן־קנופּן
האָט אין וועג פאַרטשעפּעט ליד אויף מיינע ליפּן.

פלאָנטער האָט פאַרטשעפּעט, הויט און פלייש צעדראַפּעט
און פון הויט און לידער בלוט גייט אָפּ און קאַפּעט.
קאַפּעט בלוט פון לידער, פליסט דאָס בלוט פון דורות,
אז עס זאָלן דערנער לייכטן ווי מנורות,

און פון דראָטן־קנופּן אויפגיין זאָלן בליטן,
ווי אַ צווייג צעבליען אינעם הארבסט אינמיטן.
(„זינגענדיקע יאָרן")

און אזוי ווידמעט דער דיכטער לידער, וואָס גייען אָפּ מיט בלוט: אַ מוטער און איר זיבן־טאָגיק עופהלע, וואָס דאַרף פון קימפּעט־בעט אוועקגיין אין די טויט־עשעלאָנען („קימפּעט"), די דערשאָסענע אויפן בית־עולם אין איוורי, די אייגענע מינוטן פון טויט־געפאַר און טויט־דערוואַרטונג, די מיליאָנען פאַרפייניקטע ברידער אין פוילן. רירנדיקע שורות, דינאַמישע לידער, האַרץ־פאַרקלעמענדיקער ווייטיק און דאָך דער באַוווּסטזיין, אז מען קאָן בלויז אים טויטן, אָבער נישט דאָס באַפרייענדיקע געזאַנג. דער פאַקט פון מענטשלעכער אומבויגזאַמקייט, אנטשלאָסנקייט לאָזט אים נישט פאַרצווייפלען, און ווי אַן ענטפער אויף דער פראַגע, צי איז דער מענטש לויט גאָטס געשטאַלט, ווען ער קאָן טרעטן מיט די פיס איבער צעוואַלגערטן רואין, זיין האַנט „לעסטערט מיליאָניקן נעביין" און דאָס מויל „לאַכט, שפּעט פון גסיסה־פּיין"? גיט ער אונדז, „די באַלאַדע פון דער באַרג־גייערין שאַרלאָטע" — די פראַנצויזישע העלדישע פאַרטיזאַנערין, וואָס גיט אוועק איר לעבן דעם קאַמף,

דעם Toussaint, וואָס באַווייזט ווידערשטאַנד, באַזינגט די יידישע קעמפּערישקייט, ער ברענגט אַרויס די העלדן, וואָס האָבן פאַר דער עקזעקוציע געזונגען די מאַרסעליעזע.

און דער פאַקט פון מענטשלעכן העלדנמוט מאַכט אים אויסרופן:

קלינג־אויף מיט נייעם פייערלעכן קלאַנג!
שפּילט־אויף! — זאָל יעדעס בלאַט זיין אַ גיטאַרע!
אַז דער אַרום זאָל פּלאַצן מיט געזאַנג,
ווי ס'פּלאַצט אַמאָל מיט שטורעם אויף אַ כמאַרע.

און ביז גאָר אָפּטימיסטיש ווערט שוין דער לעצטער אַקאָרד פון אָט דעם ליד:

בהלהדיקע וואָגנס — ראָד און שטיין
אויף גאַסן קלאַפּן אויס מיט רעש: מפּלה!
ווי גרינער קוויט פון ריינשטאָקן צום ריין
שווימט־אָפּ די לעצטע דייטשישע ממשלה.

(„דער בית-עולם אין איוורי")

* * *

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דעם רעוואָלוציאָנערן עלעמענט אין שולשטיינס דיכטונג, אויף זיין פּאַרקוקטקייט אין לעבן פון מענטשן און פעלקער, דאָך, נישט געקוקט אויף דעם ציקל שפּאַנישע לידער, אַנטי־פאַשיסטישע לידער, לידער געווידמעטע דעם פראַנצויזישן ווידערשטאַנד, איז און בלייבט שולשטיין קודם־כל אַ יידיש־פּוילישער דיכטער. עס וועט מסתמא נישט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלן פעסטשטעלן, אַז כמעט אַ העלפט פון די 18 דרוק־בויגן זיינען געווידמעט פּוילן, דעם פּוילישן יידנטום, דער פּוילישער אַלטער און נייערווירקלעכקייט, דער־מאָנונגען וועגן פּוילישן פּייזאַזש, פּוילישע טיפּן, אויטאָביאָגראַפישע מאָטיוון. יאָ, פּוילן פיגורירט ביי שולשטיינען נישט דווקא אין ספּעציעל געווידמעטע לידער. געפינענדיק זיך אין די אַלפּן דערמאָנט זיך דער דיכטער אין „פּוילנס שניי דעם ליכטיקן און קלאָרן", און ס'וואַכט אויף די וויזיע:

ווי אינעם ווייטן, ווייסן שניי,
אין שוואַרצע רייען גייען מיינע ברידער,
אַ רידל אין דער האַנט, אין האַרץ דער וויי,
און ס'וואַכט די ביקס אויף יעדן קריץ פון רידל...

---

איך האָב געטראַכט פונעם שניי אין מיין היים —
האָט דער שניי פונעם באַרג דאָ שוין מער נישט געשוויגן —

האָט פאַר יענעם טרויער און פאַר יענער פּיין
אפילו די שנייאיקע שטילקייט זיך צעשריגן —

ווי ווייט העך דיכטער פילט זיך פאַרבונדן מיט זיין היימלאַנד ווייזט אָן נאָך איין אומאָפּפרעגלעכער פאַקט: די לידער, וואָס זיינען געווידמעט פּוילן, געהערן אָן שום ספק צו די לירישסטע און שטאַרקסטע, דאָ דערגרייכט ער שלימות.

אין פונקט ווי ס'איז גרענעצלאָז העם דיכטערס פּיין און ווי צוליבן אומקום פון דעם פּוילישן יידנטום, פונקט אזוי אָטעמען זיינע לידער: „צו פּוילן", „אויפן טויט פון גענעראל טשערניאכאָווסקי", „אָנקום" א. א. מיט דאנק צו דער רויטער ארמיי, „דעם משיח אויפן ווייסן טאנק", וואָס האָט די פּוילישע ערד באפרייט פון היטלערישער אונטעריאָכונג. זיין ליבע צום סאָוועטישן מענטש, צום רויטארמייער, דערגייט ביז צו אפּאָלאָגיע, וואקסט אויס אין א קאָסמיש געפיל. שולשטיין רופט אויס צו די רויטארמייער:

עס רייסן זיך די גראָזן און ווילן אייך דערגרייכן
און מיט טרערן־פרייד אייך פאלן אויפן האלדז,
עס וויל אראָפּ צו אייך די זון פון אירע הייכן
און זיין צו אייער אָנקום די טאץ פון ברויט און זאלץ.
(„אָנקום")

* * *

משה שולשטיין האָט פון ערשטן טאָג פון זיין אריינטריט אין דער ליטעראַטור זיך געשטעלט מיטן פּנים צו דער ווירקלעכקייט, צו די פּראָגרעסיווע כוחות פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, איז געווען צוזאַמען מיט בינעם העלער, דער אָנצינדער און באגייסטערער צום קאַמף קעגן די פינצטערע כוחות, וואָס האָבן געזייט טויט און נאכט, אומרעכט און פּיין, איז געווען דער מאמין באמונה שלימה אין זיג פון גערעכטיקייט און דער גלויבן פארלאָזט אים נישט. אין די פינצטערע מינוטן פון דייטשלאנדס זיגערישן גאנג, שטייענדיק פּנים אל פּנים מיטן טויט, צוזעענדיק דעם טויט פון מיליאָנען, ראנגלט זיך דער דיכטער אין פּיין און ווייטיק און גלויבט, גלויבט אין דיכטערישן וואָרט, אין מענטשבאפרייונג, אין אומשטערבלעכקייט פון יידישן פאָלק. און אָט דער הומאניסטיש־נאציאָנאלער צוגאנג, אָט די לויטערע באַאָונג פון לעבן, דער אָרגאנישער אָפּטימיזם, זיינען אין לעצן סך־הכל די לעבן־געבנדיקע קוואלן פון וואנען ער שעפּט זיין דיכטערישע וויזיע און מאכט אָנפילן

זיין דיכטונג מיט באזונדערער באדייטזאמקייט, וואָג און ווערט. דורך זיי אַנטפּלעקט זיך דער נשמה־צאַפּל, דאָס אייגנטימלעכע פאַר זיין דיכטערישער פּערזענלעכקייט.

דיכטונג, וואָס איז נישט אַריינגעהאַפּטן און אויסגעהאַפּטן פון דער ווירקלעכקייט, וואָס שטייט אויסערן גדר פון צייט און געזעלשאַפט, איז פּוסט, הויל, זינלאָז און לאָזט נישט קיין שפּורן נאָך זיך; איז ביי די גרעסטע פאָרמעלע מעלות אימפּאָטענט, זי באַפרוכפּערט נישט; איז א פלאַנץ, וואָס האָט נישט קיין באָדן, וואָס הענגט צווישן הימל און ערד און וויאַנעט פון מינוט צו מינוט. בלויז דיכטונג, וואָס פאַרמאָגט אין זיך לעבן, ווירקלעכקייט, וואָס אירע אויסמעסטונגען איז צו געפינען אין רוים און צייט, האָט אלע שאַנסן פון דויערנדיקייט, ווייל זי גיט נישט בלויז איבער די דערקענטעניש פון דיכטער אין דער תקופה, נאָר די תקופה און די קומענדיקע תקופות קאָנען זיך געפינען דורך דער דיכטונג.

משה שולשטיין האָט זיך קיינמאָל נאָך „אייביקע" מאָטיוון נישט געיאָגט, האָט זיך „קיינמאָל אויף דרויב נישט פארשווענדט", און אפילו די טויט־געפאַר האָט אים נישט געקאָנט פאַרווערן אויסזינגען זיין מענטש־באַפרייערישע בענקשאַפט, זיין נאַציאָנאַלן שטאָלץ און בטחון; — און אין דעם שטעקט דער כּוח, דער חן, דער פּאַטעטישער גלי פון זיין געזאַנג.

...גייען פעלקער נאָך רו און נאָך זעט,
נייסטו פאָלק, מיט געאָרעמטע שטעט,
דו זאָלסט זיין ווי א בלום אין בוקעט,
ווי א רינג צווישן רינגען.
זאָלסט פון צער מער נישט וויסן מיין שטאַם,
און די ערד — נישט פון שווערדן דעם שראַם,
זי זאָל זיין אונדזער אַלעמענס אַם —
וועל איך זינגען און זינגען
...פאַר מיין פאָלק, פאַר מיין אייביקן שטאַם,
פאַר זיין שם, וואָס פארגייט נישט אין פלאַם,
פאַרן הארץ, וואָס איז ריין אָן א פגם —
וועל איך זינגען און זינגען.

אָט אזא איז דער געזאַנג־דעוויז פון דעם נאַציאָנאַלן דיכטער משה שולשטיין.

ווי איך האָב שוין באַטאָנט איז שולשטיין אין דעם בוך לידער „א בוים צווישן חורבות" שטאַרק אויסגעוואַקסן און גיט אונדז אין א

געלייטערטער לירישער פאָרם די וויכטיקסטע געשעענישן פון א יאָר־צענדליק. עס איז אָבער פאַראַן איין שטריך, וואָס פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט איז ער א שטרויכלונג. שולשטיינס ליד איבערציינגט מיט איר אוממיטלבאַרקייט, עכטקייט, מיט דער טיפער נאַציאָנאַלער און סאָ־ציאַלער אָנלאָדונג, וואָס זי פאַרמאָגט, אָבער דאָס הייסט נישט, אז מען דאַרף פאַרוואַרפן דאָס זוכן נייע אויסדרוק־מיטלען, נייעם גראַם און בילד. פאַרשטייט זיך, זיי זיינען פאַראַן ביי שולשטיינען, — אַנדערש וואָלט ער קיין אָנערקענטער דיכטער נישט געווען — נאָר ביינאַנד מיט אַזעלכע פּראַכטפולע בילדער, ווי „איך נעם זי (די זון — ש. ל.), פון דער הייך צום פּנים ווי א האַנטוך — מיט נאָענטער וואַרעמקייט און העלער שיין"; „איך ליג מיין האַרץ אין שטראַלן, ווי אן איי אין שטרוי" („די זון איז ווידער דאָ") טרעפן מיר אַזעלכע באַנאַלע פאַר־גלייכן „ווי א בלום אין בוקעט" א. אַנד. עס שאָקירן אויך דאָ און דאָרט די פּראָזאַיזמען, משה לייב האַלפּערן, ווי באַקאַנט, האָט זיי גע־נוצט און מיט דערפאָלג, אָבער ביי אים איז עס געווען א מאַניר און מיטל אונטערצושטרייכן דעם דיסאָנאַנס דעם ניו־יאָרקישן, אַלזאָ, א בכיוונדיקער מעמאָד. ביי שולשטיינען מאַכן די פּראָזאַיזמען דעם איינ־דרוק פון פּשוטער באַרעדעוודיקייט. איין ביישפּיל:

דו ווייסט דאָך,
ווי ס'איז פרעמד מיר זייער גאָלד
ווי ס'איז פון שטענדיק פרעמד מיר גאָלד בכלל,
כ'האָב קיינמאָל נישט קיין גאָלד געהאַט,
און ס'וואָלט ביי מיר נישט קיין שום גליק געווען,
ווען איך זאָל עס האָבן א. א. וו. א. א. וו.

(„איך גרים א זון־אויפגאַנג פון גאָלד")

דאָס בוך „א בוים צווישן חורבות" איז רייך אין מאָטיוון און זשאַנרען און ס'וואָלט זיך געפאָדערט נישט קיין אַרטיקל, נאָר א גרע־סערע אַרבעט, בכדי יעטוועדער ציקל באַזונדער באַהאַנדלען. וויכטיק איז איינס: אז פון אַלע זשאַנרען, פון אַלע שאַפונגען פון דעם באַקאַנטן פּאָעט לויכט אַרויס דאָס „האַרץ אָן א פּגם", דער קרישטאָל־ריינער קוק אויפן לעבן און אז די טרער, וואָס באַווייזט זיך אָפט אין די אויגן פון דיכטער, פאַרשטעלט אים נישט די וועלט און די פּערספּעקטיוו, אז זיין ליד איז באַהויכט מיט אן אומדערשטערלעכן גלויבן אין מענטש און אין מענטש־באַפרייונג און דעריבער איז זיין בוך לידער באַדייטזאַם און

פארנעמט צווישן פארשידענע אנדערע פובליקאציעס, וואס באריִרן די שווידער־יאָרן, אזא בכבודיק אָרט.

מ. שולשטיינס באנד לידער איז א וויכטיקערביישטייער צו אונ־דזער פּאָעטישן פארמעג און שפּיגלט אָפּ א תקופה פון צער און צאָרן, געפאלנקייט און לייטערונג, קידוש־השם און העלדנמוט, א צייט, ווען דאָס פּערזענלעכע האָט זיך געמוזט אויפלעזן אין דעם געזעלשאפטלעכן. און ווייל שולשטיין האָט ריכטיק באנומען די צייט, ווייל ער איז שטענ־דיק, פון ערשטן טראָט זיינעם, אויף דער זייט פון פּראָגרעס און זיין ליד דעפּרימירט נישט, ווארפט נישט אריין אין יאוש, נאָר מאכט ביילן די פויסטן קעגן אומרעכט, פירט זי אויס א וויכטיקע סאָציאלע שליחות.

נישטאָ קיין העכערער שבח פאר א דיכטער, פאר א שרייבער, ווי דאָס, אז ער לעבט ריכטיק אין זיין צייט. שולשטיין האָט דעם שבח כשר פארדינט. אויף דעם זאָגט עדות זיין בוך לידער „א בוים צווישן חורבות".

לאָדזש. 1948 י.

# דער שעפערישער וועג פון אלחנן וואָגלער

צווישן דער פּלעיאַדע קרעפטיקע טאַלענטן, וואָס דאָס יידישע פּוילן האָט ארויסגעגעבן אין צייט־אָפּשניט צווישן די צוויי וועלט־שחי־טות, פאַרנעמט דער פּאָעט אלחנן וואָגלער, מיט זיין קינסטלערישן סטיל, מיט זיין אופן פון אויפנעמען און פורעמען די לעבנס־שפּירונגען אן אייגן, בלויז אים אייגנטימלעך אָרט, אָן פאַרגעגנער און נאָכפאָלגער.

א. וואָגלערס אנדערשקייט שטעקט קודם־כל אין די פאָרמעלע אייגנ־שאַפטן פון זיין דיכטונג און בלויז זיי שאַפן אָט דאָס ספּעציפיש וואָג־לערישע, פאָעטישע קיניגרייך.

די לימווישע נאַטור האָבן געשילדערט א סך דיכטער פאַר אים און דער עצם פאַקט פון שילדערן ליטע איז נישט קיין אויסשליסלעכע דאָמענע פון וואָגלערן. דאָס וואָגלערישע הייבט זיך אָן דאָרט, ווי די נאַטור, דער שליאַך, די בעריאָזקע, דער פלוימען־סאָד, דער קרייץ ביי וועגן, די ווילִיע — ווערן אטריבוטן פון זיינע וועלט אין מענטש־שפּי־רונגען.

ביי וואָגלערן איז די נאַטור נישט קיין אָביעקט פאַר שילדערונג, נאָר א סוביעקט, דורך וועלכן „מיטן בייזן מאַטן — דעם גורל — ער פּירט א געשלעג". פאַר וואָגלערן איז די נאַטור נישט קיין אָביעקט פאַר אלעגאָרישער מעטאַפאָריק, ווי אייניקע האָבן געפּרוּווט זיין דיכטונג אויסטייטשן, נייערט זי גיט אים קאָנקרעטע שפּירונגען, אנטפּלעקט קאָנ־קרעטע לעבנס־אמתן. נאָר היות די האַזיקע שפּירונגען זיינע ווערן אקי־צענטירט דורך דער אנימיזירטער נאַטור־מעטאַפאָרע, איז פאַראַן די נטיה זיינע בילדער אין פאַרגלייכן טראַקטירן ווי אלעגאָריעס, הגם זיי אונטערשיידן זיך פון דער אלעגאָריע דערמיט, וואָס אויב אין דער אלע־גאָריע איז דער בוים אין די חיה בלויז דער אָביעקט דורך וועלכן עס ווערט אילוסטרירט דער אמת, די לעבנס־חכמה, און שפּילט אן אונטער־געאָרדנטע ראָל, איז ביי וואָגלערן די נאַטור א געמיט־עלעמענט, דער סוביעקט.

---

ווען אין וואָגלערס ערשטע פּאָעמע „א בלעטל אין ווינט" (ווילנע 1935) רעדט זיך וועגן דער חתונה זייַנער מיט דעם פלוימען־סאָד, איז עס נישט קיין דיכטערישע פּאָזע, נישט קיין שפּיל אין אָריגינעלקייט און נישט קיין אַלעגאָריע, נאָר עס באַדייט, אַז דער „בלונדער יתום" אלחנן בן מאיר האָט זיך געפילט פרעמד און פאַרעלנט אין דער וועלט פון „גאָט דעם באַנקיר" און געפונען די תשוקה אין דער וועלט פון נאַטירלעכן און אומגעפעלשטן.

...„מיר איז נישט אומעטיק — זאָגט וואָגלער — איך חבר זיך מיט בליענדיקע עפּל־סעדער. איך בין באמת נישט איינזאַם, ווי עס מיר נען מיינע שופטים — די לייענער, וואָס האָבן מיך אומגערן צו איינזאַמקייט פאַרמשפּט. איך האָב אַזויפיל שטומע פריינט צווישן די בעלי־חיים און געוויקסן. זיי שפּיגלען זיך אין מיינע אויגן, בייטאָג און ביי־נאַכט קוש איך זיי אין מיינע בלויע חלומות, איך בין אויך נישט אָרעם, ווייל די אָרעמקייט איז מיין פאַרמעגן. אויב אויף דער וועלט איז פאַראַן זון און מוזיק — בין איך רייך"...

...„די בוימער און שליאכן לעבן. און זיי איז אפשר אויך בע־סער פון אונדז. אפילו זייער טרויער איז גרין, זייער בענקשאַפט — בלוי, די פליינען און טאָפּאָלן האָבן דאָך נישט איבער זיך קיין ריכטער"...

(„צוויי בעריאָזקעס ביים טראַקט — פאָר־וואָרט")

יאָ, די פרייד פון סאָד און בליען איז עכט. דער אומעט פון ווער־בע ביים וואַסער איז עכט. דער עלנט פון בעריאָזקע ביים שליאך איז עכט און דערינבער די ציונג צו זיי, און נישט צום מענטש פון דער וועלפישער קאַפּיטאַליסטישער וואָר, וואָס האָט זעלטן מיט עכטער גוטס־קייט פאַר אים א גלאַנץ געטאָן...

ערשט איצט, ווען מיר האָבן די מעגלעכקייט זיך באַקענען מיט וואָגלערס שאַפונגען פון לעצטן פּעריאָד, מיט די שאַפונגען געשריבענע בעתן געפונען זיך אין ראַטנפאַרבאַנד און שפּעטער, ווערן אונדז קלאָר די אנונגען פון זיין ביז־מלחמה־דיכטונג און די פראַמאַטאָרן פון וואָג־לערס ספּעציפישן אויפנעם פון דער נאַטור, — פון דער אַזוי גערופענער אַלעגאָרישקייט פון זיין מעטאַפאָר.

---

וואָס איז דער גרונט־אויסקלאַנג פון „א בלעטל אין ווינט" און „צוויי בעריאָזקעס ביים טראַקט"? געוויינטלעך האָט מען עס באַצייכנט: — עלנט, פּעסימיזם, אָפּגעפרעמדקייט צו דער וועלט. איז עס ריכטיק?

— בלויז טיילוויז. ווייל פּאַראַלעל צו די פּעסימיסטישע סטראָפן איז נישט שווער אויסצוגעפינען אין אָט די צוויי נאָוואַטאָרישע פּאָעמעס סטראָפן, וואָס דריקן אויס שאַרפן פּראָטעסט, סאָציאַל־פאַרשאַרפטע סאַטירע, וואָס הערמאָנט ערטערווייז די היינישע מיט איר געפּרעסטקייט און טיפן סאַרקאַסטישן שמייכל. דאָס איז נישט שווער אָנצוטרעפן אין דעם פּרעכטיקן קאַפּיטל פון „צוויי בעריאָזקעס ביים טראַקט": — „דער שליאַך דערציילט דעם נוס־בוימל א מעשה"; מיט עכט היינישער סאַטירע איז באַהויכט אין „א בלעטל אין ווינט" דאָס קאַפּיטל, וווּ ס'ווערט איבערגעגעבן דער שמועס פון פלוימען־סאָד מיט דער אָלכע. דאָ ווערט דורך דער פאַרשטעלטער פאָרם פון מעטאַפאָר אויסגעדריקט סאָציאַלער פּראָטעסט, בונט קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט, קעגן קאַפּיטאַליזם.

דער פלוימען־סאָד דערציילט, אַז איר מאַן איז א מאָלער, ער מאָלט שילדן און זאָגט:

מיין מאַן האָט דעם הימל פאַרמאָלט אויף בלוי
א שילד אויף גאַנץ פאַרמאַכטער טיר...
דעם בלויען קאָליר האָט געוואָלט אזוי
הער נאָט, דער רייכער באַנקיר.

---

אויפן שילד איז מיט וואָלקנס, בוקוועס ווייסע
אויף לשון־קודש געשריבן אזוי:
היר איזט די גרעסטע באַנק־האַוזע
פון רבונו של עולם אדעני.

אויף דעם באַנקיר, וואָס האָט „פאַרשלאָסן זיין געלד" קלאָגט זיך נישט בלויז דער פלוימען־סאָד, ס'איז מיט אים אומצופרידן די לאָנקע, דער הינל, די אָלכע — די גאַנצע נאַטור. די אָלכע עצהט:

זאָל דיין מאַן, וואָס האָט די שילד געמאָלט
אים צוריק אויף שוואַרץ פאַרשמירן
און זאָל ער צעטיילן פאַר אָרעמע דאָס געלד
— — — — — — — — — — פון די רייכע באַנקירן.

ווען מע זאָל וועלן דעפינירן דעם דיכטערס פּראָטעסט, די סיבת פון זיין אומצופרידנקייט מיטן סדר־העולם, וואָלט מען עס געקאָנט טאָן מיט דער הילף פון צוויי שורות פון די „בעריאָזקעס":

דער דיכטער וויל אין א צווייטער זון פאַרוואַנדלען זיין צער,
כדי אין די קעלער־שטיבלעך זאָל אויך ליכטיקער ווערן.
(דאָרט זייט 78)

אָבער דער גרונט־אויסקלאַנג איז און בלייבט אין יענער צייט אַ פּעסימיסטישער. איבער וואָגלערס שאַפן שוועבט די גרויל־וויזיע פון אָנ־קומענדיקער קאַטאַסטראָפע, דער קאָשמאַר פון קומענדיקן חורבן.

---

דער יונגער יתום, וואָס איז אויפן טויטן קערפּער פון דער מאַמען געבראַכט געוואָרן קיין ווילקאָמיר און האָט זיין דערציאונג באַקומען אין „הויז פיר שטראָסן־קינדער אחיעזר"; דער יונגער שילדן־מאָלער, דער פאַראייניזאַממטער, קרענקלעכער, נע־ונדער וואָגלער האָט אין זיין עלנט דערוואָרבן אַ משׂקווירדיקע פעיקייט פון אונען, באַנעמען זאַכן מיטן בלויזן געפיל, מיט אינטויציע...

וואָגלער האָט די זיך אָנרוקנדיקע קאַטאַסטראָפע אויפגענומען מער מיט דעם פילבאַרן האַרץ ווי מיטן אינטעלעקט, מער געאַנט ווי געוווסט און פאַרשטאַנען און דאָך איז ער אפשר פון די איינציקע, וואָס האָבן דער־פילט די גרוילן פון מאָרגן, וואָס רוקן זיך אָן אויף אונדזער פאָלק.

אין די „צוויי בעריאָזקעס ביים טראַקט" לייענען מיר:

...דער עולה־רגלניק וויל גיין, נאָר ער שטעלט זיך ווידער אָפּ — ער אַנט,

די אָנגעהעצטע געגנט האָט אים מיט בערג — אירע געביילטע פויסטן...

און דער אין־סוף נעמט אַרום זיין האַלדז און ווערגט אים מיט אַ קאַלטער־ בלויער האַנט,

און גיט אים אַ פּאַך איבער זיין קאָפּ מיטן מולד — זיין רויטן קינזשאַל דעם אַנטבלויזטן.

אין אַ צווייט אָרט, ווערט די אַנונג פון דער זיך אָנרוקנדיקער קאַ־טאַסטראָפע נאָך דייטלעכער אויסגעדריקט:

דער עולה־רגלניק שלעפּט אויפן אַקסל דאָס לעבן — אַ שווערן, גרויען זאַק,

און זוכט די האַניקדיקע טעג פון זיין קינדהייט, וואָס צעשאָטן האָט דער דיכטער

פאַר די סאָלאָווייען. נאָר מיט דער שקיעה — אַ רויטע האַק — פאָכעט איבער זיין שאָטן — זיין שוואַרצער ריכטער...

---

אָ, דעם גזלנס פרייד איז זיין קרבנס פּיין און צער, —
דער נע־ונדניק וויל פון זיין אייגענעם שאָטן אַוועקוואַנדלען,

ווייל זיין רודפער וויל אין א ברוינעם קאַשמאַר
דעם וואַנדערערס העלן טרוים פאַרוואַנדלען.
(דאָרט זייט 159)

די אָנגעהעצטע ווירקלעכקייט אין סאַנאַטאָרישן פּוילן, די וועלפּישע וואָה, די געביילטע פּויסטקן, די אָנגנג פֿון „ברוינעם קאַשמאַר", וואָס רוקט זיך אָן — האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט מאַכן דעם דיכטער האָפּערדיק, אָפּטימיסטיש. פאַר אים זיינען די וואָלקנס, געוועזן צו אָנטאַפּלען, די אומגערעכטיקייט — צו פאַרדריסלעך, און דער געפיל פון אייגענער שוואַכקייט זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם זיך אָנרוקנדיקן אומגליק — צו ווייטיקדיק, בכדי צו קאָנען ביי אזא דיכטער ווי וואָגלער ארויסרופן אָפּטימיסטישע אקצענטן. דאָס געפיל פון הילפלאָזיקייט אין אָנבליק פון דער זיך אָנרוקנדיקער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע דערברענגט דעם דיכטער צום ראַנד פון שגעון און מאַכט אים אוממעגלעך דאָס „אוועקפליען פונעם געבוירן־לאַנד דעם שוואַרצן טרויער".

דער דיכטער, וואָס זיין טרוים איז „פאַרוואַנדלען זיין צער אין א צווייטער זון", וואָס זאָל ליכטיק מאַכן אין די קעלער־שטיבלעך, בלייבט בלית־ברירה באַרקנסט מיט „פאַרצווייפלונג, יסורים און שגעון"...

---

מיט א. וואָגלערן איז געשען א מערקווירדיקע מעטאַמאָרפאָזע: אויב אין די 30־ער יאָרן — אין די יאָרן פון פאַר דער מלחמה, ווען ס'האָט זיך געגאָסן איבער די בהמן א יידיש־שעפעריש לעבן, ווען ירושלים־דליטא איז נאָך געווען אין איר גאַנצן גלאַנץ, איז ער געווען פראָטעסטירער און פּעסימיסט, איז דווקא אין דער צייט פון מלחמה און חורבן האָט זיין שאַפן באַקומען א בולט אָפּטימיסטישן אויסקלאַנג; אויב אין זיין פריערדיקן שאַפן פילט זיך אן אומגלויבן אין מענטש, און אוועקגיין פון מענטש צו דער נאַטור, זעען מיר איצט טיפן גלויבן אין מענטש און אין מענטשלעכקייט; איבער פריער גלויבט נישט דער דיכטער אין ליבע, קאַמף, פריינדשאַפט, גערעכטיקייט ווערט איצט אין זיין שאַפן באַזונגען אַלדאָס מענטשלעכע.

צוזאַמען מיט דער אויסקלאָרונג פון זיין וועלטאַנשויונג, מיט איר „פאַרמענטשלעכונג" ווערט אויך די דיכטערישע מעטאַפאָר ווינציקער קאָמפּליצירט. מיידט אויס איר „גלימשיקייט" ווי ער באַצייכנט זי אליין, און זיין ליד, נישט פאַרלירנדיק איר אָריגינאַליטעט, ווערט פשוטער, קלאָרער, צוטריטלעכער פאַרן מאַסן־לייענער.

מיט דעם גייסטיקן ווידערגעבורט ווירקט אויף דאָס גרויסע סאָ־וויעטן־לאַנד, וווּ דער דיכטער האָט זיך געפונען בעת די גרויליקע מלחמה־יאָרן. דאָרטן האָט דער דיכטער אָנגעטראָפן די געגאַרטע האַרציקייט, פריינדשאַפט, מענטשן־זאָרג און ליבע. דאָס העלדן־לאַנד ווערט ביי אים אין די אויגן נישט נאָר פעלקער־באַפרייער, נאָר קודם־כל — מענטש־באַפרייער, ראַטנפאַרבאַנד באַקומט ביי וואָגלערן אַ קאָסמישע גלאָריע:

אָ, אייביקייט, איך האָב אַמאָל
געזוכט דיך צווישן די שטערן.
אַצינד אָבער האָב איך דיין קול
דערהערט אין מעטראָ קאָמינטערן.

...כ'האָב געזוכט אין דער זון דיין באַשייד,
נאָר די זון האָט אַליין נישט געוווּסט,
אַז דו האָסט זיך אין רוסלאַנד פאַרקליידט
און זי זויגט דאָס ליכט פון דיין ברוסט.

...דו ביסט דער באַרג און דער הינגל,
דער בוים און די גרינקייט פון בלאַט;
כ'האָב דערזען דורך דער צייט, דיינע פליגל —
זיים זינער, דעם פּראָסטן סאָלדאַט.

(„אייביקייט")

די לידער פון סאָוויעטישן פּעריאָד באַדייטן אַן ענדגילטיקע אוועקגיין פון דעם אַמאָליקן „געבוירן־לאַנד — דעם שוואַרצן טרויער" און אַ קער צו עכטן לעבן־באַפעסטיקנדיקן גלויבן אין זיג פון אמת און גערעכטי־קייט, צו ליבע און מענטשישקייט. איבער אַ. וואָגלערס שאַפן האָט זיך מיט איר גאַנצער קראַפט אין זאַפט צעגאָסן די מזרח־שיין און אונטער איר ווירקונג קערט ער זיך מיטן פּנים צום מענטש, צו דער געזעלשאַפט.

די לידער „צווישן קליאַזמע און סטראָאיטעל", „זינגער־ליד", „איינ־ציקע", „איך בענטש דיר", „מיין דאָקטאָר אין ווייסן כאַלאַט", „קאַ־זאַכסטאַן" אַ. אַנד. זיינען די פריידיקע אָנזאָגן פון דיכטערישן ווידערגע־בורט. אויב ביי פיל דיכטער האָט אונדזער גרויסער נאַציאָנאַלער אומ־גליק אַרויסגערופן נאַקעטע יללה איז וואָגלערס דיכטעריש וואָרט — הגם פול מיט טיפן ווייטיק — באַהויכט מיט גלויבן אין דעם בעסערן מאָרגן, וואָס ווערט געבויט אויף די חורבות פון היטלעריזם, גלויבט אין דעם

באשיצנדיקן כוח, אין דער באפרײַערישער מיסיע פון דעם גרויסן ראטנ־לאנד...

...איך גיי קיין מיידאנעק די פעלדער אויפגרינען,
מיט ליכט וואס דו האסט אנגעפילט אין מיין בליק,
די ווייסל — מיין טרער אין דיין שויס לאז איך רינען,
דיין האנט איבער איר — איז מיין אייזערנע בריק.

...א גרוס הורך דער זון פון דיין שיינקייט איך ברענג
פאר דער וועלט, וואס קומט מיר א קראנקע אנטקעגן;
און דיין ליבשאפט — די ערד איז צו ענג,
פארוויקל די וונד מיינע מיט דיינע באלזאמע וועגן.

---

...א מוטער געטרייע, אין ווייסן באלאט,
הייל אויס די וונד פון דער וועלט — מיט דיין פרידן,
באשיץ אויך מיין פאלק, וועלכער איז נע־ונד,
און רוט אפ אויף קברים זיין קערפער העם מידן.

(„מיין דאקטאר אין ווייסן כאלאט")

אלחנן וואגלער איז עכט. זיין דיכטעריש געמיט — טיף. און זיין נאציאנאלע זארג, זיין ענגע פארבונדנקייט מיט דעם פאלק מערקט זיך אין יעטוועדער סטראפע. דער באוווסטזיין, אז דאס ביסל לעבן־געבלי־בענע יידן, די מענטשהייט האט צו פארדאנקען איר עקזיסטענץ דעם סאוויעטישן מענטש, זיין קרבנות־גרייטקייט און העלדישקייט מאכט אטע־מען זיין שאפן מיט ליבע און פארהערלעכונג צו דער רויטער ארמיי. צו סטאלינען. אין זיין „ליד צו סטאלינען" זאגט וואגלער:

דאס גליק איז גרעסער פון מיין ציל און פון מיינע באגערן
צום נצחון פון דעם לעבן, אפגעבן דיר מיין הארץ צושטייער.
(אלמא-אטא 1944)

און לאזט דעם רויט־ארמייער זאגן וועגן זיך:
ליכט — איז די וואר פון מיין בליק;
מיין לעבן — א ווארענונג די ברוינע תלינים.
די וועלט וואס געהאנגען איז אויף א שטריק —
דערוואכט ביי דער שיין פון מיין פנים.
(„דאס געזאנג פון רויטארמייער")

אלחנן וואגלער האט זיך מיט דער גאנצער קראפט פון זיינע דיכ־טערישע פאטענצן א קער געטאן צום לעבן, זיך געשטעלט מיטן פנים צו דער נעזעלשאפט און אנשטאט דער „כלה דעם פלוימען־סאד" באזינגט

ער ווירקלעכע ליבע געפילן („איינציקע”). און הגם דער ליטווישער פּויר־זאזש פאַרנעמט נאָך — און ווערט לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן לאַנג פאַר־נעמען — אַן אָנגעזעענע אָרט אין זיין שאַפן, איז אָבער דער גרונט־צוגאַנג א געזעלשאַפטלעכער, א נאַציאָנאַלער און דריקט אויס די שטי־מונגען און געפילן פון צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס ווייסן וועמען זיי האָבן צו פאַרדאַנקען דאָס ניצול־ווערן פון טויט און — די מעגלעכ־קייט צוריק־אויפצושטעלן די חרובע היים.

א. וואָגלער געהערט, אָן שום ספק, צו די טיפּסטע און אָריגינעל־סטע ליריקער אין אונדזער מאָדערנער פּאָעזיע.

לאָדזש, 1947 י.

# יידן אָן געלע לאַטעס

ווען מיר זאָגן, אז דאָס שאַפן פון באטרעפנדיקן שרייבער שילדערט די איצטיקע, צי אמאָליקע ווירקלעכקייט, מיינען מיר, פארשטייט זיך, נישט, אז דער דערמאָנטער שרייבער האָט ווירקלעך ארויסגעבראכט אלע דעטאלן, געגעבן א פינקטלעכן בילד פון אלץ, וואָס איז פאר יענער צייט פארלאָפן. דער שרייבער איז נישט קיין היסטאָריקער, און איז פיל מער, ווי א היסטאָריקער. אין זיין שאַפן — אויב עס איז ווירקלעך געשריבן פון א קינסטלער — ווערט באקומען א פיל אויסשעפיקערן בילד, איידער ווי אין די גענויע פארצייכענונגען פון דעם פינקטלעכסטן היסטאָריקער...

די פעיקייט פון סעלעקציע, פון באַקטן־אָפּקלייב, איז איינע פון די גרונט־שטריכן פון שעפער. און מע קאָן אויף זיכער זאָגן, אז וואָס די סעלעקציע איז טרעפלעכער, וואָס דער אויסוואל פון די פאקטן איז טיפישער, וואָס ווינציקער נישט־וועזנטלעכע דעטאלן עס פארמאָגט א ווערק, אלץ טרעפלעכער, אלץ רייפער און שלימותדיקער איז עס, — אלץ ריכטיקער און איבערצייגעוודיקער איז דאָס בילד פון דער באטרעפנ־דיקער צייט, וואָס דער שרייבער האָט זיך פירגענומען צו שילדערן.

אין יעדער לעבנס־דערשיינונג זיינען פאראן נישט ווינציק פרטים, וואָס פארטונקלען דעם אמת, וואָס מאכן אָפט אומבאמערקלעך דאָס שיינע. אָבער מיר רעדן וועגן דער ליכטיקער זון און פארגעסן, אז זי האָט פלעקן, ווייל נישט די פלעקן זיינען דאָ וועזנטלעך, נאָר איר וואַרעמ־קייט און ליכט, וואָס וועקן צום לעבן, וואָס נערן דאָס לעבן אין דער נאַטור...

אין הערש סמאָליארס „יידן אָן געלע לאַטעס" איז באַשטימט נישט געוויזן געוואָרן אלץ, וואָס ס'איז אויסגעקומען איבערצולעבן און צוצו־זען א פּארטיזאַנער בעת דער שווערער פאָטערלענדישער מלחמה פון רו־סישן פאָלק קעגן די היטלעריסטן, און וואָס עס האָט איבערגעלעבט דער פּארטיזאַנער־קאָלעקטיוו אלס גאַנצער.

א טעות וועט אָבער זיין, ווען מיר וועלן זיך פּרוּוון אויסטײַטשן דעם דעטאַלן־מאַנגל צוליב דער קורצקייט פון די שילדערונגען און ווײַטער „סקיצן"־כאַראַקטער.

יעטוועדער שרייבער שטראַלט אַרורך זיין שאַפן מיט זיין וועלטשפּירונג, מיט זיין אידעאָלאָגיע. און דער אידעאָלאָגישער צוגאַנג באַדינגט די סעלעקציע פון פאַקטן, שמעלט איינע אין שאָטן און די אַנדערע הייבט ער אַרויס, שטרייכט אונטער.

ס'איז איינע פון די טרויעריקסטע דערשיינונגען אין דער ליטעראַטור, ווען עס קומט אויס צו קאָנסטאַטירן, אַז דער שרייבער, צי די גרופּע שרייבער, געפינט זיך אין קלעם פון פאַקטן. דעמלט האָבן מיר פאַר זיך נישט נאָר קיין פאַרטונקלונג פון וועזנטלעכסטן, טיפּישן און כאַראַקטעריסטישן, נאָר די עצם פּלאַסטישקייט און קינסטלערישקייט, איר עמאָציאָנירנדיקע קראַפט ווערט היפּש געמינערט, און דערברענגט צו הוילער פאַקטאָגראַפיע, וואָס פאַרטונקלט די ווירקלעכקייט אַנשטאָט זי אַדורכשטראַלן, באַלויכטן.

הערש סמאָליאַרס „יידן אָן געלע לאַטעס" טיילן זיך אויס פון אַלע אַנדערע ביז איצט דערשינענע ביכער אין פאַרלאַג „יידיש בוך" סיי טעמאַטיש, סיי מיט דער אידעישער ציל־געוועגדקייט און לויטערן אָפּטימיזם, וואָס שטראַלט אַרויס פון די קורצע סקיצן געווידמעט דעם לעבן און קאַמף פון יידישע פּאַרטיזאַנער.

איבערראַשנדיק קורץ זיינען די סקיצן פון הערש סמאָליאַר. אין קנאַפּע 7 דרוק־בויגן האָט דער מחבר געגעבן דריי און צוואַנציק פאַרשידענע רעלאַציעס פון פּאַרטיזאַנער־לעבן, וועגן יידישע נקמה־נעמער. און דאָך גיבן אָט די קורצע פאַרצייכענונגען א ביז גאָר פול, ריכטיק און מיטרייסנדיק בילד פון מענטשלעכער גבורה.

א דאַנק וואָס איז עס דעם מחבר געלונגען? א דאַנק דער ביז גאָר טרעפלעכער סעלעקציע פון עפּיזאָדן, טיפּן.

ביי סמאָליאַרן איז בולט צו זען, אַז אים האָט לגמרי נישט פאַסיאַנירט דאָס סתם זיך טיילן מיטן לייענער מיט זיינע דערפאַרונגען פון דער צייט, ווען ער איז געשטאַנען אין דירעקטן קאַמף מיט דעם בלוטיקן שונא.

סמאָליאַרס ציל איז געווען צו ווייזן, וויאַזוי פּשוטע יידן, וואָס זיינען אוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער האָבן א דאַנק דעם קאַמף גובר געווען אין זיך די געלע לאַטע, דעם קאָמפּלעקס פון מינדערווערטיקייט און נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט, און אויסגעוואַקסן אלס שטאָלצע אומדערשראָקענע קעמפער, באַוויזן מוסטערן פון אומבאַשרייבלעכער גבורה, דערפינדערישקייט, אַנטשלאָסנקייט. סמאָליאַר האָט געוויזן ווי אַזוי

עס צעמענטירט די באַפרייערישע אידיי פון לעניניזם, די אידיי פון פעל־קער־פאַרברידערונג, מענטשן פון פאַרשידענער נאַציאָנאַליטעט און באַנייסטערט זיי פאַר העלדישע, פּאַטריאָטישע מעשים.

די אויסשטראַלונג, די עמאַנאַציע פון די רעוואָלוציאָנערע, אינטערנאַציאָנאַליסטישע, פּאַטריאָטישע אידייען קומט אויף ביי סמאָליאַרן דורך דער שילדערונג פון זיין טיפּאַזש, וואָס שטאַמט פון קליינעם שטעטל, פון מענטשן, וואָס זיינען אפילו אין זייער עקאָנאָמישער פּאָזיציע אָפּט ווייט פון פּראָלעטאַריאַט.

סמאָליאַר ווייזט אונדז ווי אַ ייד מיט סמיכה אויף רבנות („דער פּרעזידענט פון אונדזער הויפּטשטאָט"), צי אַ וואַלד־אַרבעטער (אַ בראַקער?) שטעלן זיך אין שפּיץ פון פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, פירן אַרויס די אָפּ־טיילן בעת אַ געפערלעכער אָבלאַווע אין אַזעלכע ערטער, וווּ קיין שום בן־אָדם איז נישט געווען. — איבער אַ זומפּיקן טייך — („די דריטע בריק").

און מיר זעען די האַנט, וואָס קערעוועט מיט זייערע מעשים, וואָס שטאַרקט זייער האַס צום היטלערישן מערדער און מוטיקט זייער ווילן צום קאַמף, און דאָס איז דאָס נייע, דערפרישנדיקע און ליכטיקע, וואָס רעדט אַראָפּ פון „די יידן אָן געלע לאַטעס".

ווען מיר רעדן וועגן העריש סמאָליאַרס ביכל איז קודם נייטיק אָנ־צווייזן, אַז הגם מיר האָבן דאָ ס'רוב צו טאָן מיט עפּעס פון דעם מין קאַמפּס־פאַרצייכענונגען („באַיעוויע זאַמיעטקי"), — אַ פאָרם, וואָס איז ביי ליטעראַרישע מבֿינים נישט אָנגענומען פאַררעכנט צו ווערן אַלס קינסטלעריש, דאָך מאַכן אָט די קורצע שילדערונגען אַ שטאַרקן איינ־דרוק, ווי עס מאַכן אַלע מאָל אויף אונדז אַן איינדרוק מענטשלעכע דער־הויבונג, שטאָלץ, צילבאַוווסטקייט און קרבנותגרייטקייט, הגם נישט אַלע סקיצן פאַרמאָגן אַזאַ פּלאַסטישקייט און פּסיכאָלאָגישע טיף, ווי „אַ נאַכט אין וואַלד", „דער קאָנצערט" און אַנד.

דער מחבר פון דעם ביכל, — דער מיטבאַטייליקטער אין אָט דער העלדישער עפּאָפּעע פון יידישן קאַמף מיטן אָקופּאַנט, — שטעלט זיך נישט אַרויס אין פאָדערגרונט, באַמיט זיך אויך נישט צו אָרנאַמענטירן די סקיצן, זיי „ליטעראַריש" מאַכן. ער דערציילט און דאָס אויף אַן אופן, ווי עס דערציילן מענטשן אין גאַנג, ווען עס איז נישטאָ קיין צייט אויף דעטאַל־שילדערונג, אַריינדרינגען אין געמיט־צושטאַנדן, געבן אַ געגוייען אויסערלעכן פּאָרטרעט. דאָ האָבן מיר שלאַכט־עפּיזאָדן, און אַלס אַזעלכע טראָגן זיי דעם „גרויען" וואָכעדיקן קאָלאָריט פון

לעבן, די נאַטירלעכקייט און דירעקטקייט פון וואָרט וואָר, זיינען טיפּישע בילדער פון פּאַרטיזאַנער־לעבן.

אין סמאָליאַרס ביכל אימפּאָנירט דער ליטעראַרער, קוואַלנדיקער אָפּ־טימיזם, דער גלויבן אין מענטש, די אידעישע אָנגעזעטיקטקייט, וואָס איז נעגעבן געוואָרן אין אַ שיין־געדעקטער, נאַטירלעכער פּאָרם, די פעיי־קייט צו שמייכלען, זיך צו ווערטלען אין די שווערסטע סיטואַציעס, דאָס שילדערן די שווערע פּאַרטיזאַנישע וואָר, אָן שום אויסערלעכן ליי־טעראַרישן צופּוץ, דערפאַר עכט און מיט אַ געפיל פון וואַרעמקייט, פון ראָמאַנטיק. די פאַרהערלעכונג פון קאַמף, פון דעצידירטן קאַמף פון די יענגיקע, וואָס האָבן נישט געוואָלט גיין ווי שעפּסן צו דער שחיטה, און האָבן פולשטענדיק קוויטירט דעם דאָפּלטן חשבון מיטן שונא: סמאָליאַרס העלדן קוויטירן דעם חשבון אַלס יידן און אַנטיפאַשיסטן, בירגער פון לאַנד, וואָס קעמפט מיט דער היטלערישער בעסטיע.

דעם מחברס אויפמערקזאַמקייט איז במילא צוגעשפּיצט אויף אַרויס־ברענגען רעפּרעזענטאַטיווע געשטאַלטן, ווילנס־מענטשן, מענטשן פון שטאַרקן כאַראַקטער און גוט פאַרשטאַנענער נאַציאָנאַלער פליכט. מענטשן, וואָס זיינען געוואָרן מיטן „טויט אויף די", נישט בלויז צוליב זייער ספּעצ־ציפישער לאַגע און זייער יידישן אָפּשטאַם, נאָר ווייל זיי האָבן איינגע־פונען, אַז ס'איז נישטאָ פאַראַן קיין העכערער כבוד ווי שטאַרבן אין קאַמף פאַר אַ גערעכטער זאַך, אַז אַלע מענטשן, וואָס שטעלן די פרייהייט איבער אַלץ, קאָנען זיין און זיינען ברידער.

אָט אַזעלכע זיינען די גרונט־אמתן, וואָס קוקן אַרויס פון סמאָ־ליאַרס סקיצן, אמתן פון גרויסער נאַציאָנאַל־דערציערישער וויכטיקייט און רעהאַביליטירן דעם פּשוטן פאָלקס־מענטש. אין תּהום פון געפאַלנ־קייט, פון מוטלאָזיקייט, פון זאָרג פאַר ראַטעווען די אייגענע הויט האָט סמאָליאַרן סיי אין זיינע פאַרצייכענונגען פון „מינסקער געטאָ", סיי אין די „יידן אָן געלע לאַטעס" אינטערעסירט אַרויסציהייבן דאָס קעמפערישע, ליטערע, דערהויבענע, פּאַטריאָטישע און אינטערנאַציאָנאַליסטישע אין מענטשן, געזען אין די פּאָרשטייער, די ווירקלעכע רעפּרעזענטאַנטן פון פאָלקס־כאַראַקטער.

ווי שוין געזאָגט, באַקומען מיר בעתן לייענען סמאָליאַרס ביכל אַ פול בילד פון פּאַרטיזאַנער־לעבן. דאָ טרעפן מיר סיי די וועזנטלעכע עלעמענטן פון פּאַרטיזאַנען־„שטייגער", אַ שלל ווערטלעך, וואָס טראָגן אין זיך די כאַראַקטעריסטיק פון די וואַלד־קעמפער — נקמה־נעמער, ביז נאָר כאַראַקטעריסטישע אַנעקדאָטן, פון וועלכע עס קומט אויף די קלוג־שאַפט און איינפאַלן־רייכקייט פון די פּשוטע פאָלקס־מענטשן... מיר אָטע־

מען און לעבן מיטן לעבן פון די יידן אין גלות לאטעס, מיר וועלן די אין די פארשידנסטע סיטואציעס.

* * *

אין אונדזער נאך חורבן־פראזע און דיכטונג האט ביז איצט געפעלט דאס לייטערנדיקע, דערמוטיקנדיקע ווארט; דער אפאטעאז פון העלדיש לעבן און העלדיש שטארבן. נאך מער האט דער מאטיוו געפעלט אין אונדזער פארמלחמהדיקער ליטעראטור. און ווער ווייסט צי די „פריד־לעכקייט", די „הקול קול יעקב"־איינשטעלונג פון דעם רוב שרייבער האט נישט היפש פארמינערט די צאל קעמפער אין די געטאס און וועלדער... עס איז דעריבער פון באזונדערער וויכטיקייט יעטוועדע ווערטיקע רעלא־ציע וועגן יידישער גבורה, פון יידישן באוואפנטן טאט קעגן שונא.

הערש סמאליארס קורצע סקיצן, וועגן פראסטע פאלקס־מענטשן, פרויען און קינדער, וואס אטעמען מיט אנטשלאסנקייט, נקמה־דורשט און זייער פעיק נישט בלויז צו קריצן מיט די ציין, נייערט זייער ברע־נענדיקע שנאה פארן חורבן לעבן, פאר די צעשעדיקטע פארניכטעטע היימען, אויסדריקן דורך ממשותדיקן, קרבנותגרייטן טאט, — פאר־פולן העריבער א ביז נאר דעפיציטע פאזיציע אין אונדזער ליטעראטור.

* * *

האס ביכל „יידן אין גלות לאטעס" פארמאגט נאך אן אספעקט, וועלכן ס'וואלט וויכטיק געווען באזונדער אויסטיילן און גענויער אנא־ליזירן: — „די אומגלויבלעכקייט".

אייגנטלעך ווערט אין די „סקיצן" מיט אן אויסערגעוויינלעכער לאַ־פידארקייט דערציילט וועגן פאקטן פון גבורה, וואס פאדערן א ברייטע מאטיוואציע, בכדי ביים לייענער זאל נישט אויפקומען דער ספק: צי איז עס מעגלעך? סמאליאר ברענגט אדויס פאקטן פון העלדישקייט, ווי עפעס זעלבסטפארשטענדלעכס, ווי אלטעגלעכס, וואכעדיקס, ווי זאכן וואס ס'איז נישט נייטיק ספעציעל באגרינדן, און דער ריכטיקייט פון פארגעקומענעס איבערצייגן...

די סיבה פון דער דערשיינונג שטעקט — ווי קוריאזיק דאס זאל נישט אויסזען — אין דער איינשטעלונג פון דעם פארהארטעוועטן אין טויזנט פייערן מחבר, דעם מיטבאטייליקטן אין די קאפיטלעך פון אונדזער יידישער גבורה, און דעם „תושב" פון די סאנאטארישע תפיסות... ביי

„פּראָפעסיאָנעלע" קעמפּער־רעוואָלוציאָנערן, ביי קעמפּער פאַר עקסעלאַנס, וואָס האָבן זיך מיט די ערשטע באַוווסטזיניקע טריט אין לעבן, אָנגעהויבן האַרטעווען און זיך געלערנט גובר זיין דאָס זלידנע געפיל פון שרעק, קומען פאַר אַזעלכע אַקטן פון גבורה, ווי נאַטירלעך, ווי אַ נאָרמאַלע זאַך, אין דער צייט ווען ביים פּשוטן לייענער רופן זיי אַרויס אַ „לייכטן ציטער", ווען זיי זיינען געשריבן איבערצייגעוודיק און — אומגלויבן, ווען זיי זיינען געשריבן כּלאַחר־ידיק... און אויב אין דעם רוב סקיצן גלויבן מיר דעם מחבר און נעמען אויף די אַרויסגעבראַכטע געשטאַלטן און עפּיזאָדן, ווי אויטענטישע, איז עס דערפאַר וואָס דאָס זעלבסטפאַרשטענדלעכע פאַרן דערציילער איז געוואָרן זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט אויך פאַרן לייענער. אַנדערש געזאָגט: הערש סמאָליאַר האָט די פעיקייט צו רעדן און איבערגעבן פּלאַסטיש מיט אַ לייכטן שמייכל און ראָמאַנטיש־באַפאַרבט, ווענן פאַקטן און מענטשן, וואָס ער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו זען און מיט זיי צוזאַמען קעמפן, דערביי אַרויסהייבנדיק טיפּישע געשטאַלטן, טיפּישע אומשטענדן, טיפּישע סיטואַציעס.

הגם דער מחבר, אַלס מיטבאַטייליקטער אין קאַפּיטל פון אונדזער גבורה האָט זיך דאָ געשטעלט אין שאָטן און דערציילט פאַקטיש בלויז ווען דער פיין און העלדישקייט פון די יידן, ברענגט אַרויס אַ רייכע גאַלעריע פון פאָלקס־מענטשן, קוקט צו אונדז אַרויס דורך די סקיצן דער מחבר, דער עד־ראיה, און דאָס שטייגערט די אויטענטישקייט און באַגלייבלעכקייט פון געשילדערטן.

עס וויינט פון סמאָליאַרס „סקיצן" מיט אַזאַ לויטערן אָפּטימיזם, מיט אַזאַ טיפן גלויבן אין מענטש און אין זיג פון גערעכטן, אַזאַ אָנברענגיקע קראַפט פון דער באַפרייענדישער אידיי, וואָס הייסט האָסן מיט אַלע נשמה־פיבערן די טרעגער פון טויט און פאַרניכטונג. ווען דו לייענסט די „יידן אָן געלע לאַטעס" דערפילסטו זיך געמוטיקט, שטאָלץ און פול מיט דאַנקבאַרקייט פאַר דעם אַרויסברענגען אָט די פּשוטע „זעלנער" פון באַפרייונגס־קאַמף. דערפילסטו אַ ליבע־געפיל צום מוזיקאַנט ביל אַרנשטאַם, צו דער „ציבולניקעס"־משפּחה („די משפּחה"), צו די אומדערשראָקענע קינדער ווי אַרעק מיטן צונעמעניש „יאַקאָ מאַקאָ" און שימעק דער פאַסטוך, צו „דעם דייטש", וואָס פירט אַזוי קלוג זיין אויסשפּיר־אַרבעט, קריגסט דרך־ארץ פאַר דער „שטומער" ריווע יאַכעס („דער אורטייל"), פאַר די מיירימס און וואָלאַדעקס און אַזעלכע נקמה־נעמער, ווי רפאל ב. („אויף אַ ספּעציעלן אופן"). לייענסט דאָס בוך מיט שטייגנדיקן אינטערעס און איבערצייגסט זיך, נעמסט זיך אַדורך מיטן געדאַנק, אַז אונדזער ביטערער איז נישט נאָר געווען פון אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט,

נאָר אַ בייטראַג פון קאַמף, קרבנותפולן קאַמף, וואָס האָט נישט איין צענדליק מטורפים פון דער „העכערער ראַסע" און נישט איין צענדליק באַנען מיט היטלעריסטישע זעלנער און אַמוניציע אַראָפּגעקייקלט פון די רעלסן אין אַלדי וויסטע און פינצטערע גריבער... און אַז אין דער היי־ליקער אַרבעט זיינען געגאַנגען האַנט ביי האַנט דער רוס און אוקראַי־נער, פּאָליאַק און ייִד, אַלע די, וואָס האָבן געהאַסט דעם אונטעריאָכער פון זייער לאַנד און פאָלק.

* * *

אין איינעם פון זיינע סקיצן שרייבט סמאָליאַר:

„איצט, אין פרייַדן, דערציילט זיך עס לייכט. דאַן אָבער איז אונדז נאָר קאַלעמוטנע געווען אויפן האַרצן, כאָטש געלאַכט האָבן מיר גלייך מיט אַלע. אַ ברירה האָט מען געהאַט? אָבער אין זיך האָט יעדער פון אונדז געפילט דעם בראָך, די חרפה. אַזוי צי אַנ־דערש — טרעפן פלעגט עס אין אָנהייב מיט יעדן פון אונדז, געענ־דיקט האָט זיך עס פריילעך. און דאָס איז דער עיקר".

די עצם מעשה, די פריילעכע פּאַרטיזאַנישע שטייגער־מעשה איז וועגן אַ פריזירער, וואָס האָט זיך אין וואַלד פאַרבלאָנדזשעט, (יידן, שטאָ־טישע בירגער, פילן זיך פרעמדלעך אין וואַלד...), ווי ער באַקומט פון קאָמאַנדיר אַ קאָמפּאַס און... ער הייבט מיט אים אָן צו באַווייזן וווּנדער... דער קאָמפּאַס ווייזט אים נישט נאָר דעם וועג דורך די וועלדער, ער ווייזט אים אויך ווו ס'איז ביי דער פּויערטע פאַרבאַהאַלטן סאַמאָגאָן...

דער קאָמפּאַס האָט אים אויפגעריכט!... יאָ, ס'איז אַ גליק צו האָבן אַ קאָמפּאַס. און הגם עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז עס וועט אויסקו־מען אַ איינצושטיין שווערע מאַטערנישן, איז אָבער קלאָר: ענדיקן וועט עס זיך פריילעך, מיטן פולן זיג פון די מענטשן, וואָס ווייסן וווהין זיי צילן און נאָך וואָס זיי שטרעבן. און דאָס איז דער עיקר...

און דער קאָמפּאַס, די אידיי, וואָס האָט די מענטשן געהייסן אויפ־רייסן בריקן, פּאַרלייגן מינעס אויף וועגן, האָט די זעלביקע מענטשן גע־הייסן מיט „אייגענע הענט" די בריקן אָפּצובויען, די גריבער פאַרשיטן און בויען, פלאַנצן אויפדאָסניי. דער קאָמפּאַס, דער קאָמפּאַס פון די סטאַ־ליניסטישע אידייען האָט באַפרייט די פּשוטע יידן נישט בלויז פון דער נעלער לאַטע אויפן אַרבל און פּלייצע, נאָר זי אויך פאַרטריבן פון דער אייגענער פסיכיק, פון דער אייגענער שטעלונג צו דער וועלט און צו מענטשן, גע־מאַכט באַוויניקן דאָס אייגענע אָרט אין דער געזעלשאַפט, די אייגענע

נעזעלשאפטלעכע פליכט. און דאָס איז דער עיקר, וואָס איז געווען גע־וואָרן דורך דעם מחבר, און דאָס דעצידירט וועגן עיקר־ווערט פון אָט די שלאכט־פארצייכענונגען, — וועגן זייער נאַוואַטאָרישקייט אין אונדזער נאָך־חורבן פראָזע.

לאָדזש. 1948 י.

# א ביז גאָר ווערטיקע דראַמאַטורגישע פּאָזיציע

(ש. דיאַמאַנט: „א ייד צווישן פויערים")

ש. דיאמאנטס ערשטלינג־פּרווו צו געבן אין א דראַמאַטישער פאָרם די גרויסע דראַמע, וואָס הייסט צווישן־באַציונגען צווישן ייד און פויער אין די גרויל־טעג פון דער היטלעריסטישער מאָרד־וואַקכאַנאַליע, דאַרף פאַררעכנט ווערן נישט בלויז צו די דרייסטע, נייערט אויך צו די אידעאָלאָגיש־געלונגענע פּרוון.

מע דאַרף געדענקען, אז ביז דיאַמאַנטן זיינען אַלע, וואָס האָבן דאָס פּראָבלעם געפּרוווט באַרירן, אַריינגעפאַלן אָדער אין א היסטעריש־נאַציאָנאַליסטישן קוויטש אָדער אין רויען נאַטוראַליזם.

צו דער טעמע ייד — קריסט בעת דער אָקופּאַציע דאַרף מען צוגיין באַוואָפנט מיט א פּראָגרעסיוו־מענטשלעכן צוגאַנג. דאָס מיינט נישט אויסוויישן דאָס שוואַרצע, נייערט זען ביידע זייטן פון דער מטבע און נישט רעדן וועגן קריסטן „אין אַלגעמיין", וועגן קריסטן פון א פאַרויס־באַשטימטער שאָוויניסטישער קאָנצעפּציע, נאָר געבן אווירקלעך בילד פון דעם ווירקלעכן דאָרף, פון די ווירקלעכע באַציונגען און פאַרהעלטענישן אין יענע טעג, און בײַנאַנד מיט דער אַלגעמיינער פינצטערקייט און זיטן־פאַרדאַרבונג, וואָס דער היטלעריזם האָט באַגינסטיקט און געפּלעגט, הייסן נאָך העלער אַרויסלייכטן די טיפן, די העלדן, וואָס האָבן דאָס „פּינטעלע מענטש" פאַרהיט אין זיך.

אויף דעם וועג איז אַוועק דער אָנהייבער ש. דיאַמאַנט און דערפאַר איז זיין דרייאַקטיקע פּיעסע אַ וויכטיקער ביישטייער און א געטרייַ שטאַרק בילד פון דאָרף אין יענע שווידער־טעג פון מאַסן־האַפטער יידן־אויסראָטונג.

ש. דיאַמאַנט אידעאַליזירט נישט דאָס דאָרף. פאַרקערט, געטריי דעם היסטאָרישן אמת זעען מיר ביי אים א היפּשע צאָל פויערים, וואָס לויפּט אין שטעטל, ווו עס זיינען פאַרשפּאַרט אין געטאָ די יידן, בכדי עפּעס אָפּצונאַשן פון דעם אומגליק. מיר זעען פויערים, וואָס פילן סימפּאַטיע

טיף די ליידנדיקע, פילן אַז עס ווערט געטאָן עפּעס שרעקלעכס און זינדיקס, אָבער וואָס געפינען אין זיך נישט גענוג כּוח אַקטיוו העלפן די אומגליקלעכע. דער מחבר, געטריי דעם היסטאָרישן אמת, פאַרגעסט אָבער אויך נישט אין די קשישטשוקס, וואָס האָבן צוזאַמען מיט זייערע קינדער אַקטיוו געקעמפט מיט דעם שלעכטס און געהאָלפן די יידן, איינגעשטעלט זייער אייגן לעבן... און דאָס איז אייגנטלעך דאָס „נייע”, וואָס דיאַמאַנט האָט אַריינגעפירט. ער האָט פשוט דערציילט דעם אמת און אין אָט־דעם „פשוטן אמת” שטעקט זיין פאַרדינסט.

דאָ האָבן מיר אַ ווירקלעך בילד, ווירקלעכע מענטשן, אמתע פאַקטן. דאָ איז קשישטשוק און זיין משפחה, וואָס סימבאָליזירט דעם ווידערשטאַנד פון דער אָרעמערדיקער פוילישער באַפעלקערונג, מענטשן פון פלייש און בלוט. דאָ איז די אַטמאָספער, די פאַרסמענדיקע אַטמאָספער פון פאַשיזם, וואָס האָט געוועקט די נידעריקסטע אינסטינקטן און געהעמט יעטוועדן אַרויסווייז פון מענטשלעכקייט, געוויזן געוואָרן מיט איבערצייגנדיקער קראַפט. דאָ איז געוויזן געוואָרן, אַז ס'איז אַן אומזין צו רעדן וועגן דאָרף „אַלס גאַנצעס”, נאָר וועגן דער דיפערענציאַציע, דעם קלאַסן־קאַמף אויפן דאָרף.

דער רייכער סאָלטיס פון שענסטן הויז אין דאָרף איז אַ קאָלאַבאָראַציאָניסט און זאָרגט פאַר די רייכע פויערים, אַלע לאַסטן וואַרפט ער איבער אויף דעם אָרעמען פויער; דאָ איז דאָס רייכע פויערים־מיידל גליקלעך מיט די זאַכן, וואָס מע קאָן אַרויסבאַקומען פון די יידן, פאַר אַ ביסל פאַרפוילטע קאַרטאָפל. דער טרעגער פון פּאַטריאָטיזם איז דער פוילישער אָרעמערדיקער פויער, וואָס וויל נישט געבן די קאָנטינגענטן דעם דייטש, גייט אין וואַלד אַריין קעמפן מיטן שונא, ווייל ער האָט באַגריפן, אַז היינט ווערן אומגעבראַכט די יידן, מאָרגן — מיר.

אַלזאָ: אַ רעאַליסטיש עכט בילד. דאָס ערשטע רעאַליסטישע בילד וועגן פויערים, וואָס מיר קאָנען אָפּמערקן אין אונדזער נאָכמלחמהדיק שאַפן און דאָס איז דער גרעסטער פאַרדינסט פון דיאַמאַנטס פּיעסע. דעם ווערט און פאַרדינסט פון דער פּיעסע שטייגערט נאָך העכער דער פאַקט, וואָס זי איז געשריבן געוואָרן דורך אַן אַרבעטער, אַ באַקער, וואָס ווייזט אָן פון וואַנען עס איז צו דערוואַרטן דעם נייעם צוגאַנג צו דער ווירקלעכקייט, אַז מע דאַרף זיין באַוואָפנט מיט אַ מאַרקסיסטישן קוק אויף פאַקטן, אַנדערש קאָן נישט זיין קיין ווערטיק שאַפן.

פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט האָט די פּיעסע גאַנץ וועזנטלעכע בלויזן, די אינטריגע איז נישט קיין אינערלעכע, די כאַראַקטערן זיינען ס'רוב אויסקריסטאַליזירטע און אַנטוויקלען זיך נישט ווייטער. קשישטשוק

איז א פויער מיט הארץ, מיט באוווסטזיין, מיט פויערישער פארביסנקייט און שנאה צום היטלעריזם, מיט ווארעמע, הומאנע געפילן. און דערפאר גיט ער זיין ברכה פעלעקן זיין זון, וואָס קעמפט אלס פארטיזאנער, דער־פאר איז ער גרייט אויסצובאהאלטן א ייד פארן פרייז פון איינשטעלן דאָס אייגענע לעבן. אן ענדערונג קומט אין אים פאָר, אָבער זי איז בלויז א פארשטייגערונג פון זיין קאמפס־ווילן, וואָס איז שוין צו מערקן גלייך ביים אָנהייב. דאָס איינציקע געשטאלט, וואָס מאכט אדורך אן אינערלעכן איבערברוך, וואָס אנטוויקלט זיך, איז נאסטקע. אָט דאָס 19־יעריקע מיידל איז צוערשט אונטער דעם איינפלוס פון די „גוטע זאכן", וואָס מע ברענגט פון שכנותדיקן שטעטל, ווו עס זיינען פארשפארט די יידן. ווען די מאמע ברענגט פון זייער לאָזערן א פיין קלייד, איז נאסטקע גליקלעך, אָבער שוין לאָזערס באשולדיקונגס־בריוו מאכט אויף איר אן איינדרוק, און ווען זי טרעפט זיך פנים אל פנים מיט די אומ־גליקלעכע, ווערט אויך ביי איר דערוועקט נישט בלויז א טיפער מיטגע־פיל, נאָר אפילו ליבע צום ייד, וואָס באהאלט זיך ביי זיי אויס. די רעשט געשטאלטן אויף וויפל זיי מאכן נישט אדורך קיין שום אינערלעכע אנטוויקלונג, זיינען פון דראמאטורגישן שטאנדפונקט שוואך.

אויך די „אינטריגע" איז גענוג לויז פון ריין דראמאטורגישן שטאנד־פונקט. אין ערשטן אקט זעען מיר בלויז דעם שאָטן פון יידן־פיין, וואָס לייגט זיך אויפן דאָרף און במילא ווי אזוי די פויערים נעמען אויף דעם גרויסן אומרעכט לגבי זייערע שכנים, מיט וועלכע זיי האָבן דורות־לאַנג געלעבט. אין צווייטן אקט איז די „אינטריגע", דער איינציק געראטע־וועטער ייד און די שוין געדירטע יידישע פרוי. די אינערלעכע אקס פון דער אקציע, אין דריטן אקט, ווו דער מחבר וויל צופיל פראגן מיט „איין שאָס" לייזן: סיי וויזן פראָפילן פון פארטיזאנער, סיי די אָנגעגליטע, פארפעסטעטע אטמאָספער פון דאָרף, סיי די טראגישע צערוסנקייט און די געפארן, וואָס עס דראָען א פויער, וועלכער האָט געוואגט אויסבאהאלטן א ייד, סיי דאָס הייסן דעם יידישן בחור געפרוווט ווערן אין זיין קאמפס־פעיקייט, איז עטוואָס צו פיל פאר איין קליין אקטל און עס באקומט זיך די אינערלעכע אינטריגע ווידעראמאָל היפש פאראויסערלעכט...

יאָ, פון דראמאטישן שטאנדפונקט איז די פיעסע נאָך גענוג רוי. נישט פאראן דער גרויסער פארנעם, דער גייסטרייכער דיאלאָג, די פסיכאָ־לאָגישע דינקייט פון העלדן־שניצערייען, דאָך זיינען זיינע געשטאלטן פון לעבעדיקע מענטשן, באגלויבלעכע אין זייערע האנדלונגען און ארויסזאָ־גונגען, פארמאָגן א גענוג געזונטן, פסיכאָלאָגיש־מאָטיווירטן אונטערבאָדן און אין איניקע ערטער, צ. ב. די דערציילונג פון נאסטקען וועגן דעם

יידישן בחור, וואָס באַהאַלט זיך ביי זיי אויס, ווען זיין באַגער אויס־צוקריצן אין דעם אָפּגעהאַקטן בוים־שטאַם דאָס בילד פון לעצטן ייד, הייבט זיך אויף אין דער טראַגישער סימבאָליק צו אַ קינסטלערישער מדרגה. אפילו אין דעם פאַקט, וואָס דער מחבר האָט דעם ייד נישט גע־וויזן אַנפּאַס, נאָר אים געוויזן דורך דער פּריזמע פון פייער, דאַרף פאַר־רעכנט ווערן אין פּלוס, ווייל עס ווייזט, אַז דער מחבר האָט זיך גענוי אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון די געפאַרן, וואָס לויערן פון יעטוועדער ווינקעלע ביים באַהאַנדלען און קינסטלעריש פיקסירן אַזאַ גרויל־טעמע.

ווי שוין געזאָגט איז די דאָרף־מיליע געגעבן מיט געניטשאַפט. ש. דיאַמאַנט קען דאָס דאָרף.

ש. דיאַמאַנטס פּיעסע איז אַ פריידיקע און וויכטיקע דערשיינונג, ווייל זי פאַרפולט אַ קענטיקן בלויז אין אונדזער נאָך־אָקופּאַציע ליטע־ראַטור, ווייל זי גיט אַ רעאַליסטיש בילד פון פוילישן דאָרף אין זיין די־פערענצירטקייט, ברענגט אַרויס סיי די געשטאַלטן, (דעם וואָיט, די רייכע פויערן־טאָכטער), וואָס האָבן אין די שוידער־טעג געפינען דעם גאָלדע־נעם קוואַל, דעם פּאַסיקן מאָמענט אויסצולעבן זייערע גיריקע פאַרלאַנגען און פון דער צווייטער זייט דעם ווידערשטאַנד פון דאָרף קעגן די היטלע־ריסטישע רויבער און זייערע יוצר־משרתים, ברענגט רעליעף אַרויס דעם הילך פון דער אומדערהערטער יידישער אויסראָטונג דורך דעם אָפּהילך, וואָס זי קריגט אין פוילישן דאָרף. דאָס ווייזט, אַז ש. דיאַמאַנט פאַר־מאָגט אַ חוש פאַר רעאַליסטישער שילדערונג, אַ געזונטע לעבנס־באַזי־נענדיקע אידיי, וואָס דערלאָזט נישט צו אויסגליטשונגען, אין הייסט זען זאַכן, געשעענישן אַלזייטיק און נישט אָפּפירן מעכאַניש מיט דער שוואַרץ־ווייסער טאָנאַציע, נאָר אויסגעפונען דעם סאָציאַלן אמת אין דעם געפלעכט פון טראַגישע קאָנטראַסטן...

עס איז קלאָר: די דראַמאַטישע פאָרם געהערט צו די שווערסטע און ס׳איז דעריבער פאַרשטענדלעך פאַרוואָס מיר פאַרמאָגן נישט ביז היינט צו טאָג קיין איינציק דראַמאַטיש ווערק וועגן דער צייט פון אונדזער פּיין און גבורה. ש. דיאַמאַנט האָט דער ערשטער זיך פירגענומען פאַר־פולן אָט־דעם בלויז. און שוין דאָס איז ווערט אַ לויב.

דאָס ערשטע ביכל דיאַמאַנטס „אַ ייד צווישן פּויערים" ווייזט, אַז אין די טיפענישן פון די יידישע פאָלקסמאַסן איז אָפּגעשפּירט געוואָרן דער קולטור־שוונג ביי אונדז אין לאַנד; סיגנאַליזירט, אַז עס הייבט אָן זיין אַריינמאַרש דער האָרעפּאַשנער פאָלקס־מענטש מיט זיין געזונטן, נישט מאַניערירטן, אוממיטלבאַרן אין עכטן וואָרט; אַז אין אונדזער יידי־שער ליטעראַטור אין פוילן קומען צו נייע נעמען און נייע טענער, טע־

נער וואָס זיינען נישט אויסן אויסצוגראָבן א תהום צווישן איין פאָלק און צווייטן, נאָר דעם תהום פארשיטן. די דערשיינונג מערקט זיך אויף דער פוילישער גאַס, דאָס זעלביקע מערקט זיך ביי אונדז. א פריידיקע דער־שיינונג.

לאָדזש, 1948 י.

# גרונט־שטריכן פון געטאָ און לאַגער־ליד

צוויי פאקטן איבערראשן יעטוועדן איינעם, וואָס פרווט זיך באַ־קענען מיט דעם פאָלקס־שאפן אין דער צייט פון פאראכטונג, אכזריות און אומקום. קודם ווערט מען נשתומם פון דער גרויסער שפע פון פארשידענע מינים לידער, וואָס האָבן זיך פארהיט. (און ס'איז דאָך מער ווי פאַר־שטענדלעך, אז פארהיט האָט זיך בלויז א ברוכטייל פון די אלע שאַ־פונגען). צווייטנס, איבערראשט דער פילזאָגנדיקער פאקט, וואָס די מער־הייט לידער פון דער שווידער־צייט פארמאָגן א פיל געזונטערן און מער אָפּטימיסטישן אויסקלאנג, ווי די שאפונגען פון א גרויסער צאָל דיכטער, וועלכע האָבן זיך שפּעטער באמיט צו געבן א תיקון דעם אומ־קום־פּעריאָד בעת דער היטלער־אָקופּאציע. די פארהיטע לידער זיינען ווי א דירעקטע פארלייקענונג פון אזעלכע „נאציאָנאלע" שטימונגען, וואָס קומען אויף אין די לייוויקישע „אין טרעבלינקע בין איך נישט געווען". צי אין די זאקישע „מיט אש אויפן קאָפּ"...

דער כלל, אז „ווען עס הילכן הארמאטן, שווייגן די מוזעס" איז נאָכאמאָל אָפּגעפרעגט געוואָרן נישט בלויז דורך די קינסטלערישע שאַ־פונגען אין געטאָ פון א גאנצער ריי באקאנטע שרייבער, — ווי: וו. שלענגעל, י. קאצענעלסאָן, ק. ליס, מ. שימעל, י. פעלד און צענדליקער אנדערע — נאָר אויך דורך פארשידענע פאָלקס־לידער פון געטאָ און לאגער.

אין דער דאָזיקער ארבעט וועלן מיר זיך אויסשליסלעך באשעפטיקן מיטן שאפן פון נישט באקאנטע פּאָעטן אָדער מיט די לידער, וואָס טראָגן קלאָרע סימנים פון פאָלקס־פּרימיטיוו און דארפן פאררעכנט ווערן אלס פאָלקס־שאפן. במילא וועלן מיר זיך אויף דער קינסטלערישער זייט פון ליד אינגאנצן נישט אָפּשטעלן. נישט אָפּשטעלן דערפאר, ווייל עס וואָלט אונדז אוועקגעפירט פון דער הויפּט־אויפגאבע, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט: ארויסברענגען די פאקטן, געפילן, שטימונגען, טרוימען, באגערן און האָפענונגען, וואָס האָבן געהערשט צווישן אונדזערע געפּיי־ניקטע ברידער און שוועסטער. די לידער, וואָס זיינען אזוי נאָענט, מיט

זייער אוממיטלבארקייט און נישט־קינסטלערישער געשליפנקייט צום פֿאָלקס־ליד, זייען במילא אמנאָענטסטן צום פֿאָלק, דריקן אויס אמ־קלאָרסטן און אמריכטיקסטן די איינשטעלונג פֿון דעם רוב־מנין און רוב בנין פֿון די געטאָ און לאַגער־קנעכט.

עס שטעלט זיך די פֿראַגע, וועלכע זיינען געווען די סטימולן פֿאַר דעם שאַפֿן אין געטאָ און אין לאַגער? דער פֿאַרלאַנג אויסצוגיסן די איי־גענע געפֿילן? דער פֿאַרלאַנג זיך צו פֿאַראייביקן, אָדער דאָס געטאָ־און לאַגער־ליד איז קודם־כל באַהויכט מיט דעם אידעלן גייסט פֿון נאַציאָ־נאַלער אחריות, וואָס הייסט איבערלאָזן פֿאַר די קומענדיקע דורות דאָ־קומענטן פֿון דער פֿינצטערער צייט, שטאַרקן דעם מוט און גלויבן אין באַפֿרייאונג פֿון די פֿענטעס פֿון היטלעריזם, דערמוטיקן צום קאַמף?

צוקוקנדיק זיך פֿון דער נאָענט צום גאַנצן געטאָ־און לאַגער־שאַפֿן, זעט מען, אַז אַלע די סטימולן האָבן דאָ געווירקט:

1. די באַדערפֿעניש אויסצוגיסן דאָס ביטערע האַרץ, אויסצולאָדן דעם אייגענעם שווערן געמיט.

2. דער הייסער פֿאַרלאַנג געטריי צו שילדערן די אייגענע לאַגע, ווי די שווערע איבערלעבונגען פֿון דער פֿאָלקס־מאַסע אונטער דער אימפּעריאַ־ליסטישער מאָרד־הערשאַפֿט, געבן „שטיינער"־בילדער פֿון דער קאַטאַסטראָ־פֿאַלער צייט און אָנווייזן די דירעקטע שולדיקע.

3. דער ווילן אויסצודריקן און וועקן האָפֿענונג און גלויבן אין די כוחות פֿון לעבן, פֿון גערעכטיקייט, וואָס וועלן זיגן, רופֿן צום קאַמף מיט די כוחות פֿון פֿאַרניכטונג און טויט.

מיר וועלן פּרוּוון אויף קאָנקרעטע ביישפּילן אָט די דריי גרונט־גרופּן צו אילוסטרירן.

1

די באַדערפֿעניש אויסצוגיסן דאָס אייגענע ביטערע האַרץ קומט בולט צום אויסדרוק אין די לידער פֿון אינדיווידועלן כאַראַקטער, אין די שטימונגס־לידער. דאָ קומט אויף די בענקשאַפֿט נאָך דער פֿאַרלוירע־נער היים, נאָענטסטע און ליבסטע. עס קומען דאָ צום אויסדרוק טענער פֿון ווייטיק און פּראָטעסט קעגן שווערן „גורל", קעגן דער אומגערעכ־טיקייט.

זינגט אַ מיידל אין דינאַוועריקער לאַגער:

איך וויל נאָך איין מאָל זען מיין היים.
צי איז דאָרט אַלעס ווי געווען...

אָט דער טייך, אָט דער בוים,
אָט דער דאַך, וואָס האַלט זיך קוים...
איך וויל אהיים.

אין די לידער פון דעם מין זיינען פאַראַן טענער פון שווערן פּיין, און עס פעלן נישט קיין טענער פון פאַרצווייפלונג, פון רעזיגנאַציע.

א פּיינפולן איינדרוק מאַכט דאָס ליד „דאָס פאַרוואָגלטע קינד", וואו עס ווערט אין ריירנדיקע שורות דערציילט וועגן א מאַמען, וואָס טראָגט אַוועק איר יאָסעלען צו קריסטן, ווי דאָס קינד וויל זיך נישט שיידן מיט זײַן מאַמען, ווי עס גאַנגט און בענקט דאָס מאַמע־האַרץ נאָך איר קינד (ליד פון שאַוולער געטאָ).

אויב אין פּיינפולע לידער פון אַזא אַרט ווי „דאָס פאַרוואָגלטע קינד" קומט צום אויסדרוק די מוטער־ליבע, זיינען די לידער פון רעזיגנאַציע, און אויסדרוק פון פּערזענלעכער אויסגעשעפּטקייט, פון שווערן נעראַנגל פאַרן קיום.

פאַר די לידער פון פאַרצווייפלונג, פון רעזיגנאַציע איז כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס די אָפּשאַצונג פון דעם לעבן איז א דורכויס סוביעקטיווע, אינדיווידואַליסטישע. אלס מוסטער פון אַזעלכע לידער וואָלט מען געקענט אָנרופן העלא פערשטמאַנס ליד:

און צו וואָס דער מאַטער? פאַר וועמען לעבן?
ווער וועט מיך פילן, ווער פאַרשטיין?
די וועלט קאָן מיר שוין גאָרנישט געבן!...
די זון אפילו קיין העלן שיין...

און אז איך וועל דיר זאָגן, פרעמדער מענטש!
אז איך האס דאָס לעבן און פאַרשעלט
זיך אליין און די גאַנצע וועלט
וועסטו דען מיר גלויבן?

אין דער גאַנצער זאַמלונג פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט געפינען זיך אָבער אַזעלכע לידער צו די זעלטענע. עס זיינען פאַראַן לידער פון צווייפל, פון געבראָכענעם גלויבן אין העכערער געטלעכער גערעכטיקייט, פון רעוויזיע פון די אייגענע איינגלויבענישן אין דער אייראָפּעישער און דער עיקר „דייטשער קולטור", אָבער זעלטן טרעפן מיר אָן פילשטענדיקע פרעמדקייט צו אלע מענטשן; במילא אפילו צו די אייגענע ברידער פון פּיין.

מער כאראקטעריסטיש פאר די לידער פון דעם מין זיינען אזעלכע אינדיווידועלע שאפונגען, ווי די, וואס מיר געפינען ביי ריוועלע באשמאן (געשריבן אויף דער א.ע.ג.־קאזארמע אין ריגע, 1944 י.).

כ׳ וויל צייטן אנדערע,
כ׳וויל מער נישט וואנדערן,
כ׳וויל זיין אן אנדערע,
ווי מיר געפעלט.
א מייד א שלאגלערין
און נישט קיין וואגלערין,
כ׳וויל צייטן אנדערע,
ווי מיר געפעלט.

אָ, מענטשן מיאוסע,
אָ, מענטשן פינצטערע,
פארוואס אוועקגערויבט
מיין יונגן גליק.
פארוואס־זשע אלץ פארשטעלט,
פארוואס צעשטערט די וועלט!
כ׳ וויל צייטן אנדערע,
ווי מיר געפעלט.

כ׳וויל זיין ווי פויגל פריי,
כ׳וויל לעבן אויפדאסניי,
כ׳וויל פרייהייט, ליבע, גליק, —
און דיך צוריק!
און ווען דו קומסט צוריק,
דאן קערט זיך אום דאס גליק,
און כ׳האב די גאנצע וועלט,
ווי מיר געפעלט.

אין אט די אינדיווידועלע שטימונגען איז שוין צו מערקן ווי עס רייזט אין דער טיף דער גלויבן, אז נישט אלץ איז נאך פארלוירן, אז עס וועט נאך קומען א צייט, ווען זי וועט ווערן א „שלאגלערין", ווען זי וועט אפזוכן צוריק איר געליבטן און האבן א וועלט „ווי מיר געפעלט"...

נאך בולטער קומט דער אפטימיזם צום אויסדרוק אין א ליד, וואס באזירט זיך אויף א געשעעניש אין פאניעקונער (געפינט זיך הינטער

קאָווגע) צפיצירן־שול, ווהין מען האָט אראָפּגעבראַכט יידישע מיידלעך, און זיי געפּייניקט. אברהם ציפּקין, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם לאַגער, שרייבט אין זיין ליד „אונדזער לעבן":

די הענט צעדאַרט, דער קערפּער צו מיד,
דאָס לעבן שוין מיאוס געוואָרן.
מען וויל שוין, מען קען שוין מער זינגען קיין ליד,
עס דוכט זיך, אַז אַלץ איז פאַרלאָרן...

נאָר האַלט זיך, נאָר שטאַרק זיך
דו אייביקער ייד —
פאַרליר נישט די האָפענונג און גלויבן.
נישט אייביק איז שלעכט,
נישט אייביק איז קנעכט,
נישט אייביק זיינען אויך דיינע ליידן...

אונדז שרעקן קיין קלעפּ, קיין צווימען,
מיר ווייסן די צוקונפט איז העל. —
די שונאים זיי מעגן האַרט שוימען
אונדזער פרייהייט זי וואַרט אויף דער שוועל!

איך ווייס, אַז איר האָפט פּונקט ווי אַלע,
מיין האַר איז שטאַלץ דאָ מיט אייך,
די האָפענונג זי איז אונדזער פאָנע,
לאָמיר זינגען דאָ אַלע צו גלייך.

מיר ציטירן אָט די לידער, ווי עס הערשן טענער פון פאַרצווייפלונג, בכדי צו ווייזן, אַז אפילו אין לידער פון דעם מין איז נישט שווער אָנצוטרעפן טענער פון גלויבן, פון זיכערקייט און באַפרייטן מאָרגן.

ווען עס גייט אַ רייד וועגן די לידער פון רעזיגנאַציע, אומגלויבן און שוואַרצסטן פּעסימיזם איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס ווי שוין געזאָגט, זיינען זיי ס'רוב פּערזענלעכע, אינדיווידואַליסטישע. קיינמאָל האָט זיך אין די לידער נישט געפונען דער „מיר", נאָר אַלעמאָל דער „איך". אזוי לייענען מיר אין ליד „מיין קאָנסטאַנטין": „זאָל שוין קומען פאַר מיר דער דערלייזער, דער טויט". דאָס איז דער הייסער ווונטש פון מחבר שיינקינד, וואָס טראַכט וועגן דערלייזונג, פאַר זיין

מיד און אויסגעמאטערט נפש. אויך אין „ראש־השנה־ליד", וואָס שטאַמט פון שטימהאָפּער לאַגער ליינען מיר:

און יעצט האָב איך שוין אַלץ פאַרלוירן,
איך לעב און ווייס נישט פאַרוואָס,
איך האָף און ווייס נישט אויף וואָס.
שיינט די לבנה אין הימל בלויען,
וויל דעם סוד מיר נישט פאַרטרויען.

אָפּט דערגייען ביי אייניקע די טענער ביז פולשטענדיקער נעגאַציע פון אַלץ, אַזוי בעת ישראל שאַפּירא, פון פריטשעוו אין זיין „מאַי־ליד", אַז „די וועלט זאָל ווערן מענטשן־ריין"...

2

גאָר אין אַנדער גרופּע שטעלן מיט זיך פאָר די לידער, וואָס פיקסירן, אָדער מעדיטירן וועגן דער נעמאָ־ און לאַגער־ווירקלעכקייט. אין די פיקסירנדיקע לידער איז צו מערקן אַ דראַנג, וואָס אויסשעפּיקער, וואָס דעטאַלן־רייכער שילדערן די שוידער־ווירקלעכקייט, הערביי איז נישט שווער אָנצוטרעפן דאָ און דאָרט דאָס הייסע, אויפגעוועקטע בלוט פון שרייבנדיקן, פון „באַשרייבער"... די לידער זיינען אָבער אין זייער מהות אָפּטימיסטיש. אָפּטימיסטיש דערפאַר, ווייל סיי אין טעקסט און סיי אין אונטערטעקסט איז נישט שווער אַרויסצולייענען דעם הייסן באַגער, אַז די קומענדיקע דורות זאָלן וויסן, ווי אַזוי עס האָבן זיך מענטשן געפּייניקט אונטער דער היטלעריסטישער מאָרד־הערשאַפט, און סיי דער גלויבן, אַז עס וועלן זיין די דורות וואָס וועלן דאָס לייענען.

דער גלויבן, אַז עס וועלן זיין די, וואָס וועלן פאַר אַלע מאָרד־אַקטן אויך פּייניקן נקמה־נעמען, איז אַ בולטער באַווייז פון גלויבן אין זיג פון די כוחות פון פרייהייט און ברידערלעכקייט איבער די כוחות פון נאַכט, קנעכטשאַפט און מענטשן־שנאה.

... אין אָט די לידער מערקט זיך בולט דער דראַנג פון פּינקטלעך איר־בערגעבן די אומטעבונג, אָנרופן דאָס מאָרד־אָרט, פיקסירן די נעמען פון די פּייניקער, געבן „שטיינער"־עלעמענטן פון לעבן אין געטאָ און לאַגער.

אַזוי טרעפן מיר אַ גענויע באַשרייבונג פון אַן אַקציע אין אַן עס־עס־לאַגער (געשריבן דורך ראַינהאַרץ איססעל, סקאַלע), ווו עס ווערט מיט דאַס דערמאָנט דער שאַרפירער יאָזעף שטאַמבורגער פון איינסבורג, דער

וואַד־קאַפּראַל מאַלאָגאַ פֿון דראָהאָביטש, דער הונט — פּרינץ, „גרויס, ווי אַ קאַלב", וואָס „רייסט שטיקער לעבעדיקערהייט" פֿון זיינע קרבנות. אין ליד „מאַלקין" ווערט געשילדערט אַן אַקציע:

אין די פּראָסטיקע טעכט געשלעפּט פֿון די בעטן
אין מאַסן געטריבן דאָרט,
און ווער עס האָט קיין כּוח אַ טראָט צו שטעלן
דער ווערט דאָרט געטויט אויפֿן אָרט.

עס איז געררינגלט דאָס געטאָ,
נישטאָ וווּ צו לויפֿן,
נישטאָ שוין מער צו לעבן קיין מוט.
עס פֿאַלן, ווי זאַנגען צעשאָסענע ברידער
דער ברוק איז פֿאַרגאָסן מיט בלוט.

און נישט געקוקט אויף דער פֿעסטשטעלונג, אַז דער היטלער־שונא וויל „אונדזער גאַנצן פֿאָלק פֿאַרניכטן", אַז דאָס וואָרט „מאַלקין" איז פֿאַרשריבן מיט אונדזער בלוט, פֿאַרענדיקט זיך דאָס ליד אויף פֿאָלגנדיקן אופֿן:

כאָטש ס'פֿליסט אונדזער בלוט
אין ראַשיקע שטראָמען,
ווייס יעדער, מען פֿאַרשטייט עס גאַנץ גוט,
אַז צענפֿאַכיק שטאַרקער וועט זיין די נקמה
פֿאַר אונדזער אומשולדיקן בלוט.

מיר טרעפֿן אַן לידער, וואָס שילדערן די אויסזידלונג אין „וואַרשע", אַן עקזעקוציע פֿון צען אסירים, אַ שילדערונג פֿון „אינטערנאַציאָנאַל" פֿון אסירים אין לאַגער בוכענוואַלד ווו:

צווישן טערקן, האָלענדער און יוגאָסלאַוון
קאָנט איר זען אַ ייד, וואָס שטייט און דאַוונט...
און הערביי אַן אַפֿריקאַנער נעגער,
באַגריסט זיך מיט אַ דייטשן קאָלעגע.
פּוילן שפּאַצירן דאָ מיט גרוזינער.
סערבן חברן זיך מיט דייטשן ווינער.
און בלאָנדע דענער מיט ווייסע האָלענדער —
אַן אינטערנאַציאָנאַל פֿון אַלע לענדער.

עס וועט נישט זיין קיין שום גוזמא ווען מיר וועלן זאָגן, אז אין דער זאמלונג, וואָס איז אין באזיץ פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, איז נישט פאראן ממש קיין איין וויכטיק אָרט, קיין איין דערשיינונג, קיין איין וויכטיקער פאַקט, וואָס זאָל נישט פיקסירט ווערן. שילדערונג פון א מאסן־קבר און מאסן־עקזעקוציע, באשרייבונגען פון מענטשן, וואָס באהאלטן זיך אויס אין גריבער און „קריוועקעס", שילדערונגען פון הונגער, פון די טעמע־פאָלקסדקעס (דער עיקר אין לאָדזשער געטאָ). מיר וועלן אָנרופן בלויז אייניקע פון זיי.

מ. מאָלטשאַצקי (לאָדזש) שילדערט דעם הונגער. גיבאָוויטש גיט א שילדערונג פון די ליידן אין „קריוועקע" און איז אויך דער מחבר פון דעם ליד „טרעבלינקע":

אין א פוילישער שטאָט,
גאנץ פרי פארטאָג,
הערט מען א געשריי,
א יאָמער און א קלאָג!
מענטשן האלב משוגע,
נאקעט און בלויז,
פלוצלינג הערט מען שרייען:
„יידן שנעל ארויס!"
זיי מאָרדן און שלאָגן
א מורא, א שרעק,
מען פירט די יידן צו דער באן אוועק...
באשרייבן קאָן עס נישט די פעדער,
ווי עס דרייען זיך די רעדער,
די וואגאָנען זיינען פול:
דאָ פירט מען די יידן
אויף קידוש השם,
קיין טרעבלינקע!
קיין טרעבלינקע!
און אונדזערע ברידער
פון יענער זייט ים,
קאָנען נישט פילן
אונדזער ביטערן טעם
א. אָ. וו.

עס איז כדאי ביי דער געלעגנהייט אויך דערמאָנען לידער, וואָס שילדערן דעם ארבעטספראָצעס, די שקלאַבן־ארבעט. די 16־יאָריקע לאה

סווירסקי פון סווענציאן שילדערט גאנץ אויספירלעך די ארבעט אין לאגער קאשיידאר, מיר זעען דאס ארבעטן ביים לאדענען „טראנספארטן". לידער, וואס ווייזן נישט בלויז די אכזריות פון די היטלער־פאשיסטן און זייערע ליטווישע און אוקראינישע משרתים, נאר אויך די יידישע „אויד־נוגעס־חיות" (געטא־פאליציאנטן).

א גאנץ בכבודיק ארט פארנעמט אויך דער יהדעגראט, און דער עיקר לאדזש מיט דעם געטא־קיניג רומקאווסקי. דא דארף באזונדערס דערמאנט ווערן דער אפאטאווער שניידער־ארבעטער יעקב הערשקאוויטש, וואס איז אין לאדזשער געטא מגולגל געווארן אין א הויף־זינגער און האט נישט געשוינט קיין „לויב־ווערטער" פאר רומקאווסקין און זיין גוואַרדיע. עס איז נעוגע צו זאגן, אז רומקאווסקי האט אים אפילו ארײַנגעזעצט אין טורמע פאר זײַנע לידער. זיין ליד „איך בין געווען", איז עכט און ממיטלבאר אין זיין אויטאביאגראפישן אמת. אדער אזעלכע שילדערונגען פון געטא־שטייגער, ווי אין „אפראוויזאציע" — זיינען באשולדיקונגס־דאקומענטן. דאס זעלביקע אין אזעלכע לידער, ווי „ברייליעך", „ריעטא, שמעטא, שמאטע" איז פאראן פארבארגענער ווייטיק און אפענער האס צו די כלל־טוער.

אין „דיעטא, שמעטא, שמאטע" זאגט אברהם קירשענבוים:

די כלל־טוער אנטלאפן,
אונדז געלאזט אליין.
א בראך האט אים געטראפן,
לייבל מינצבערגן, איך מיין.
כלל־טוער „כוהנים",
איז דא א, גאנץ א סך...
קוק אויף רומקאווסקיס פנים:
— זייט צופרידן אין מיין רייך...

אויף וויפל מיר רעדן וועגן רומקאווסקין וועלן מיר ציטירן אויך א ליד וועגן פרעזעס רומקאווסקי, וואס איז דורך הערשקאוויטשן פאר־פאסט און געזונגען געווארן אין לאדזשער געטא:

מען האט אונדז יידעלעך געבענטשט מיט חיים, חיים ולא למות,
חיים פון בית־החיים, חיים רומקאווסקי — מיטן גרויסן נס.
ער מאכט דאך נסים אויף יעדן טאג. אזוי געוואלד צו שרייען, אוי!
יעדער איינער פרעגט א צווייטע שאלה, אוי!
ענטפערט חיימל: עס איז נוט אזוי...
חיים ווייצמאן האט געזאגט, אז ער וויל די יידן אין פאלעסטינע האבן.

ער האָט געהייסן אַקערן, זייען. ער האָט זיי דאָרט אויך טיף באַגראָבן.
אָבער אונדזער חיים רומקאָווסקי, טיילט אונדז יעדן טאָג שיריים:
איינעם א שטיק ברויט, דעם צווייטן א שטיק פערד, —
מען ליגט ביי אים אויך טיף אין דר'ערד!...

אין די לידער פון לאָדזשער געטאָ, וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען, ווערן די פאַרשידענע יודענראַטישע כלל־פאַרזאָרגער, און באַזונדערס חיים רומקאָווסקי, גאָרנישט טראַקטירט ווי א „פּסיכאָלאָגיש פּראָבלעם", ווי עס ווילן עס די מאַרשאַליזירטע „נאַציאָנאַלע יידן" פון אַמעריקע און ישראל. רומקאָווסקי האָט א בולט פּנים פון א שמוציקן קאָלאַבאָראַציאָניסט און דערשיינט פאַר אונדז ווי א פאַרפּילפּאַכטער שינדער, צי א ספּאָדיק פון מענדעלעס צייטן...

יאָ, די לידער, וואָס זיינען געזונגען געוואָרן אויף די לאָדזשער געטאָ־הויפן דורך יעקב הערשקאָוויטשן, ווי די לידער פון קידישענבויי־מען צי קרוקן, צי אפילו די דיסקרעט געשריבענע לידער פון דער זאַמלונג „לך־לך" באַשולדיקן, דעמאַסקירן די יודן־עלטסטע און ווייזן זיי אין זייער אייגנטלעכער פאַרברעכערישער פּראָפּאָרץ.

צו דעם מין לידער וואָלט אויך נייטיק געווען פאַררעכענען די שטיינער־בילדלעך, וואָס פאַרמאָגן אָפט אפילו עלעמענטן פון גאַלגאַן־הומאָר.

די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען הינטער די געטאָ־ווענט צי הינטער די עלעקטריזירטע לאַגער־דראָטן האָבן נישט שטענדיק רעאַגירט מיט קלאָגעריישן, מיט פאַרברעכן אין פאַרצווייפלונג די הענט, טייל־מאָל איז אויך געקומען די רעאַקציע דורך געלעכטער, דורך בייסיקן, מיט טרערן אָנגעזאַפּטן און האַסן־אַטעמדיקן געלעכטער, וואָס איז גאַנץ אָפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מאַקאַברישן, גאַלגאַן־הומאָר.

אָט ווי אזוי אין געטאָ האָט מען זיך געוויצלט:

איינער איז שטאַרק פאַרזאָרגט, טרייסט אים זיין פריינד: „זאָרג נישט, מיין טייערער, מיר וועלן זיך נאָך טרעפן ווי צוויי שטיקלעך זייף אין א וויטרינע". אין ווילנער געטאָ צ. ב. איז באַגאַנגען געווען אזא דיאַלאָג:

— וואָס הערט זיך?
— גיב א שמעק מיין האַנט וועסטו וויסן.
— איך הער קיין זאַך נישט.
— הערסט נישט? עס שמעקט מיט מת...

וואָס שייך וויצן אין ווערטלעך אין וואַרשעווער געטאָ, איז פאַראַן א גאַנץ היפּשער העפט געזאַמלט פון רב הרבערבאַנד, מיר וועלן זיך אָבער

אויף די ביז גאָר כאַראַקטעריסטישע אַנטי־יודענראַט און אַנטי־היטלער־וויצן און אָנעקדאָטן נישט אָפּשטעלן און זיך צוקוקן, ווי אַזוי דער געטאָ־ און לאַגער־שטייגער האָט באַקומען זיין אָפּשפּיגלונג אין ליד:

ביים געטאָ־טויערל, ברענט אַ פייערל
און די שרעק איז גרויס,
עס גייען ייחעלעך, פון די ברייגאַדהעלעך,
פון יעדן גיסט זיך שוויים.

צי זאָל איך בלייבן שטיין,
צי זאָל איך ווייטער גיין,
איך ווייס נישט ווען און ווו.
דאָס קאָמענדאַנטעלע, אין גרינעם מאַנטעלע,
ער נעמט דאָך אַלעס צו.

געלט אַ ביימעלע, האַלץ אַ שייטעלע,
ער נעמט דאָך אַלעס צו —
מילך אַ קענדעלע, שפּעק אַ פּענהעלע,
ער לאָזט דאָך נישט צורו.

חבר מיטן שטרייף, איך בין איננאַנצן טריף
דורכגיין דעם קאָנטראָל...
פאַר דעם ביסל שרעק, קריגסטו אַ קילאָ שפּעק
און מאָרגן נאָך אַמאָל.

שטעלט זיך אויס צו פיר, און דו לעבן מיר,
שטופּ זיך נישט פון זיים,
דו גיי רעכטס צום גוי, שיטאַס יאו טוואָרקאָי...[1]
געמאַכט אַ לעבל ברויט.

אָבער נישט בלויז אַזעלכע נייע „אויפן פּריפּעטשאָקס" איז אָנטצורמעפן אין די צו אַהנדז דערגאַנגענע „הומאָר־לידער". מיר האָבן אויך אינטימע שטייגער־בילדלעך, און אפילו סאַרקאַסטישע ליבע־מאָטיוון. איין ליד, וואָס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש און איז געזונגען געוואָרן אין ווילנער געטאָ וועלן מיר דאָ ציטירן:

---

1) שיטאַס יאו טוואָרקאָי — דער איז שוין אין אָרדענונג.

איר מיינט, אז א ליבע שפילט מען אין פאלאצן,
נאר אין געטא איז עס א שאנד.
איך האב זיך פארכליאבעט ביז איבער די אויערן
און דווקא אין א פראסטן פאליציאנט.

מען רופט אים אברהמל, א בראך צו זיינע ביינדעלעך,
ער האלט דאך ביים טויער די וואך.
ביי אלינקע מיידעלעך, נעמט ער צו די פעקעלעך,
ביי מיר אבער משעפעט ער קיין זאך.

ער זאגט צו מיר לובעניו, און רופט מיך „מיין טייערע",
כ'וועל דיך היטן, ווי מיין גאלן שיין,
דו וועסט ביי מיר טראגן און טראגן פאקןפעקלעך,
כל־זמן דו וועסט נאר מיינע זיין!

...מיר גייען שפאצירן פון רודניצקער אויף קאמיניצער,
און פון קאמיניצער אהין און צוריק.
און אלינקע מיידעלעך טיטלען מיט די פינגערלעך —
איי, פעשקען האט געטראפן א גליק...

ווי ס'איז צו זען פון די ציטירטע לידער פעלט דא נישט חער עלע־מענט פון הומאר. און א גאנצע רייע שאפונגען, ווי דאקומענטן פון געטא און לאגער באשטעטיקן דעם פאקט, אז עס זיינען געווען אי פארוויי־לונגס־לאקאלן און פארוויילונגס־אימפרעזעס אין געטא, און ווי ס'איז צו זען פון דער מערהייט לידער פון לאגער זיינען זיי געשריבן געווארן לויטן מוסטער און אויף דער מעלאדיע פון פאפולערע מעלאדיעס. אנ־דערש געזאגט: זיינען געזונגען געווארן. איבעריקנס טרעפן מיר אין דעם רוב לידער אי די „ביס" אי די רעפריין־באצייכענונג. אפילו שטיי־מער־בילדער זיינען אפט געשריבן אין פארם פון מאנשמאקט, אדער אויף א פאפולערער מעלאדיע פון אן אפערע צי אפערעטקע. אין דעם פרט איז כאראקטעריסטיש אזא ליד ווי „מיר זיינען די א.ע.ג.־ער יידן", וואס ס'האט אנגעשריבן פרידא הירשפעלד (געבוירן 1928 יאר) געשריבן, ווייר נאכט 1942 אין א. ע. ג., ריגע).

מיר זיינען די א.ע.ג.־יידן,
דאס נייע אייראפע בויען מיר,
מיר זיינען שוין דא א פאר מאנאטן
און ארבעט איז דא דא אן א שיר,

רעפריין:

אוי א.ע.ג. — ביז צום האלדז ביזטו מיר,
אוי א.ע.ג. ווי ווערט מען פטור שוין פון דיר.
אוי א.ע.ג. ווי בעט מען אויס פאר דיר א שטראף
און ווי דערלעבט מען שוין דעם סאף.

מיט אבילה איז דא זייער זוויער,
פאר יידן א האלבן ראציאן.
נאר מען גיט זיך אן עצה מיט א פוייער
און מען מאכט מיט אים פוטער, אייער, האן.

רעפריין...

העד דאלמאן איז א גרויסער דבר־אחר
און א דבר (אחר) שטייט אים ביי דער זייט
נאר פארברענט מעגן זיי ווערן בייחע
און איינגיכן זאלן מיר ווערן פון זיי באפרייט.

רעפריין...

אונדזער זופ איז א ביסעלע וואסער, —
א קארטאפל איז צו זוכן מיט ליכט,
מיט אבילה ווערט דא אלע טאג גאר שוואכער
און מען ווארט, אז די זופ זאל זיין געדיכט.

רעפריין...

מיר זיינען די א.ע.ג.־ער יידן,
אונדז שרעקט נישט קיין פראסט און קיין קעלט.
מיר גייען דעם שיקזאל אנטקעגן,
מונטער מיט דער ברוסט אויסגעשטעלט.

3

איינע פון די אינטערעסאנטסטע און באלערנדיקע טעמען איז דאס האפענונגס און קאמפס־ליד, וואס איז אנטשטאנען אין געטא, לאגער און אין פארטיזאנער־טייל. אין די לידער, ס׳רוב געשריבן אין א מארש־טאקט, שטראלט מיט יונגט־מוט, מיט גלייבן און אנטשלאסנקייט, דערביי פאר־

מאַגן זיי אויך אַ ביז גאָר היפּשן שטײַנער־געמעל. דער גלייבן אין זײַן פון דער גערעכטיקייט, פון פּראָגרעסיוון לאַגער, מאַניפעסטירט זיך אַגב אויך דערמיט, וואָס אייניקע לידער, די סאַמע קעמפערישע זײַנען גלייך געשריבן געוואָרן אויף דער מעלאָדיע פון באַקאַנטע סאָוויעטישע לי־דער ווי („יעסלי זאַווטראַ וואַינאַ" און אַנדערע) און זײַנען אויפגעקומען אין דער שפּעטערער צייט, אין די יאָרן 1943—45, ס'הייסט דעמלט, ווען דאָס סאָוויעטישע חיילות האָט זיגרייך געשפּאַנט דורך שווערע און העל־דישע קאַמפן צו די דײַטשע גרענעצן. אין דער צייט ווערט דאָס ליד האָפענדיקער, לויטערער, קעמפערישער.

אָט לייענען מיר אין ליד, וואָס עס האָט געזונגען אַ גרופּע מיי־דעך אין אַרבעטס־לאַגער דיענעווערק (הינטער ריגע):

עס קומט דער ליבער פרילינג, דער שיינער חודש מאַי.
מיר זינגען נייע לידער און בענקען נאָך דער פריי.
עס קומט דער ליבער פרילינג, אַ פריידיקער צעשטראַלט,
ער קומט ווי דער דערוואַרטער, ער קומט דאָך אָן אַוודאי באַלד.

רעפריין...

קומט אַלע געאייניקט אַנטקעגן אים אַרויס,
אַלע ווי איינער, אַלט און קליין און גרויס.

צי וועסטו אויפשטיין קאָנען אָן גלעקל גלייך פון שלאָף, —
און האַלץ נישט דאַרפן נעמען און לעבן אָן אַ שטראָף,
נישט גאַנווענען קאַרטאָפל און נישט אין בונקער גיין,
נישט טראָגן האָלץ־פאַנטאָפל און צום אַפּעל נישט גיין?...

רעפריין...

אָ, ווען וועט ענדלעך געבן דער פרייהייטס־גלאָק אַ קלונג,
דאַן וועט דאָס נייע לעבן פון אַלטע מאַכן יונג.
ווי וועלן מיר זיך שפּירן, מיר שקלאַפן אויף דער פריי,
צי וועלן מיר נאָך קענען לעבן אויף דאָס ניי?

וואָס וואַרפט זיך דאָ אין די אויגן? קודם די זיכערקייט, אַז די פרייהייטס־שעה וועט קומען, אַז דאָס קאַשמאַר־לעבן אונטער דער דראָונג פון שטראָף, פון „טראָגן האָלץ־פאַנטאָפל", פון „גאַנווענען קאַרטאָפל", „גיין אין בונקער", „גיין צום אַפּעל", וועט זיך ענדיקן און במילא שטייט דאָ די פראַגע צי וועלן די אַלע אַסירים ווען עס וועט קומען „דער פריי־דיק צעשטראַלטער פרילינג" אימשטאַנד זיין צו לעבן אַ נאָרמאַל לעבן...

ווי געזאָגט זיינען פאַראַן נישט ווייניק לידער באַהויכטע מיט גלויבן אין באפרייונג. אזוי לייענען מיר א ליד א. נ. „פּרעגאַטאַ", וואָס איז געזונגען געוואָרן אין קאָוונער לאַגער דורך פרויען באשעפטיקטע ביי פעלד־ארבעט:

ס'איז דער טוי אויף די פעלדער געלעגן,
דער ערשטער שטראַל פון דער זון זיי געגלעט,
און דאָס גראָז אויף דער זייט פון די וועגן
זיך געשפּילט מיטן ווינט אין געוועט.

רעפריין:
הארץ, זיי נאָר שטיל, זאָג ווי שטאַרק מיין געפיל
איז צום אָטעמען פריי און צום לאַכן.
זיי נאָר שטאַרק, ס'איז נישט ווייט,
עס קומט שוין אָט באַלד די צייט
פאַר דער פרייהייט זי זאָל שוין דערוואַכן.

אין א צווייט ליד לייענען מיר:

א גייע צייט פאר אונדז געקומען,
א צייט פון יאָמער, נויט און פיין.
אוועק פון אונדז די זון, די בלומען,
געבליבן נאָר דער ארבעטס־שיין.

רעפריין:
יידישע בריגאַדעס,
אויסגעפּוצט אין לאַטעס,
מאַרשירן טאָג־איין, טאָג־אויס
און האַלטן די צרות מוטיק אויס.

איר האָט פאר אונדז געמאָס געשאַפן
און אויסגעפירט אקציאָנען פיל,
געמאַכט פון אונדז בלויז קנעכט און שקלאַפן,
אונדז צו פארניכטן דאָס איז אייער ציל.
רעפריין...

מיר בעטן נישט ביי אייך רחמנות,
נישט אייער מיטלייד, נישט אייער וואָרט.
מיר ווייסן גוט אייערע כוונות,
די שיינע מעשים פון 9־טן פאָרט.

רעפריין...

מיר קלאָגן נישט פאַר אייך און וויינען
אפילו ווען איר שלאָגט און שמייסט,
העריבער זאָלט איר נישט מיינען
מיט דעם צעבראָכן אונדזער גייסט.

רעפריין...

עס וועט נאָך פאַר אונדז קומען, ברידער,
אונדזער פרילינג, אונדזער זון!
מיר וועלן נאָך אויסגלייכן די גלידער
און דאַן באַשאַפן אַ פרייהייטס־ליד.

רעפריין:

יידישע ברינגאַדעס, אויסגעפּוצט אין לאַטעס,
מאַרשירן מיט פרייד און גליק
אין פרייהייטס־לאַנד צוריק...

אין אַ ליד, וואָס איז געזונגען געוואָרן אין ווילנער געטאָ (מחבר
ראָזענטאַל) ווערט אָנגעוויזן אויף דער אומגעוויכטיקייט, אויף דער טיר־
לונג אויף מענטשן, וואָס מען שלאָגט אויף זייער בעטל, גיין איבער
„סקווערן און בולווארן" און אויף יידן, וואָס זיינען אָפּגעשלאָסן פון דער
וועלט, און פרעגט:

צי דאַרף עס אזוי זיין?
צי מוז עס אזוי זיין?
צי נאָר פאַר איינעם איז גליק בשעת־מעשה
און פאַר אַ צווייטן איז עס פאַרווערט?
ווער האָט עס איינגעשמעלט?
אזוי דאַרף זיין די וועלט?
עס פרעגט און וועקט זיך האַרץ מיין:
עס וועט נישט אזוי זיין!
ס'וועט אַנדערש זיין!

נאָר אויב אין דעם ליד, ווי אין אַנדערע ציטירטע און נישט־ציר
טירטע לידער ווערט גערעדט וועגן שווערן „גורל", וועגן „שיקזאל" און
עס פרעגט זיך דער „ווער", און עס איז בלויז צו זען דעם גלויבן אין

באפרייזונג, העם פאסיוון גלויבן, געפינען מיר אייך צווישן די געטאָר און לאגער־לידער גישט ווייניק שאפונגען, וווּ עס איז צו זען נישט בלויז דעם פאסיוון גלויבן אין דערלייזונג, נאָר דעם רוף צו אקטיוון קאמף. אין אָשוויענטשים־בונא איז דעצעמבער חודש 1944 געווען שטארק פאָפולער „דאָס ליד פון קעמפנדיקן העפטלינג", וואָס איז גע־שריבן געוואָרן אויף דער מעלאָדיע פון „יעסלי זאווטרא וואָינא". מיר ליינען דאָרט אזעלכע סטראָפן:

מיר מארשירן אצינד פאר דעם אייביקן פיינט.
כאָטש פארפייניקט פון אים ווערן מיר היינט,
ווייל מאָרגן וועט קומען א גאנץ נייע צייט,
אויפצובויען זי מוזן מיר זיין גרייט.
גלייכהייט פון מענטש און נישט פיין,
פרייהייט פון פעלקער וועט זיין.
מארשירן מיר אצינד פאר דעם אייביקן פיינט,
ווייל מאָרגן פאר אונדז אלץ אויפשיינט.

די צווייטע סטראָפע פון אָמדעם מאָטיקן ליד פארענדיקט זיך מיט די ווערטער: „נקמה און קאמף איז אונדזער רוף".

מיר וועלן דאָ נישט ציטירן הירש גליקס „זאָג נישט קיינמאָל", וואָס איז שוין געוואָרן א הימן, א דאנק דעם טעזונטן גלויבן אין זיג, א דאנק דעם אנטשלאָסענעם קאמפס־אָטעם, וואָס עס פארמאָגט אָט דאָס באמת קינסטלערישע ליד. דאָ ווילן מיר ציטירן א ליד, וואָס איז לויט אלע ווארשיינלעכקייטן דעם זעלביקן מחברס:

עס האָט אונדז דאָס לעבן גערופן,
דאָס לעבן אויף זוניקע טעג,
האָט יעדער אין לאנד,
אזוי מונטער געשפאנט
און באזונדער געגאנגען זיין וועג.
רעפריין:
צו איינס. צוויי. דריי.
צו איינס. צוויי. דריי.
אויף ארבעט אין וועג זיך געלאָזט.
יעדער טראָט האָט זיין קלאנג,
יעדער וועג זיין געזאנג,
ווען דו ווייסט וווּ דו גייסט און פארוואָס?

געווען ביי אונדז הונדערטער דורות,
דאָס לעבן געבויט און געהאָפט,
ביז עס האָט אזא שווערער,
אלץ פארווישט פון דער ערד
און געפירט האָט מען אונדז ווי די שאָף.
צו איינס. צוויי. דריי.
צו איינס. צוויי. דריי.
ווי די שאָף זיך דאַן פירן געלאָזט
האָט דיין פרוי און דיין קינד
און דאָס גאַנצע געזינד
און געפרעגט וווּהין און פארוואָס?

פאר אונדז איז פארווערט טראָטוואַרן, —
פאר אנדערע דער וועג איז נאָר פריי,
און מיר, טוט א קוק,
אויפן שטיינערנעם ברוק
אונטער אייזערנע קלעפּ פון נאַגיי!
צו איינס. צוויי. דריי.
צו איינס. צוויי. דריי.
דעם ברוק האָט מען אונדז נאָר געלאָזט...
נאָר אַן אנדער געזאַנג,
האָט דער טראָט אזא קלאַנג,
ווען דו גייסט און דו ווייסט נישט פארוואָס.

נאָר ברודער, אַן אנדערער ריטם,
וועט דאָ באלד צו דיין אויער דערגיין!...
און די, וואָס פון שרעק,
ליגן היינט נאָך פארשטעקט
זיי שפאַנען מיט אונדז נישט אליין
צו איינס. צוויי. דריי.
צו איינס. צוויי. דריי.
דעם טויער, די געסלעך פארלאָזט!
וועט ביי אלט און ביי יונג
טאָן דער טראָט אזא קלינג
און מען גייט און מ'עט וויסן נאָכוואָס!

מיר האָבן, פֿאַרשטייט זיך, נישט בדעה צו געבן מער אילוסטראַ־טיוון מאַטעריאַל. נאָר דאָס ביסל, וואָס מיר האָבן דאָ ציטירט איז טי־פּיש פֿאַר דעם געטאָ־ און לאַגער־שאַפֿן: — באַווייזט סײַ אויף די עלע־מענטן פֿון געטאָ־ און לאַגער־שטייגער, ווייזט אויך בולט די געפֿילן און שטימונגען, וואָס האָבן באַהערשט די פֿאָלקס־מענטשן אין אָנבליק פֿון די גרויזאַמסטע באַדינגונגען, וועלכע די מענטשלעכע פֿאַנטאַזיע איז זיך נישט בכּוח פֿאָרצושטעלן... דער פֿאַקט, וואָס אין די זאַמלונגען איז פֿאַנ־צוטרעפֿן די זעלביקע ליד אין אַ גאַנצער ריי פֿאַרשידענע וואַריאַנטן, עדות'ט הערוויף, אַז אײניקע לידער האָבן אויך געוואַנדערט פֿון אָרט צו אָרט צוזאַמען מיט די טראַנספּאָרטירטע ייִדן.

וואָס־זשע פֿאַר און אויספֿירן לאָזט זיך מאַכן פֿון די אַריבער פֿיר הונדערט לידער־פּאָזיציעס, וואָס געפֿינען זיך אין אַרכיוו פֿון ייִדישן היס־טאָרישן אינסטיטוט? קודם־כּל, אַז דער רוב לידער איז אַזוי קאָנקרעט, אַזוי פּינקטלעך אין איבערגעבן פּרטים פֿון לעבן אין דער צייט פֿון דער היטלער־אָקופּאַציע, אַז זיי באַקומען דעם ווערט פֿון דאָקומענטן פֿון דער אומקום־צייט. דאָס געבענטן קאַרטאָפֿל, דאָס באַשטראָפֿט ווערן פֿאַר נע־מען אַ שטיקל האָלץ, דער שמוגל מיט דער הילף פֿון ייִדישן פּאָליציאַנט, דער הולך אין די האָלץ־פּאַנטאָפֿל, די קאַצעטישע היכט אין מענטשן־גע־שטאַלט און אין אײַנצלעכן היטלערישן געשטאַלט, די מאַסן־עקספּאָרטאַ־ציעס און מאַסן־קבֿרים, די דערנידערונגען און פּײַנען, וואָס האָבן באַ־גלייט דעם ייִדישן מענטש אַזוי לאַנג ווי ער האָט געלעבט און אין אײַנ־טעגראַלער „שטייגער"־עלעמענט פֿון אָט דעם פּײַנצטערן לעבן, — וואָס קומט אויף פֿון די פּיקסירונגען אין די לידער. דעריבער איבערראַשט דער פֿאַקט, וואָס נישט געקוקט אויף דער לאַדונג פֿון פּײַנפֿולע פֿאַקטן איז דאָך דער אויסקלאַנג פֿון גרעסטן טייל לידער אַ גלויבנפֿולער; עס דאָ־מיניט אין זיי נישט בלויז דער נקמה־באַגער, דער פֿרייהייטס־טרוים, נאָר די זיכערקייט אין זיג איבער די כּוחות פֿון מערדערײַ און פֿאַרווילדערונג.

דעריבער זײַנען אַזוי באַליבט און פֿאַרשפּרייט געווען די לידער פֿון הירש גליק, דעריבער איז אָנצוטרעפֿן אין פֿאַרשידענע קאָפּיעס די לי־דער פֿון מרדכי געבירטיג. געבירטיגס „עס ברענט" און „אַ טאָג פֿון נקמה", וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין לאַגעווניקי הינטער קראָקע אָנ־הויב 1942 יאָר איז ווייט אַוועק אויסער די גרענעצן פֿון לאַגער, ווייל דאָס ליד זײַנס האָט פֿאַרמאָגט אַ הייסן רוף צו קאַמף און נקמה.

נקמה פֿאַר רשעות אין סדום נישט געהערט,
פֿאַר מאַמעס, יתומים, אַלמנות,

נקמה וועט שרייען ארויס פון דער ערד
דאָס בלוט פון מיליאָנען קרבנות.

דער מענטש וועט דערוואכן, קיין ספק נישט מער,
דערזען וועט דעם גרויל פון מלחמה,
ווי אונדזערס א נביא א הילך טאָן וועט ער:
נקמה! כ'וועל נעמען נקמה!

יאָ, אויך אין די לידער פון יאָט דעם פאָפּולערן פאָלקס־פּאָעט איז אָנציטערעפּן דער גלייבן, אז עס וועלן אָנקומען „פרייליכע צייטן", דער גלייבן אין באפרייטן מאָרגן איז דאָס ווערטיקסטע אין אָט די לידער־דאָקומענטן.

די רעלאַציעס פון געטאָ און לאַגער באווייזן אויך, אז דעם געפּייניקטן מענטש איז נישט נאָר אינטימלעך געווען די פּאַסיווע דערוואַרטונג פון דער באפרייונגס־שעה, דער גלייבן אין קיום פון פאָלק, אין א געדיכטן מאָרגן, נאָר עס איז אויך פאַרשפּרייט געווען סיי אין געטאָ און לאַגער און באזונדערס אין די וועלדער דאָס ליד, וואָס האָט געוויזן, אז עס איז אומזיניק, אומצוקומען נישט ווידנדיק פאַרוואָס, זיך לאָזן פירן ווי שעפסן, וואָס האָט גערופן צום קאַמף „מיט נאַגאַנען און די הענט". די לידער פאַרמאָגן במילא א געוואַלדיקן דערקענטעניש־ווערט, ווייל זיי גיבן אן אויטענטיש קלאָר בילד פון לעבן, פון די שטימונגען און געפילן, איינשטעלונגען און טרוימען אין יענע גרויל־יאָרן.

די לידער פון געטאָ און לאַגער ווייזן אויך מיט זייער אָפּטימיסטישער אויסשפּראַך, אז יעטוועדער זייען פון דעפּעטיזם, אומגלייבן און מיטמענטש, יעטוועדער פאַרלאַנג צו פאַרוואַנדלען אונדזער ליטעראַטור אין קינות איז פעלשונג פון די שטימונגען, האָפענונגען, טרוימען, אויך בערצייונגען פון אונדזערע אומגעקומענע ברידער און שוועסטער. זיי האָבן „מיט א האַרץ הויליע וויינדן", נישט אויפגעהערט צו זינגען דאָס ליד פון פרייהייט!...

מיר, וואָס האָבן די הודך זיי אזוי הייס־באַגערטע פרייהייט דערלעבט, באוונדערן זייער עקשנותדיקן גלייבן, ווערן נשתומם פון דער שעפעריִשער ענערגיע, פון דעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ־געפיל און גלייבן און געדיכטיקייט, פון דעם גרויסן כוח און פאַרלאַנג איבערצוּווינדן, אנטשפּאַנען, צעשטרייען און דערלייכטערן דאָס לעבן דורך וויץ און הומאָר — מיר נעמען זייער הייסן ווילן צו קאַמף און נקמה אין די בלוטווינעדישע אומפּערזאָנאַליסטן, זייער איידעאַל פון א געהעכט לעבן און

טראָגן עס אין דער צוקונפט. מיר זייַנען די דערוואַקסענע מענטשן, וואָס גלייבן אין מענטש, וואָס איז אָפּטימיסטיש, קעמפט קעגן מלחמה,

דריקט אויס דעם ווילן צו בויונג און קאַמף מיט די כוחות פון אונטערדריקונג און פאַרווילדערונג, פירט אויס די גרויסע צוואה פון אונדזערע פאַרשניטענע ברידער!

ווארשע, 1950 י.

# מ. בורשטינס אויף די טייכן פון מאַזאָוויע

מיכאל בורשטינס „ביי די טייכן פון מאַזאָוויע" איז אָן שום גוזמא איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פּראָזע־פּאָזיציעס, וואָס זיינען דערשינען אין פּוילן האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דעם שטעטל, וואָס בורשטין שילדערט אונז אין דעם בוך זיינען פאַראַן אַלע עלעמענטן פון אַלטן פּעטראַלן שטייגער, אי אַפילו עפּעס פון דעם מין בית־מדרש־חשבונות, אי שיינע יידן, גאָטספאָרכטיקע, אי פּשוטע פאָלקס־מענטשן, אי די קענטעניש פון אַלע, וואָס טוט זיך ביים צווייטן אין טעפּל — קורץ, אַלע אַקסעסואַרן פון דעם אונדז אַזוי גוט באַקאַנטן, פיל מאָל געשילדערטן יידישן שטעטל, און דאָך טיילט זיך בורשטינס בוך אויס ראַדיקאַל פון די ביז אים דערשינענע שטעטל־שילדערונגען. אויב אין די פריערדיקע „שטעטלעך" ביי ווייסענבערגן, צי האָראָנטשיקן קומען פון שטאָט די פּאַרטיי־מיטער, אָט די, וואָס פירן דעם קלאַסן־קאַמף, קומט דאָ ביי בורשטינען פון שטאָט אַן אינטעליגענט, אַ דאָקטער, וואָס האָט זיך אַלס ייִד, און צוליב דעם „איבערפלוס" פון אינטעליגענץ נישט געקאָנט איינאָרדענען, און ער, גבריאל פּריווער איז באַלאַסטעט מיט אַלע אינטעליגענטישע קראַנקהייטן. ער וויכט פון פּאָליטיק, ער גאַרט רו, ער שטרעבט זיך אָפּצושליסן פון דער אומרואיקער, אין קאַמף פאַרטיעניער וועלט, זיך איינרעדן, אַז די געשעענישן אין שפּאַניע האָבן קיין דירעקטע שייכות מיט אים נישט און מיינט, אַז ווען ער וועט ווי דער שטרויס אַריינשטעקן דעם קאָפּ אין זאַמד, וועט ער נישט באַמערקט ווערן, וועט ער שטיין בלייבן אויסער די היסטאָרישע געשעענישן... טיפּישע בירגערלעך־אינטעליגענטישע שטרויסן־פּאָליטיק.

דאָס שטעטל דוכט זיך אים אויס איז דאָס אויסגעטרוימטע אָרט אוועקצוגיין פון דער צעפּיבערטערווירקלעכקייט אין לאַנד, וואָס אָטעמט מיט פּאָליטיק, מיט סאָציאַלן געראַנגל. אָבער דאָס שטעטל סמאָלין, וואָס ער האָט מיט יאָרן צוריק פאַרלאָזט איז בלויז אויבערפלעכלעך, אין פּייזאַזש, ענלעך צום אַמאָליקן שטעטל. פאַקטיש האָט די צייט פון פאַרשאַרפטן קלאַסן־קאַמף, פון אויפקום פון דער סאַמע ווילדער, סאַמע

טעראָריסטישער באַרם פון דער בורזשואזער הערשאַפט — פון היטלער־פּאַשיזם, — שוין געלייגט זיין בייזן שאָטן אויך אויפן פּוילישן שטעטל. און אויב די פאַרשטאַרקטע עקספּלאָאַטאַציע האָט געמאַכט אויס־רייסן דעם באַוווּסטזיין פון די פּוילישע אַרבעטער פון דער דראָטן־פּאַב־ריק, האָט די עקספּלאָאַטאַציע פון די יאָסל קאַטאַרזשאַנס, וואָס האָט געמאַכט שותפות מיטן נערער רבין, פון די בער פּיטלאָוויטשעס, וואָס האַלט איין פּופּצן פּראָצענט פון לוין ביי די אַרבעטער, איטשע שפּיל־פויגל דער מזרחיסט, וואָס רעכנט אַראָפּ די אַרבעטער פון לוין פאַרן „קרן המזרחי”, בכדי „אויסצובויען אַ פרומע ארץ־ישראל”, זיינען די פּינצטערע קרעפטן, וואָס רופן אַרויס ביי די יידישע באַרשט־מאַכער און שטריקער די באַדערפעניש זיך צו אָרגאַניזירן, שטרייקן און לענקען דעם אויער צו די כוחות, וואָס ווייזן דעם איינציקן ריכטיקן אויסוועג — צו די קאָמוניסטן. אויף וויפל די אידעאַלן פון דער ק.פּ.פּ. טראָגן אויך די בשורה פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג און גלייכבאַרעכטיקונג פון ייִד, וואַקסט די סימפּאַטיע צו איר ביי געוויסע טיילן פון דער בירגערלעכער יוגנט און ביי די בעסערע טיילן פון דער אינטעליגענץ. און אַט אין דעם שטעטל פון פּעדאַלע רעשטן לייענט מען „ביבולע”. ניע טענער, נייע געדאַנקען און אידייען באַהערשן די אַרבעטס־מענטשן, געפילן פון אינ־טערנאַציאָנאַליזם אין קאַמף. מאָשקע איז שוין באַקאַנט מיט דער וואַרשעווער תפיסה. מאָשקע קומט שוין נישט בלויז צו די יידישע אַר־בעטער, ער טרעט אַרויס פאַר די אַרבעטער פון סאַרטשעווער צוקער־פאַבריק, פאַר די אַרבעטער אין דראָטן־פאַבריק ווי פאַר די יידישע אַרבע־טער: די שטריקער און בערשטער. און מאָשקע איז דאָך אַ סמאָלינער תושב!

אַט לייענט פּוליע, דער מיטגליד פון שטרייק־קאָמיטעט פון די בערשטנמאַכער־געזעלן, אויף דער פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער די ביבולע, וואָס מאָשקע האָט געבראַכט פון וואַרשע:

„ער לייענט די ווערטער חלקים־ווייז, ווי ער וואָלט לערנען טראָפּ אין חדר. מער ווי עברי האָט פּוליע זיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט, און אויך דאָס איז איִם אָנגעקומען שווער. אָבער וואָס מע מיינט אין דעם פּאַפּיר, פאַרשטייט ער זייער גוט, פאַר־שטייען אַלע זייער גוט. אַ מענטש טאָר זיך נישט לאָזן פאַרשקלאַפן, מע טאָר זיך נישט לאָזן. אויף יענער זייט גרענעץ, אין דעם פרייען לאַנד, האָבן די אַרבעטער פאַריאָגט די באַלעבאַטים צו אַלדי רוחות און סע גייט. מע קומט אויס אָן די באַלעבאַטים. און נאָך

ווי מע באַגייט זיך אָן זיי... ס'איז דאָרט געוואָרן ליכטיק אין די אויגן און מע הייבט אָן אויפּסניי צו לעבן".

און אָט רעדט מאָשקע:

— „קודם־כל מוזט איר אויפהערן צו טראַכטן ווי די טאַטעס און זיידעס, אַז די אַרבעטער פון דער דראָט־פאַבריק זיינען עפּעס שקצים, וואָס מען דאַרף זיך פון זיי האַלטן פונדערווייטנס. זיי זיינען אַרבעטער ווי איר און איך, און אויך זיי ווערן אויסגענוצט און אויסגעמאָרדעוועט ווי איר און איך, זיי זיינען אונדזערע ברי־דער און זיינען אונדז נעענטער ווי יאָסל קאַטאַרזשאַן, ווי איטשע שפּילפויגל, ווי בער פּיטלאָוויטש, וואָס זויגן אונדז אויס דעם מאַרך פון די ביינער. איר דאַרפט גיין אויף זייערע פאַרזאַמלונגען; ווען אפילו עס גנבעט זיך דאָרט אַריין אַן ענדעק אָדער כאַדעק, וואָס רעדט קעגן יידן, דאַרפט איר דערפון אויך נישט ביי זיך אַראָפּ־פאַלן... מילא, וואָס סע כאַפּט זיך אַריין אַ פאַרשיווע שאָף... שווין־זשע זעען מיר נישט ביי אונדז די „בונדיסטן", „פועלי־ציוניסטן" און „פאַראייניקטע", וואָס ווילן אויף זייער שטייגער איינרעדן די יידישע אַרבעטער טאַקע דאָס אייגענע, וואָס די פּעפּעסאָוועצעס און כאַדעקעס ווילן איינרעדן די פּוילישע אַרבעטער — אויף זייער שטייגער? זיי אַלע שוואַכן אָפּ דעם קעמפעדיקן אַרבעטער־קלאַס און זאָגן: „האַלט זיך אָפּגעזונדערט איינער פון אַנדערן!" מיר, קאָמוניסטן, ווילן, אַז אונדזער קלאַס זאָל זיגן, דעריבער זאָגן מיר: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך!"...

מיר ברענגען אַ גרעסערן ציטאַט נישט צופעליק, דאָ איז בולט צו זען, און אין גאַנצן גאַנג פון דער טעמאַטישער ליניע אין בוך ווערט עס באַשטעטיקט, אַז בורשטין דערזעט, אין די סאַמע פינצטערע יאָרן פון צעהוליעטער פאַשיזירנדיקער רעאַקציע אין לאַנד, וואָס קריגט זיין סטראַגאַזך און פּאָגראָם־אויסדרוק אין קליינעם יידישן שטעטל, אַן אויס־וועג, זעט מענטשן, וואָס ווייזן דעם אויסוועג, זעט אין די קאָמוניסטישע אַרבעטער, יידישע און פּוילישע דעם אייניציקן כוח, וואָס טראָגט אין זיך אמתן הומאַניזם.

ווי־זשע גלידערט זיך איין אָט די דורכאויס פּראָגרעסיווע רעאַליס־טישע טעמאַטישע ליניע אין אַלגעמיינעם געוועב פון דער סמאָלין־שיל־דערונג? איז דאָך מ. בורשטינס בוך ווי אַן עפּאָפּעע פון פּויליש־יידישן שטעטל, וואָס אָטעמט מיט די מאַזאָווייער רחבותדיקע פעלדער, און טראָגט די מילדע ווינטלעך פון דער בלוי־כוואַליעדיקער ווייסל, ווירקן דאָך נאָך אין שטעטל אָן אַ שיר פעאָדאַלע רעשטן, פּאַטריאַרכאַלע גני־

דישקייט פון די ישראלטשע בלימעלעס און מאָדערנע עקספּלאָאַטאַציע פון די פּיטלאָוויטשעס... איז דאָך אייגנטלעך דער צענטראַלער העלד, פון „ביי די טייכן פון מאַזאָוויע”, גבריאל פריווער — דער אינטעליגענט, וואָס פילט זיך ווי אַן איבעריקער, וואָס זוכט רו און פרידן אין שטעטל, וואָס וויל אַנטלויפן פון דער צערודערטער צייט פון שפּאַנישן בירגער־קריג, ווילדע רדיפות און עקסטערמינאַציע־פּרוון מצד דער סאַנאַטאָרישער רעגירונג פון איין זייט און די ענדעקיש־אָענערישע פּאָגראָמשטשיקעס פון דער צווייטער...

דער גאַנצער צויבער פון „ביי די טייכן פון מאַזאָוויע” באַשטייט דערין, וואָס אָט די אַלע קעגנזעצלעכקייטן האָבן זייער היסטאָריש־דיאַלעקטישע און קינסטלערישע באַרעכטיקונג. היסטאָריש־דיאַלעקטיש ווערט באַגרינדעט דער געפּלעכט פון פעאָדאַליזם מיטן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט און זיין באַוווסטזיניקן אַוואַנגאַרד אין איין סביבה דורך דער שפּעטיקער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם; דערמיט, וואָס ער איז שוין אַריינגעדרונגען אויף די געביטן פון אַמאָליקן רוסלאַנד און פּוילן אַ פאַרשפּעטיקטער און האָט נישט נאָר צעשטערט, נאָר געמיט זיך איינהאַלטן די אָפּגעשטאַנענקייט. פון דער צווייטער זייט האָט די צייט, וואָס האָט אַלץ בולטער אָפּגעדעקט דעם מענטשן־פיינטלעכן, עקספּלאָאַטאַטאָרישן פּנים פון קאַפּיטאַל, געשטאַרקט די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע און אויף דער יידישער גאַס זיינען זייער פיל יוגנט און בעסערע טיילן פון קליינבירגערטום, ווי צום ביישפּיל אַזאַ הערש לוסטיק ביי בורשטינען, צוליב דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג געווענדעט זייערע בליקן צום אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט. מיכאל בורשטין האָט אָט די אמתן נישט נאָר באַמערקט ביז גאָר בולט, נאָר זיי געגעבן אַזאַ קינסטלעריש־רייפע פאָרם, אַזוי מייסטעריש פאַנאַנדערגעשטעלט די פּערזאָנען, אַזוי אָביעקטיוו געלאָזט פליסן די היסטאָרישע געשעענישן פון די לעצטע יאָרן, געהייסן האַנדלען זיינע העלדן לויט די אינערלעכע אַנטוויקלונגס־געזעצן, אַנטשפּרעכנד צו זייער סאָציאַלער לאַגע און אָריענטאַציע, אַז בלויז לויט דעם אַלגעמיינעם אויסקלאַנג און פאַנאַנדערטיילן די פּוענטעס אין בוך, איז צו מערקן וווהין דער אויטאָר צילט און וואָס ער איז אויסן...

מען קאָן ריזיקירן די פעסטשטעלונג, אַז הגם אין גורל פון גבריאל פריווער קומט פאָר אַזוינס, וואָס האָט נישט קיין שום דעקונג אין בורשטינס ביאָגראַפיע איז ער דאָך אין אַ געוויסער מאָס אַ חשבון־הנפש פון מחבר גופא און איז טיפּיש פאַר גרויסע טיילן פון דער פּראָפעסיאָנעלער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע איז אונטער דער ווירקונג פון שטיי־

גנדיקער פאַשיזאַציע אין לאַנד און דער פאַרשטאַרקטער ראַסן־העצע, אויס־
געניכטערט געוואָרן און געווענדט זייערע בליקן, און אפילו זיך אַקטיוו
אײַנגעשלאָסן אין קאַמף, וועלכן עס האָט געפירט דער אַרבעטער־קלאַס
אונטער דער אָנפירונג פון די קאָמוניסטן. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס
די געהיימע פאַרזאַמלונג ענדיקט זיך מיט אַ קאַמף קעגן די ענדעקעס
בראש פון וועלכע עס שטייט דאָס סטודענטל, דעם אַפּטייקערס זינדל, און
די יידישע אַרבעטער פאַרטרייבן די באַנדע שטעקן און שילעטקע־העלדן
גאָר גיך. און עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס בעת דעם פּאָגראָם, וואָס
ברעכט אויס אין סמאָלין זיינען ווידעראַמאָל די אייניציקע, וואָס שטעלן
אַ ווידערשטאַנד — די באַוווסטזיניקע אַרבעטער, פּונקט ווי ס'איז נישט
קיין צופאַל, וואָס בעת דער לוויה פון די קרבנות, צווישן וועלכע עס
געפינט זיך אויך גאָלדעלע, דאָס יונגע ווייבל פון גבריאל פריווער, קומט
אַ דעלעגאַציע פון די פוילישע אַרבעטער פון דער דראָטן־פאַבריק, און ווי
עס דרינגט אַרויס פון גאַנצן גאַנג פון אָט דער קורץ־שורהדיקער, דורכ־
זיכטיקער אין איר זויבערקייט, רואיקער שילדערונג, מוז גבריאל פריווער
פאַרלאָזן די נגידישע קרובים זיינע און איבערגיין אין די רייען פון די
אַרבעטער, וועלכע גייען קאָנצענטרירט און ברומען אַ רעוואָלוציאָנער
ליד. גבריאל פריווער טוט עס! דווקא דער טויט פון זיין פרוי, דווקא
דער פּאָגראָם האָט אים אויסגעניכטערט. בורשטין באַווייזט עס אויף
אַן עכט קינסטלערישן איבערצייגעוודיקן אופן אין לעצטן קאַפּיטל, וואָס
שילדערט די לוויה פון די פּאָגראָם־קרבנות, און טראָגט דעם כאַראַקטע־
ריסטישן נאָמען „פאַר זון־אויפגאַנג"...

„צווישן דער מענגע בערדיקע יידן גייט גבריאל; ווי אַן איי־
גענער און פרעמדער. זייערע שוואַרצע בערד שרעקן אים איצט. עס
שרעקט אים דער אומגליק פון אָט די פאַרמשפּטע מענטשן. זיי
שרעקן אים, ווי מע דערשרעקט זיך אַמאָל פאַר אַ מסוכן קראַנקן.
און ער אליין, גבריאל, ווער איז ער? איז ער דען נישט אייטער פון
זיי, די מסוכן קראַנקע? וועסט זיך נישט אַרויסדרייען, גבריאל —
טענהט ער מיט זיך אליין — פון טראַכטן... אָט איז זי געקומען...
אַהער קיין סמאָלין... זי איז געקומען אַהער ביז אין מאַזאָווישן
שטעטל סמאָלין... די אַביסיניע, די שפּאַניע, די כינע... דאָס, וואָס
דו האָסט געמיינט, אַז ס'איז אַזוי ווייט, ווייט... דאָס, וואָס דו
האָסט דערפאַר אַזוי מורא געהאַט... און וואָס איז עס דען, דאָס
סמאָלין? צוויי הונדערט קרומע, אומגליקלעכע הייזלעך, וואָס מע
דאַרף זיי גאָר אײַנגאַנצן אײַנוואַלגערן... יאָ, אײַנוואַרפן דאַרף מען
זיי אײַנגאַנצן... אָבער וואָס איז דער תכלית גלאַט אײַנוואַרפן? מע

דארף דאָך דאָ אויפבויען אַ נייע שטאָט, איינגאַנצן פונדאָסניי. צי קאָנען דאָס טאָן די מיתושדיקע אויסגעמאַרטירטע ייִדן, וואָס לעבן פון אַ דאַר רעפּטל ברויט מיט קנאַבל?".

„צו גבריאלס אויערן איז דערגאַנגען דער שטיל אונטערגעבראָכענער געזאַנג פון די בערשטנמאַכער. גבריאל האָט אַ קוק געטאָן אין זייער זייט. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. יאָ, זיי וועלן זיין דערביי, ווען מע' וועט אינגאַנצן און אויפסניי אויפבויען סמאָלין און נישט נאָר סמאָלין... טאַקע זיי וועלן עס טאָן, יאָ"...

...„גבריאל האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן פון דער ערד. זיין בליק האָט זיך באַגעגנט מיט די אויגן פון איינעם אַ פּאַרשוין אויפן טראָטואַר, וואָס ער האָט זיין פּנים פאַרגעדענקט פון נעכטן און אייערנעכטן. יענער האָט זיך צוגעקוקט צו דער לוויה מיט אַ לאַכנדיקער גרימאַסע. געטראָפן פון גבריאלס אָנגעכמורעטן אָנגעצונדענעם בליק, איז פון פּאַרשוינס פּנים תיכף אַראָפּ דאָס געלעכטער און ער איז אַ דערשראָקענער אָפּגעגאַנגען אויף צוריק. און איצט איז פאָרגעקומען אַ מאָדנע זאַך. דער דאָקטער גבריאל פריווער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען טאָך דער לוויה פון זיין פּעהרגעטער פרוי לעבן שווער און שוויגער, איז מיטאַמאָל שטיין געבליבן, האָט זיך אויסגעדרייט און זיך דורכגעשטופּט צווישן אלע מלווים דאָרט אהין, וווּ די אַרבעטער זיינען געגאַנגען. ווי זיי וואָלטן אים פאַרשטאַנען, האָבן זיי אים תיכף אַריינגענומען אינמיטן. ווען ער האָט אָנגעהויבן שטיל מיטזינגען זייער געזאַנג האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן אַ קורצער כליפּ. אָבער דאָס איז געקומען פון אַ טיפער דערלייכטערונג. דאָס איז געווען עפּעס אַזוינס, ווי אַ שבועה... ער האָט באַלד ווידער אָנגעהויבן שטיל און געלאַסן מיטזינגען און איז שוין איצט געגאַנגען אין טראָט אינמיטן פון די חברים אהין אויפן בית־עולם און צוריק".

גבריאל פריווער האָט זיך אויסגענירטערט און איז מיטגערייסן געוואָרן מיטן שטראָם פון דער געזונטער און באַפרייטן מאָרגן פאַרקויקטער און קאָמפּערישער אַרבעטער־מאַסע. דאָס זעלביקע געשעעט אויך מיט דעם רבס טאָכטער, דער פרוידיסטקע און מיט דעם אַלטן הארציקן, קליינשטעטלדיקן סעדער הערש לוסטיק, וועלכער גייט אויך אין די רייען פון די בערשטנמאַכער און שטייענדיק איבערן פרישן קבר פון בערטשיקן, וואָס איז אומגעקומען אין קאַמף מיט די פּאָגראָמשטשיקעס, זאָגט ער:

„— בערטשיק, רב בער... איך בעט דיך מחילה... איך טו דיך צו וויסן, רב בער, אז ס'וועט ווערן אויפסניי א וועלט, אנדערש... איך, הערש, בין דיר חערויף און ערב".

און דער אויטאָר גיט צו:

„זיין פּנים האָט געפלאַמט אין דער רויט־אויפגייענדיקער זון".

ווען מע דערמאָנט זיך די צייט און די אומשטענדן אין לאַנד, ווען דאָס בוך איז דערשינען, קומט זיך גישט אויס צו וואונדערן אויף דעם סימבאָלישן סוף פון בוך. עס קומט זיך גיבער אויס צו וואונדערן אויף דעם גראַד מוט און אָפּטימיזם, וואָס מיכאל בורשטין האָט פאַרמאָגט, ווי דורכדרינגלעך זיין אויג איז געווען און ווי אָפן דאָס הארץ פאַר דעם נייעם און רעוואָלוציאָנערן. און בלויז דערמיט, וואָס דער אויסגעצייכנטער פּראָזאַיקער מ. בורשטין האָט אזוי ריכטיק באַנומען די פּראָצעסן און דערשיינונגען פון דער שווערער צייט, אין די יאָרן 1936—1938, איז זיך צו דערקלערן דער אָפּטימיסטישער אויסקלאַנג פון בוך.

עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען ווי ווייט, ווי אויסגעהוילן פון יעטוועדער קאַמפּס־אינטערעסט עס איז געווען די פּראָזע און פּאָעזיע פון די לעצטע דריי פאַרמלחמה־יאָרן, ווי עס האָט זיך אלהערשערישׂ געמערט ניהיליזם, פּעסימיזם און דעקאַדאַנס אין דער דיכטונג, ווי שרייבער מיט נעמען זיינען אוועק צו די דרייר־שטערנדלעך־ראָמאַנען פון טיפּ „די יונגע רביצין", בכדי אָפּצושאַצן ווי מוטיק און ווערטיק איז די פּראָזע־פּאָזיציע פון מ. בורשטיין איז געווען דעמלט און וויפל דערקענטעניש־שטאָף זי פאַרמאָגט היינט, ווען דער טרוים, אז אלץ וועט איבערגעבויט ווערן אויפדאָסניי איז שוין א געשעענער פאַקט.

וואַרשע, אָקטאָבער 1951 י.

# דוד מיצמאַכער

דער הויפּטרעזערוואַר פון דער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען דאָס ייִדישע שטעטל, וואָס איז אין דער תּקופֿה פון אימפּעריאַליזם אַלץ שטאַרקער פאַראָרעמט און רואינירט געוואָרן. די יוגנט האָט במילא גע־צויגן אין שטאָט, זיך פּראָלעטאַריזירט. דער קליינבירגערלעכער אָפּ־שטאַם, ווי די נאָך ענגע קאָנטאַקטן מיט דער קליינשטעטלדיקער היים האָט געווירקט אויף דער וואַקלדיקער פּאָזיציע פון דעם רוב שרייבער. פון איין זייט האָט זיך געמערקט ביי זיי אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט מיט דער סאָציאַל־פּאָליטישער לאַגע, וואָס האָט אויף דעם ייִדישן פאָלקס־מענטש געדריקט מיט אַ באַזונדערער לאַסט, פון דער צווייטער — האָבן געלאָקט די עסטעטיזירנדיקע אידעאָלאָגן פון ייִדישן בירגערטום, און... די בירגערלעכע פּרעסע מיט איר לייענער, וואָס האָט דאָך פון צייט צו צייט אויסגעקויפט אַ ביכל מיט אַן אויטאָגראַף פון שרייבער.

אויף וויפל דעם שרייבער האָבן געפעלט ברייטע אויסבליקן, קלאָרע אידייען, אַ פעסטער אידעאַל, האָט די דאָזיקע ליטעראַטור כמעט קיין פּראָבלעמען נישט געשטעלט, און אויך נישט געלייזט. די ייִדישע ליטע־ראַטור איז געווען אַ שילדערישע, אַ שטימונגרייכע און נישט קיין פּראָב־לעמענשטעלערישע. במילא, ווען מיר גייען צו אַנאַליזירן אַוועלכן עס איז שרייבער מוזן מיר פעסטשטעלן זיין אידעיש פּנים לויט דעם אופן פון שילדערן, אין דעם אופן פון זען, פון סעגרעגירן די אָבסערווירטע פאַקטן, דאָרט זוכן, ווי אַזוי עס איז געקומען צום אויסדרוק די וועלט־שפּירונג — פּראָגרעסיווע צי רעאַקציאָנערע — פון באַטרעפנדיקן שריי־בער.

אין דער צייט פון צווישן די וועלטמלחמות איז ביז גאָר פּאָפּולער געווען דער באַקאַנטער נאַטוראַליסט, דער שילדערער פון סאַמען שמוץ א. מ. פוקס. דער נאַטוראַליזם איז דורך די בורזשואַזע מבֿינים אָנערקענט געוואָרן אַלס אמתער רעאַליזם. די גרעסטע מערהייט פון די פּראָזאַיקער־

פון יענער צייט זייענדיק געווען אָדער נאַטוראַליסטן (זשיטניצקי, עוזר וואַר־ שאַווסקי, י. פּערלע, ש. האָראָנטשיק און אנד.) אָדער זייענדיק אַוועק אויף די וועגן פון מיסטיק געפּאָרט מיט ביליקן עראָטיזם (באַשעוויס, א. צייט־ לין).

ווען מיר רעדן וועגן דוד מיצמאַכער, וואָס איז אָן ספק געווען אונ־ טער דער באַווירקונג פון דעם נאַטוראַליזם, מוזן מיר אין באַטראַכט נע־ מען א צווייטע השפּעה, וואָס האָט א סך שרייבער פון קליינבירגערלעכן אָפּשטאַם געראַטעוועט, סיי קינסטלעריש און סיי אידעאָלאָגיש, אַרויפ־ פירנדיק זיי אויף דעם וועג פון קינסטלערישן רעאַליזם.

די 20 יאָר, וואָס טיילן די צוויי וועלטשחיטות האָבן פאַרמאָגט א מעכטיקן פאַקטאָר, וואָס האָט באַווירקט די וועלט־ליטעראַטור און איז, פאַרשטייט זיך, נישט געבליבן אָן השפּעה אויף דער יידישער — דאָס איז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און דאָס אויסבילדן זיך פון נייע צווישן־מענטשלעכע און צווישן־פעלקערלעכע באַציונגען. דער פאַקט, וואָס ס'איז אויפגעקומען א לאַנד, וואָס ווייסט נישט פון קיין אַרבעטלאָזי־ קייט, פון קיין נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען, וואָס בויט זיך ראש און אַנט־ וויקלט א נייע הויך־הומאַניסטישע ליטעראַטור און קולטור האָט געמוזט דירעקט אָדער אומדירעקט באַווירקן יעדן נישט פאַרקויפטן, עכטן שריי־ בער, האָט געצוואונגען אַנדערש צו קוקן אויף די סיבות פון גוטס און שלעכטס אין דער געזעלשאַפט. ש. האָראָנטשיק זעט שוין נישט ווי עוזר וואַרשאַווסקי בלויז דעם זומפּ, נאָר זעט זיין קלאַסן־באַדינגטקייט, דעם טרעגער פון דער פאַרזומפּטער אַנהאַרציקייט און אכזריות — דעם קאַפּי־ טאַליסט און זיין פּאָליטישן סיסטעם. אויך ביי ל. אָליצקי איז צו מערקן דעם געראַנגל, דעם קלאַסן־קאַמף אין דער יידישער סביבה, דעם געראַנגל פון מענטש פאַר זיין עקזיסטענץ אין די אכזריותדיקע באַדינגונגען פון עקספּלאָאַטאַציע און אַרבעטלאָזיקייט. און דאָס איז דאָס נייע אין דער ליטעראַטור.

אָבער די שייד־ליניע ווערט מיט יעדן יאָר שאַרפער. א טייל שריי־ בער, וואָס קומען אַריין אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן אין דער ליטעראַטור הערן זיך שוין גענוג אויפמערקזאַם צו צום מאַרקסיסטישן וואָרט, אַנאַליזירן די קלאַסן־פּראָצעסן פון דער פּוילישער ווירקלעכקייט און א היפּשער טייל זייערע גייט אַוועק צו דער רעוואָלוציאָנערער ריכטונג פון דער „ליטעראַרישער טריבונע" און קרובישע אויסגאַבעס.

דוד מיצמאַכערס ליטעראַרישער וועג איז דעריבער אינטערעסאַנט, ווייל ער ווייזט באַזונדערס בולט, וואָס עס איז אויסגעקומען גובר צו זיין אָט ווי וואַקלדיק עס איז געווען דער גאַנג פון יידישן שרייבער, וועלכער

איז געקומען פון דער יידישער קליינבירגערלעכער סביבה און מאָראַל געזונדיקע ווירקונג דער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער צוגאַנג האָט געהאַט אויף דעם געפינען די נייטיקע קינסטלערישע מיטלען פאַר דער אייגענער שאַפונג.

דאָס פּראָבלעם פון פּאַופּעריזאַציע, דעקלאַסירונג, אַרבעטלאָזיקייט, דעפּראַוואַציע און צעפאַלונג פון דער בירגערלעכער משפּחה, גייט אַדורך ווי אַ רויטער פאָדעם פון גאַנצן שאַפן פון די באַוויסטנדיקסטע שרייבער פון דער צווישן מלחמה־צייט. עס איז דעריבער קלאָר, אַז דאָס שילדערן פון די פאַקטן האָט געמוזט טראָגן אַ פּעסימיסטישן אויסקלאַנג ביי די שרייבער, וואָס האָבן ווייטער פון דעם קליינבירגערלעכן ייִד, די וועלט נישט געזען. זייערע מיסדערפאָלגן, הילפלאָזיקייט, שוואַכקייט, צעדריבלט ווערן אונטער די רעדער פון די כאַאָטישע קאַפּיטאַליסטיש־פאַשיזירנדיקע פאַרהעלטענישן אין לאַנד האָט ער אָנגענומען ווי אַ גורל־באַשטימונג. אויך פון דאַנען דער פּעסימיסטישער אויסקלאַנג פון די רוב שאַפונגען. פון דאַנען דער פּעסימיזם, דער אומגלויבן אין מענטש, וואָס עס טראָגט מיט זיך דער נאַטוראַליזם. ער שילדערט דעם שמוץ, דאָס סאַמע אַנטי־הומאַניסטישע, נישט טיפּישע און טראָגט עס אונטער אַלס אַן אייביקן געזעץ, ווי ער זאָל זאָגן מיט אַ רעזיגנירטן מאַך מיט דער האַנט: „אַזוי איז דאָס לעבן, ווערסט עס נישט איבערמאַכן...”

אַט די פּאַסיווע, קאָנטעמפּלאַטיווע באַציִונג צו דער ווירקלעכקייט, אַט דער אומגלויבן אין מענטש, אין דער געזעלשאַפט, און דער מעגלעכקייט איבערצובויען די געזעלשאַפט איז דער גרונטשטריך פון דער רעאַקציאָנערישקייט פון אַט דער ריכטונג.

די העלדן ביי די וואַרשאַווסקיס און פּערלעס האָבן פּאַקטיש נישט קיין לעבנס־אידעאַלן, זיי ווילן בלויז צו רואיק, זאַט, אָנגענעם לעבן פאַר זיך. זיי זיינען אין זייער מהות אַנטי־געזעלשאַפטלעך. און אַזוי אייגנטלעך זעט אויס דער העלד פון ערשטלינג־ראָמאַן ביי דוד מיצמאַכערן, וועלכער געפינט זיך ביי זיין אַריינקום אין דער ליטעראַטור (1924 י.) אונטער דער דירעקטער השפּעה פון דער נאַטוראַליסטישער ריכטונג. שוין דער עצם נאָמען פון ראָמאַן „אויפן ברוק” דערמאָנט אין א. מ. פוקס „אונטערן בריק”, „אויפן בערגל”... די מענטשן זיינע זיינען לייכט אויף גוטס, ווי אויף שלעכטס, מערער — אויף געפאַלנקייט. גאַלפּער דאַרף פאַרקערפּערן אין זיך די טראַגעדיע פון אַ פּראָלעטאַריער אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין דער ווירקלעכקייט האָבן מיר פאַר זיך אַ לומפּן־פּראָלעטאַריער.

איבערן גאנצן בוך הענגט אַ שווערע כמארע, די כמארע פון פערס־פּעקטיוולאָזיקייט, אַרבעטלאָזיקייט, גרענעצלאָזע נויט און מענטשלעכע געפאלנקייט. עס פּרווט אָבער שוין דאָ מיצמאכער זוכן ליכטיקע שטריכן ביי דעם אַרבעטלאָזן גאַלפּער, ווען דער מחבר זעט זיי אָבער נאָך אַליין נישט, מוזן זיי אַרויסקומען בלאַס און נישט איבערצייגעוודיק. וואָס עס איז יאָ שטאַרק און געלונגען אַרויסגעקומען ביים דעם יונגן מיצמאכער זיינען די שילדערונגען פון די אַרבעטלאָזע־דעמאָנסטראַציעס, די בילד־לעך אין אַרבעט־פּאַרמיטלונגס ביוראָ. אַלזאָ, עס מערקט זיך גלייך אַ נייגונג צו אַ בולט סאָציאַלער טעמע און אַן אומפּעיקייט זי צו פּאַרטיפן, ריכטיק באַנעמען און במילא אַרויסברענגען קינסטלעריש. אַזאַ איז דער סך־הכל פון ערשטן גרעסערן ראָמאַניסטישן פּרווו. אָבער דאָס רעאַליס־טישע, וואָס רייסט זיך דאָ און דאָרט אַדורך אין זיין בוך, די פעיקייט אויפצוכאַפּן באַשטימטע סצענעס פון דער העמלטיקער ווירקלעכקייט, דאָס ווייזן ווי אַזוי די קאַפּיטאַליסטן טראַקטירן דעם אַרבעטער ווי סחורה; דאָס ווייזן די נאַציאָנאַלע באַציונגען, די עקסטערמינאַציע, וואָס עס קומט נאָך דערצו אויס אויסצושטיין דעם יידישן אַרבעטער, האָט געע־דותט אויף רוד מיצמאכערס סאָציאַלע פּאַראַינטערעסירונגען.

ר. מיצמאכער גייט איבער צו דער „טריבונע"־גרופּע. און אָט זעען מיר דעם פּראָצעס פון אידעיישער און קינסטלערישער רייפונג, ווי שווער עס איז דעם שרייבער גובר צו זיין אין זיך די רעשטלעך פון נאַטוראַ־ליזם און באַנעמען דאָס לעבן ווי אַ רעאַליסט.

אין די נאָוועלן: „אין קלעם", „די קאַפּעליע", „שמאַטע־קלויבער" געפינט זיך נאָך מיצמאכער גאָר שטאַרק אונטער דער השפּעה פון דער בורזשואַזער עסטעטיק. עס איז דאָ נאָך אויך פאַראַן דאָס שלאָגן אויף דעם פּרימיטיוון אינסטינקט און אויף דעם רויען, אָבער די הימלען ווערן שוין לויטערער. אין דער נאָוועלע „שמאַטע־קלויבער", צווישן די מענטשן פון סאָציאַלן דעק, באַמערקט ער שוין אמתע, צאַרטע ליבע, טיפע מענטשלעכקייט און גוטסקייט. אין די נאָוועלן הייבט זיך אָן אַנטפּלעקן מיצמאכערס געזונטער חוש פאַר הומאָר. — אַ שטריך, וואָס וועט זיין פולן תיקון באַקומען אין זיין קינסטלעריש רייפסט ווערק „מענטשן".

עס וואָלט נישט שווער געווען אַנאַליזירן נאָוועלע נאָך נאָוועלע און באַווייזן, ווי אַזוי די השפּעה פון דער רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגיע באַווירקט דעם שרייבער, וועלכער וואַקסט קינסטלעריש. אין די נאָוועלן „יאַנקל וויטיבקער" און „צוריקגעקומען" איז שוין נישט פאַראַן דאָס אָביעקטיוויסטישע שילדערן, עס איז שוין פאַראַן די אַקטיווע שטעלונג פון

שרייבער צום בייז, עס מערקט זיך שוין, אז דער שרייבער שטעלט זיך אויף פעסטע קלאסן־פאזיציעס. אומדירעקט און פאפיריק זעט אויס דער „קודלאטער", וואס אגיטירט פאר דער עמאנסיפאציע אין „אויפן ברוך", איצט איז שוין דער שרייבער אליין דער מאנער און וועקער קעגן סאציאלער אומרעכט, קעגן דעם ציניזם און אכזריות פון קאפיטאל. „יאנקל וויטיבסקער" האט א גאנצן לעבן געהארעוועט און איז געבליבן אויף דער עלטער, ווען די כוחות האבן אים פארלאזן, ארעם און עלנט. און דער באלעבאס, וואס האט זיך פון זיין שוויים, פון זיין בלוט א לייכט און רייך לעבן געמאכט, דאנקט אים אפ אזוי, ווי א קאפיטאליסט איז פעיק: ער ווארפט אים ארויס ווי אן אפגענוצטן בגד, ווי א שמאטע. אין דער נאוועלע „צוריקגעקומען" האבן מיר א יונגן מענטש, וואס איז פארטריבן געווארן אויף דער מלחמה פארטיידיקן „דאס פאטערלאנד", וואס איז פאר אים, דעם ארבעטער, גיכער געווען א בייזע מאטשעכע. און אט קומט ער, דער, מיט וועמענס בלוט די קאפיטאליסטן האבן אונטערגעצויגן זייערע אימפעריאליסטישע חשבונות, א בלינדער. זימל איז בלינד אויף ביידע אויגן, אבער אין דעם פאבריקאנטס גרייטקייט אים צו געבן... א נדבה און נישט קיין באשעפטיקונג, דערזעט ער שוין זייער פיל. ער, צוזאמען מיט די אנדערע אינוואלידן, נעמט זיך אדורך מיט די אידייען פון קאמף. יאנקל וויטיבסקער איז צו אלט, בכדי אויפצוהייבן א קאמף, ער איז נאך ווינציק באוווסטזיניק און ער באגייט זעלבסטמארד, זימל און די חברים באשליסן צו לעבן. אין ביידע פאלן זיינען דורך דעם מחבר די האנדלונגען טיף סאציאל באזינט געווארן און מאכן א שטארקן איינדרוק מיט זייער פאליטישער אויססאפראך און רעאליסטישער שילדערונג. וואס אן אמת פעלט נאך אין די דערציילונגען דער אינערלעכער אפטימיזם, עס איז אבער אויך שוין נישט פאראן דער דריקנדיקער פעסימיזם פון דוד מיצמאכערס פריערדיקע שאפונגען.

א נאך ווייטערער שריט אין דער ריכטונג פון אראפוואַרפן די נאטוראליסטישע ירושה איז זיין גרעסערע ארבעט „מענטשן".

בכלל איז כאראקטעריסטיש פאר די שרייבער פון נאטוראליסטישן שניט דאס, וואס דאס שלעכטס האט ביי זיי א קאסמישן כוח. דער קאפיטאליסט, ווען ער ווערט געשילדערט, איז די פארקערפערונג פון אלמעכטיקייט, פון ביטערקייט און געשיקטקייט, אויך אין דעם דריקט זיך אויס דער פעסימיזם פון די נאטוראליסטן. ביי מיצמאכערן איז דאס סאמע נייע און דערפרייענדיקע דאס, וואס ביינאנד מיטן ארויסברענגען דעם וווקס פון באוווסטזיין ביי די קליינבירגערלעכע אנגעשטעלטע, דאס טראקטירן די באלעבאטים, ווי נישטיקע, קליינע ברואימלעך, ווי פשוטע

געלט, כבוד און זכות־גיריקע זשוליקעס. די אָוסיים און פּלינטס זעען אויס אזוי נישטיק און קליין, זייער מאכט אזוי עפעמעריש, זייער גאַנ־צער מאָראל אזוי דורכגעפוילט, זייער לעבן אזוי פּוסט, אַז זיי טראָגן ווי אליין ארויס איבער זיך דעם אורטייל.

האָבן זיי געכיטרעוועט די באַלעבאַטים, האָבן זיי, די אָוסיים, זיך צוגעקליבן אָנגעשטעלטע, „עבדים", פון די אָפּגעשטאַנענסטע, קליינביר־גערלעכע שיכטן, פון געוועזענע יורדישע משפּחות, שטיקלעך קרובים און אזוי ווייטער („ער האָט געוווסט, ווי זיך „עבדים" איינצושאפן"). אָבער אפילו ביי דער אָפּגעשטאַנענער גרופּע פון ארבעטער־קלאַס, ביי די האַנ־דלס־אָנגעשטעלטע, וואַקסט דער באַוווסטזיין, וואַקסט דאָס געפיל פון ארבעטער־סאָלידאַריטעט, און עס קומט אפילו צו א שטרייק. דערביי איז דאָס גאַנצע רעפּאָרטאַזש־אַרטיקע ווערק אדורכגענומען מיט א זיגערישן אָפּטימיזם, מיט אזויפיל גלויבן אין די כוחות פון פּראָלעטאַריאַט און אזא ביטול און האַס צו די געלט־זעק, די סוחרישע, צו זייער גאַנצער פּי־רונג און זיטלעכקייט, אַז דער הומאָר, וואָס באַלויכט דאָס בוך, ווערט אַסאָציאירט מיט באַפרייונג. ס'איז דאָס באַפרייטע געלעכטער פון „מענטשן", וואָס ווערן מענטשן באַוווסטזיניקע, וואָס הייבן אָן באַגרייפן דעם זין און ווערט פון דער באַלעבאַטישער „אָפּיעקע" און זייער פּאַר־לאַנג אָנטקעגנשטעלן איין ארבעטער קעגן צווייטן.

„מענטשן" — איז במילא א גלענצנדיקער, רעאַליסטישער דאָקו־מענט פון אָנוואַקסנדיקן קלאַסן־קאַמף אין דער יידישער סביבה, איז א דאָקומענט פון אידעאָלאָגישן וווקס פון מחבר גופא. ווייל דאָס בוך ווייזט, אַז שטייענדיק נאָענט צו דער „טריבונע"־גרופּע האָט מיצמאַכער אויס־געקלאָרט זיין באַוווסטזיין, זיך בהדרגהדיק באַפרייט פון דעם נאַטוראַליזם, און אָנגעהויבן קוקן אויפן לעבן מיט גלויבנפולע אויגן, מיט דער זיכער־קייט אין זיג פון דער ארבעטער־זאַך, און אין אומפאַרמיידלעכן אומ־קום פון די פּלינטס און אָוסיים.

אלזאָ, נישט קיין פּאַסיווע קרבנות, קיין אויסזיכטלאָזע, דערזעט מיצ־מאַכער, נאָר ווי אזוי עס וואַקסט דער באַוווסטזיין און קאַמפּס־ווילן ביים ארבעטס־מענטש. און אויב אין אזעלכע שאַפונגען, ווי „אויפן ברוק", און דער עיקר „שמאַטע קלויבער" און „די קאַפּעליע" איז צו זען דעם גע־ראַנגל צווישן רעאַליזם און נאַטוראַליזם, איז שוין אין „מענטשן" פאַראַן א דעצידירטער זיג פון רעאַליזם.

דער באַדייט פון מיצמאַכערס שאַפן באַשטייט במילא דערין, וואָס ער האָט באַוויזן אַרויסצוברענגען לעבעדיקע בילדער פון לעבן אין פאַר־מלחמהדיקן וואַרשע, און דעם אויפוואַכנדיקן באַוווסטזיין ביי מענטשן

פון פּראָלעטאַריזירטן קליינבירגערטום, בילדער פון אַרבעטלאָזיקייט, אַנ־טיסעמיטיזם און עקספּלואַטאַציע אויף דער יידישער און נישט־יידישער גאַס.

אין דער פּערזאָן פון דוד מיצמאַכער האָט אונדזער ליטעראַטור אין פּוילן פאַרלוירן אַ טאַלענטירטן פּראָזאַיקער, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע פאַנאַנדערשפּרייט פון זיינע שעפערישע פליגל. די היטלעריסטישע בעסטיע האָט איבערגעשניטן די פּלענער פון דוד מיצמאַכער, וועלכער האָט, געפינענדיק זיך אויף די באַפרייטע געביטן פון ווייסרוסלאַנד, געפּלאַנעוועט צו געבן גרויסע פאַראַלגעמיינערנדיקע לייוונטן. און טראָץ זיין פאַרהעלטנישמעסיק נישט גרויסן שרייבערישן איבערבלייב, איז זיין שאַפן און דער עיקר די לעצטע נאָוועלן און „מענטשן" פון וויכטיקן דער־קענטעניש־ווערט און דאַרף צוגעטראָגן ווערן אונדזער הייניטיקן יידישן לייענער.

לאָדזש, 1949 יאָר.

# לידער פון עקזאַלטירטער ליבע

(וועגן דאָרע טייטלבוימס „הימל און ערד")

עס זיינען פאַראַן ליטעראַרישע דערשיינונגען, וואָס לאָזן זיך באַין אופן נישט איינסדרן דורכן קריטיקער אין די אַלגעמיין־אָנגענומענע קונסט־קאַנאָנען. עס זיינען פאַראַן שרייבער, וואָס קאָנען זיך בשום־אופן נישט האַלטן ביים קאָנוועַנציאָנעל־שיינעם. פרעגט זיך: צי זיינען דאָס דער־שיינונגען באַרעכטיקטע? צי מעג ווירקלעך אַ קריטיקער אָפּטרעטן פון די אָנגענומענע עסטעטישע נאָרמען? אָדער דער דיכטער פון די אַלגעמיין־גילטנדיקע נאָרמען פאַר „דאָס שיינע"? אומבאַדינגט יאָ. דער קריטיקער איז עס מחויב צו טאָן דעמלט, ווען די נאָרמען זיינען אַ העמונג, אַ שטער־רונג ביים באַנעמען דאָס איינגאַרטיקע און נייע, אייגנטימלעכע, וואָס דער דיכטער ברענגט אריין; דער דיכטער ווידער איז באַרעכטיקט פאַרבייגן געוויסע אָנגענומענע באַגריפן וועגן ליריק, צי עפּיק, צי צמצום אין דעם פאַל, ווען די אָפּווייכונגען זיינען, צי זיין באַרעדעוודיקייט, איז נישט קיין רעזולטאַט פון אומבאַהאָלפנקייט, פון נישט קאָנען געפינען דאָס אַדעק־וואַטע וואָרט, בילד און פאַרגלייך, נאָר איז אַ רעזולטאַט פון זיין־באַוווסט־זיניקער איינשטעלונג, קומט פון אינעווייניק און אַלס רעזולטאַט פון באַ־זיניקטער צילגעווענדקייט און גויטווענדיקייט.

מיר פאַרנעמען זיך דאָ מיט ריין־פאָרמעלע באַטראַכטונגען, און ווי יעדער באַהאַנדלונג פון דעם מין האָט זי גלייך דעם גרונט־חסרון, וואָס זי באַטראַכט נישט איינציק די טעמע, דעם אינהאַלט, דאָס, וואָס פאַסיאָנירט דעם דיכטער. אָבער ווען מיר זאָלן אפילו אריינגעמען און גלייך באַטאָנען, אַז דער דיכטער „איקס" דריקט אויס זיינע הייסע ליבע־געפילן, זיינע קאַמפּסדרופן א.א.וו., וואָלט עס אַלץ נישט געמיינט, אַז דער דיכטער דאַרף די גאַנצע צייט שטיין צ. ב. מיט אַ האַנט ביים האַרצן און שרייען: „אַ!" „אָ!" „אוי!", דאָס וואָלט נאָר באַדייט, אַז די באַטרע־פנדיקע טעמע האָט אַ שטאַרקע עמאָציאָנעלע אונטערלאַגע. אָבער לגמרי נישט, אַז זי מוז דערביי אויך זיין פאַטעטיש, שרייאיק, ווייל, ווי באַוווסט, געשריי פאַרטויבט...

דער אויספיר, וואָס מיר ווילן פון אָט־די פּאָר גענוג אַבסטראַקטע באַטראַכטונגען מאַכן, איז, אייגנטלעך, אַ ביז גאָר קאָנקרעטער: עס דראָט אַ גרויסע געפאַר יענעם קריטיקער, וואָס האַלט זיך נישט אויפן קאָנקרעטן באָדן פון באַטרעפנדיקן שאַפן, וועלכן ער אַנאַליזירט, און קאָן נישט אין דעם גופא געפינען דאָס אינהאַלטלעך נייע און כאַראַקטעריסטישע, באַשטימען, ווי ווייט די פאָרם אַנטשפּרעכט אָט־די דיכטערישע אינהאַלטן, וואָס ווערן אין דעם באַטרעפנדיקן בוך פאַראויסערט, ווי ווייט זיי זייַנען צייטלעך אַנדערש באַדינגט און באַרעכטיקט.

די אַלע געדאַנקען און באַטראַכטונגען האָבן זיך אויגדז אָנגערוקט בעת מיר האָבן געלייענט דאָרע טייטלבוימס „הימל און ערד", ווי אויך דאָס פריערדיקע בוך פון אָט דער דיכטערין „אינמיטן וועלט".

וואָס מער דו לייענסט זיך אַריין אין דאָרע טייטלבוימס לידער, אַלץ איבערצייגסטו זיך שטאַרקער, אַז די דיכטערין ווייסט אויסגעצייכנט דעם סוד פון צמצום אין ליריק (אַ באַווייז איר פּרעכטיק־געשליפענער ציקל ליבע־לידער „פון מיר צו דיר") און דאָך באַמערקסטו, ווי לייכט און ווי אָפט די דיכטערין לאָזט זיך אויף די גענוג דיכטעריש־גליטשיקע וועגן פון נאַראַציע, פּאַטעטיק, אַלעגאָרישע, היפּערבאָלישע און סאַרקאַסטישע צומישונגען אין איר ליריק. זאַכן, וואָס פון ריין פאָרמעלן שטאַנדפּונקט פאַרמינערן זיי גאָר היפּש דעם קינסטלערישן אויסדרוק פון איר ליד. דאָך, נישט געקוקט דערויף, דערפילן מיר אין דאָרע טייטלבוימס ליד אַ גרויסן באַצווינגענדיקן כוח, וואָס מאַכט אויפברויזן אַ צעפּייערט געמיט, וואָס צעשמעלצט און רייסט מיט. אַלזאָ, עס איז פאַראַן ביי דער דיכטערין אַזוינס, וואָס איז עפּעס ווייניקער און פיל מער ווי אַ גוט־געשליפן ליד; אַזוינס, וואָס קאָמפּענסירט אין אַ היפּשער מאָס די פאָרמלעכע „נישט אויסגעהאַלטנקייט" פון ליד אין זין פון נישט אויסמיידן די שרייַאיקייט, עקסצענטרישקייט און איבערגעטריבענע פּאַטעטישקייט. דאָס קומט דערפון, וואָס ביי דאָרע טייטלבוים איז די דיכטונג — דער מענטש אין פולן זין פון וואָרט. און במילא האָבן מיר דאָ נישט צו טאָן מיט קיין פּאַפּירענעם פייער. דער הומאַניזם, דער גלויבן אין זיג פון די כוחות פון ליבע און שלום, ווי דער האַס צו די אימפּעריאַליסטישע מלחמה־העצער איז דאָ אָן אינערלעכער, טיפער, אָרגאַנישער און רעדט אַראָפּ מיט עכטקייט פון יעטוועדער שורה, פון יעטוועדער סטראָפע.

דאָרע טייטלבוימס שאַפן איז ווי אַ פּייער־מאַסע, וואָס טראַכט נישט וועגן דעם, ווי אַזוי עס וועט זיך אויסגיסן: צי ס'וועט אָננעמען די געטאָקטע פאָרם פון אַן איידל־שטיין, צי די פאָרם פון באַרג־סטיכיע. זי פאַרמאָגט אָבער איןביידע פאַלן אורקראַפט...

בערעזע, בערעזע איך וויל פאר דיר שפּילן.
א פלייט איז מיין הארץ און איך קאָן עס נישט שטילן.
עס רייסן זיך לידער, ווי פייגל פון שטייגן
און לאָזן נישט רוען און לאָזן נישט שווייגן...

דאָרע טייטלבוימס שאפן נעמט זיך טאקע פון נישט קאָנען שווייגן און פארשווייגן. זי איז הייס, אימפולסיוו, מיט צעפיבערטע געבליטן און אויגן פארקוקטע, פארבענקטע אין באפרייטן מאָרגן פון איר ווינלאנד אמעריקע. די דיכטערין ווייסט ווו זי געפינט זיך. זי ווייסט אויך ווהין עס שלעפּט די מענטשהייט דער אומעריקאנער אימפעריאליזם און דעריבער שפּריצט מיט גאליקן חוזק פון איר ליד, ווען זי רעדט וועגן די ליטעראַרישע כוהנים פון אמעריקע, ווי וועגן צביעותדיק „פרומע קוקאוווקעס", וואָס זינגען מיט אן „אלטן גסיסהדיקן ניגון" אנטמוטיקנדיקע לידער.

טייטלבוים פארטראַגט נישט אזעלכע דיכטער, זיי זייגען איר אי פרעמד אי דערווידער. פרעמד אידעאָלאָגיש, ווייל זיי ציען דאָס פאָלק אויף צוריק, פארנעפּלען זיין גאנג; קינסטלעריש — ווייל עס טראָגט פון זיי מיט שימל און בית־הקברות. זי צעציינדט שרפות, זי רופט, וועקט דאָס פאָלק, דערמאָנט און וואָרנט וועגן די לויערנדיקע געפאַרן, ווייזט די רעזולטאטן פון פאשיזם דורך די שילדערונגען פון די חרובע היימען אין פוילן. „ווערט ריכטער איבער אייערע וועלף" — רופט זי, „לאָזט זיך נישט פארזינקן אין אבלות" — מונטערט זי, „געדענקט, אז דער אמת איז אומבאזיגבאר און עס וועט קומען די שעה פון נצחון איבער די כוחות פון בייז און מלחמה" — טרייסט זי און לערנט. און אין דעם שטעקט דער ווערט און פלואיד פון איר ליד.

א פעסטער, אומגעבראָכענער גלויבן און רעוואָלוציאָנערע אנטשלאָסנקייט איז ארויסצולייענען פון טייטלבוימס שורות. ווען די דיכטערין בארירט די טעמע פון חורבן, פון דער נאַציאָנאַלער קאטאסטראָפע, פאלט זי נישט אריין אין איכה־טענער, נאָר נעמט אויף מענעריש דעם וויטיק און טרייסט זיך מיט דעם טרוים, וועלכער באזירט זיך אויף א געזונטן יסוד: זי טרוימט נעמלעך, אז „אזוי גרויס ווי דער חורבן וועט זיין דער צוויט".

איך וועל שטיין אויף די חורבות און רייסן די סטרונעס,
ביז א קוואל וועט אַ זינג טאָן אין דורשטיקע ברונעמס,
כ'וועל שפּילן און שפּילן פון זיג און פון גלויבן
ביז ס'וועט מיין שטאָט זיך פון חורבות דערהויבן.

(„איך שפּריז אויף די חורבות פון מיין שטאָט")

דאָרע טייטלבוים איז אַ דיכטערין פון עקזאַלטירטער ליבע, ליבע אין אירע אַלע אַספּעקטן: אינטימע, געזעלשאַפטלעכע, נאַציאָנאַלע, מענטש־באַפרייעריש־אינטערנאַציאָנאַליסטישע, דאָס איז אַ דיכטערין פון נאָכאַנאַנדיקער ברענונג, גליונג, פיבער. און אַזאַ געמיט־צושטאַנד דערלויבט נישט אויף דער קאַלטער באַזאָכטקייט פון אַ דימענט־שלייפער... דאָ האָבן מיר בכלל צו טאָן מער מיט אימפּראָוויזאַציע ווי מיט ליד.

דאָס אימפּאָנירנדיקע איז במילא דער פייערדיקער הויך, דאָס צעפּי־בערטע הארץ, וואָס קוקט אַרויס פון אונטער די שורות. אַלזאָ, נישט קיין גאַנג אויפן וועג פון לייכטן ווידערשטאַנד זעען מיר דאָ, נאָר אַן אָנ־שטרענג און נשמה־באַדערפעניש דאָס סאַמע אַקטועלע, פּאָליטישע, סאָ־ציאַלע, ווי עס האָט נאָר אַ שלאָג געטאָן אין דמיון און אין געמיט, גלייך צו פיקסירן, אַנקליידן אין דער פאָרם פון דיכטונג. געהעכט איז דעריבער דאָרע טייטלבוים אין איר פּעסטשטעלונג, אַז „גרינג איז פליען אין די בלויע הויכן" פון טרוים, פון אויסאימאַגינירטע וועלטן, ווייל „עס האָט קיינער נאָך די הימלען נישט געשמידט". אויף דער ערד פון לינטש און עלעקטרישן שטול צו זיין אַן אָדלער, צו זיין אַ שטורעם־פויגל, איז פיל, פיל שווערער... און זי גייט צום שווערן, זי גייט זוכן אין „פּלאַם פון וועלט" „דאָס זיגרייך ליד".

דאָרע טייטלבוימס לידער אָטעמען מיט טיפן גלויבן און ליבע צום מענטש, צו גערעכטיקייט, אָבער קאָנען שטאַרק ליב האָבן הייסט איינ־צייטיק קאָנען הייס, פלאַמיק האַסן. און די דיכטערין האַסט אָט די, וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטלעך אין אַמעריקע פאַר דער לאַגע, ווען „דער מענטש איז נאָך אַ קנעכט אין דעם איינגענעם געצעלט", ווען דער אַמעריקאַנער אַרבעטער האָט נאָך פאַקטיש קיין פאָטערלאַנד נישט. און עס פינקלט, לויכט, וואַקסט דער גלויבן ביי דער דיכטערין, וואָס ווייסט די אייזערנע געשיכטלעכע דיאַלעקטיק, אַז דער קאַמף, דער שווערער און פאַרביסענער קאַמף מיט די טרעגער פון ווילדקייט און טויט וועט זיך ענדיקן זיגרייך. און זי דריקט אויס דאָס געפיל פון די באַוווסטזיניקע קעמפער, פון די פּראָגרעסיווסטע שיכטן אין איר לאַנד, ווען זי זאָגט „אַלע מיינע נעכטנס זיינען שטיגן".

עס פאַלן טעג ווי געלע בלעטער,
נאָר קיינער ווייסט נישט ווען ס'איז הארבסט.
דער ווער ס'לעבט, קעמפט און קלעטערט,
ווייסט נישט ווען אַ רגע שטאַרבסט...

יאָ, די, וואָס זיינען „אַדלערס, ווו ס'איז אַן אָדלער זיין כדאי", — אין דער וועלט פון קאמף מיט די כוחות פון מלחמה, אַט די, וואָס שטרעבן פאָרויס, זעען נישט ווי עס שטאַרבן די רגעס, קומערן זיך ווייניק וועגן זייער אייגענער פאַרגאַנגלעכקייט, ווייל זיי פילן זיך ווי א טייל פון דער פילמיליאָניקער מענטשן־מחנה אין איר דיאַלעקטישן באַרג־אַרויף, וואָס שטאַרבט קיינמאָל נישט.

עס איז ממש רירנדיק און אייגנציימיק מיטרייסנדיק די טיפע ליבע צום לעבן, וואָס קומט אויף אין דאָרע טייטלבוימס ליד:

א וועלט, ווען איך זאָל לעבן טויזנט יאָר,
און נעכטיקן זאָל טאָג ביי מיר אין הויף,
מיין יעדער טרוים זאָל ווערן לויטער וואָר —
וועסטו נאָך אַלץ מיר בלייבן א בעל־חוב.

(„נאָך א יאָר")

אָדער:

איך וויל מיט וואַלד ווערן א צווילינג.
טרינקען טוי, ווי פרישן ביר.
איך וויל איינשלינגען דעם פרילינג,
און זאָלן פייגל ארויסזינגען פון מיר.

* * *

איך שטעל זיך אָפּ אויף דער אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק פון די מאָטיוון, שטימונגען און שרייב־אופן פון דאָרע טייטלבוים, קוק זיך צו צום ספּעציפישן פאַר איר דיכטער־וועג און ווי פון מיין זע־פעלד פאַלט אַרויס דאָס אמעריקאַנישע, וואָס איז אין אירע זאַמלונגען יאָ פאַראַן און װעלכע וואָלטן באַדאַרפט קודם־כל באַטראַכט ווערן. דאָס נישט אונטער־שטרייכן די אמעריקאַנישקייט פון דאָרע טייטלבוים, נישט געקוקט דערויף, וואָס גראָד אין דעם לאַנד לעבט זי און האָט די גרעסטע טייל פון איר לעבן פאַרבראַכט, איז אָבער נישט קיין צופאַל: איך זע עס שוואַך ביי דאָרע טייטלבוים. און נישט בלויז דערפאַר, ווייל א גאַנצע ריי לידער, אפשר די מערהייט לידער פון דער נייער זאַמלונג זיינען געווידמעט דער אַלטער היים: אויטאָביאָגראַפישע מאָטיוון, אינטימער ליריק, דערינערונ־גען וועגן חרובן פוילן, לידער פון נאַציאָנאַלער פּיין, און אזוי ווייטער, נישט דערפאַר! איך רעד נישט וועגן דעם אמעריקאַנישן, ווייל עס איז אין דעם בוך פאַראַן ווייניק רעאַליען פון אמעריקאַנער לעבן, ווייל סיי די מעטאַפאָריק, סיי די פאַרגלייכן און בילדער זיינען נישט גענוג אַמע־ריקאַניש אפילו אין די אמעריקאַנער מאָטיוון. דאָס איז א וויכטיקער מאָג־

קאמענט, ווייל מיר ווילן פון דארע טייטלבוים קודם־כל זען בילדער פון קלאסן־געראנגל, פון קאמף אין אמעריקע, מיר ווילן זען די אמעריקאנער קאנטראסטן, נישט די שטימונגען בלויז, וואס די דיכטערין האט לגבי די פאר־פינצטערער פון לעבן, נאר לעבעדיקע דערשיינונגען, פאקטן און געשטאלטן. די, וואס די דיכטערין האט אונדז ביז איצט אין איר שאפן געוויזן, זיינען נישט די סאמע טיפישע און רעפרעזענטאטיווסטע פאר־שטייער פון אמעריקאנער פראלעטאריאט.

פארשטייט זיך, אז אזעלכע לידער, ווי די, וואס מיר לייענען אין „הימל און ערד" האבן געקאנט אויפקומען אין א ווירקלעכקייט פון פארשארפטע סאציאלע קאמפן, אויף אן אנגעגליטן באדן, אבער אזעלכע באדנס זיינען נאך פאראן היפש אין דער וועלט און עס מוז נישט זיין אמעריקע און אונדז אינטערעסירט קודם־כל צו זען ביי דארע טייטל־בוים דאס לאנד, ווו זי לעבט און קעמפט צוזאמען מיט טויזנטער און טויזנטער אנדערע זין פון פאלק פאר דער באפרייונג. איבעריקנס, איז פאראן א באשטימטער קען־צייכן, וואס איז אלע מאל מאסגיביק ביים פעסטשטעלן דעם באדן פון וואנען דער דיכטער שעפט זיינע זאפטן און קראפטן: די שטעלן, לידער, מאטיוון, וואס זיינען אמשלימותדיק, די שטעלן, ווו אלע פאטענצן פון שרייבער קומען צו זייער פולסטן אויס־דרוק. און ביי דארע טייטלבוים זיינען גראד די לידער, וואס שטעקן אין דער אלטער היים, די אינטימע לירישע, וואס זיינען לויט זייער מהות „עקסטעריטאריאל" — די סאמע שטארקסטע.

אט דער מאנקאמענט, וואס איז באשטימט א גאנץ וויכטיקער, האט אבער פאר אונדז דא אין פוילן א געוויסע מעלה: די בילדער און פאר־גלייכן א דאנק דער נאענטקייט פון מיליע איז אונדז נעענטער און לייכ־טער אויפצונעמען, רעדן צו אונדז אוממיטלבאר, און אויף וויפל זיי זיי־נען באהויכט מיט טענער פון קאמף, מיט אפטימיזם און גלויבן ווערן זיי אונדז נאך וואָרנעמלעכער, אינטימער.

דאס נייע בוך פון דארע טייטלבוים איז אן שום ספק א וויטערער באדייטנדיקער שפאן פאָרויס אין איר דיכטער־וועג, און זי אנטפלעקט אלץ דייטלעכער אירע מעגלעכקייטן צו צייכענען ברייטע לייוונטן, ארויס־ברענגען טיפע אינטימע געפילן, אנקליידן אירע געדאנקען און געפילן אין עכט־פאעטישן אויסדרוק. עס איז קלאר, אז וואס ווייטער וועט די דיכ־טערין זיך מער און מער באפרייען פון דעם זינגענדיק־לידלדיקן ביים ארויסהייבן סאציאלע טעמען, וועט אביסל שפארזאמער זיין מיטן פאטע־טישן „א, וועלט", וואס חזרט זיך אביסל צו אפט איבער, וועט זיין

שפּראַזאַמער מיטן וואָרט, לויטן לעניניש־ן פּרינציפּ, אַז דעם וואָרט זאָל זיין ענג און די גערענקען און געפילן — אַ רחבות, זי וועט עס טאָן, ווייל די ביז גאָר אויסדרוקספולע ליחער, וואָס זיינען צעוואָרפן איבערן בוך, איר שאַרף אויג, איר פעיקייט זיך אָפּצורופן אויף אַקטועלע דערשיי־נונגען, איר טראַקטירן דאָס דיכטערישע וואָרט ווי אַ קאַמפס־געווער, זיינען אַ גאַראַנטיע, אַז די דיכטערין וועט אַוועק אויפן וועג פון אידעי־שער פּאַרטייפונג און קינסטלערישער פאָלקאָמונג פון וואָרט. אין דעם פּרט איז דאָס בוך „הימל און ערד" אַ ביז גאָר וויכטיקער און וואָגיקער אָנזאָג.

דאָרע טייטלבוים ווייסט די וויכטיקייט פון אַקטיווער אַריינמישונג אין די דערשיינונגען פון לעבן, פון קאַמף, און אַ גאַנצע ריי שאַפונגען אירע זיינען אָן שום ספק דאָקומענטן פון דער צייט פון זיגרייכן פאַר־ענדיקן פון דער בלוטיקסטער און גרויזאַמסטער מלחמה אין דער גע־שיכטע, פון דער מלחמה מיט דער פאַשיסטיש־היטלערישער בעסטיע, זי שטייט אויך מיט אַן אָפן אויג, און צעוויטיקט, דערצאָרנט האַרץ, פּנים אל פּנים מיט די מלחמה־צוגרייטונגען פון די היטלערישע נאָכ־פאָלגער אין איר לאַנד. און פאַרשטייענדיק די נסיונות, פאַר וועלכע עס שטייט אַ מענטש פון קאַמף מיט די כוחות פון אימפּעריאַליזם אין אַמע־ריקע איז אונדז טאָפּלט ליב צו הערן אַזעלכע ווערטער פון פעלדזן־פעסטקייט און אומגעבראָכענעם אָפּטימיזם:

איך בין פּאַרעקשנט ווי דער קוואַל,
וואָס ראַנגלט זיך מיט שטיינערנעם גראַניט.
איך הויב זיך אויף נאָך יעדן פאַל,
און זינג נאָך הילכיקער מיין ליד.

אָט אַזוי רעדן קאָנען נאָר מענטשן, וואָס זיינען איבערציייגט אין דעם זיגערישן ענדציל, און דאָס זעלבסט־כאַראַקטעריזירנדיקע פון דעם ליד קאָן דאָ ווייט אויסגעברייטערט ווערן אויף די אַלע געוואָגטע, וואָס שטייען פעלדזן־פעסט אין די רייען פון קאַמף מיט די כוחות פון מאָרד און גזילה, אויף אַלע, וועמען עס געהערט דער מאָרגן.

אין סך־הכל: אַ דיכטערין פון גרויסע מעגלעכקייטן, מיט לויטערע שעפערישע פּערספּעקטיוון און פעסטן קאַמפס־ווילן.

לאָדזש, 1948 י.

# לייב מאָרגנטויס קינדער־לידער

עס הערשט נאָך ביי פיל שרייבער די איבערצייגונג, ריכטיקער דער פאָראורטייל, אז קינדער־ליטעראטור איז עפּעס א מין נידעריקער זשאַנר. זייער אָפט קאָן מען הערן אזא מיינונג: „דאָס ליד, צי די דערציילונג איז זייער שוואך, נאָר פאר קינדער וועט עס טויגן".

נישטאָ קיין מער פאלשע איינשטעלונג! ווייל גראָד דאָס קינד שטעלט זייער גרויסע פאָדערונגען צום שרייבער.

אויב ביי דעם דערוואַקסענעם קאָן אויך אויסנעמען א ליד צוליב א געוויסן אינטערעסאנטן נייעם געדאנק, צוליב א באשטימטן געפילס־טאָן, וואָס עס טראָגט אין זיך, אויב פאר דעם דערוואַקסענעם איז די מוזי־קאלישקייט און דינאמישקייט פון ליד נישט קיין עיקר־קריטעריע, — איז עס נישט דער פאל מיטן קינדערישן לייענער. בכדי א ליד זאָל געפעלן דעם יונגן לייענער מוז עס קודם־כל זיין מוזיקאליש און דינאמיש, דארף עס פארמאָגן א לעבעדיקן ריטם, זיין בילדעריש און פארמאָגן א באשטימטן סיפור־המעשה, עס מוז זיך אין באטרעפנדיקן ליד עפּעס טאָן, עפּעס פאָרקומען. און ווי וויכטיק עס זאָל נישט זיין דאָס דידאקטיש־דערציערישע, דאָס באלערנדיקע, קאָן עס האָבן א תיקון בלויז דאן, ווען עס וואקסט ארויס פון חעם ליד, צי דערציילונג אָרגאניש און איז נישט קיין צוגעטראכטע פּאבולע, בכדי אדורכצוזעצן דעם אָדער יענעם די־דאקטישן פּאָסטולאט.

די קינדער־ליטעראטור נייטיקט זיך במילא אין פולווערטיקע קינסט־לערישע שאפונגען, אזעלכע שאפונגען, וואָס זאָלן זיין נישט נאָר אינטע־רעסאנט פאר קינדער, נאָר וואָס וועלן אויך גערן געלייענט ווערן דורך דערוואקסענע.

מארשאקס, טשוקאָווסקיס, צי מיכאלקאָווס שאפונגען אין רוסיש, יוליאן טווימס קינדער־לידער אין פּויליש ווערן געלייענט מיט אינטע־רעס נישט נאָר דורך די, פאר וועמען זיי זיינען געשאַפן געוואָרן, — דורך די קינדער — נאָר אויך דערוואַקסענע האָבן אמתן פארגעניגן פון

דער עכטער פּאָעטישקייט, צעזונגענקייט, שפּילעוודיקייט און לעבנס־פרייד, וואָס שטראָמט פון די לידער.

ל. מאַרגנטוי האָט אין די קנאַפּע אנהעדהאלבן צענדליק לידער פאַר קינדער, וואָס זיינען איצט דערשינען, באוויזן, אז אין דער ווייט־גרעסטער טייל האָט ער אָנגעשלאָגן אין דעם ריכטיקן טאָן, האָט אויפגעכאַפּט אינ־טערעסאַנטע מאָטיוון, זיי אָנגעקליידט אין דער געהעריקער פאָרם. א ריי לידער, — דער עיקר, וואָס שילדערן חעם טרויעריקן נעכטן, — זיינען ביז גאָר פאָלקסטימלעך, הומאָריסטיש, שפּילעוודיק, בילדעריש און פאַר־מאָגן א באַדייטנדיקן דערקענטעניש־ווערט.

דאָס פאָלקס־מעשהלע „דער שניידער און דער גביר" געהער אָן שום ספק צו די בעסטע מוסטערן פון אונדזער יידישער קינדער־ליטעראַטור. דער ווערט פון אָט־דעם רעאַליסטישן „מעשהלע" באַשטייט טאַקע דערין, וואָס דאָ איז גאָרנישט „צוגעטראַכט", וואָס די דיכטערישע נאַראַציע פליסט נאַטירלעך, די שפּראַך פון די העלדן איז עכט־פאָלקיש פון אָנהייב ביזן סוף און דערביי איז דער עצם־אינהאַלט פון מעשהלע עכט־פּאָעטיש.

לייבע דער שניידער, דער צעזונגענער „שער־און־אייזן"־מענטש, און דער נגיד, וואָס פאַרטראָגט נישט לייבעס פריידיק געזאַנג, ווי לייבעס ווייב — דאָס זיינען לעבעדיקע מענטשן; מענטשן, וואָס וואַקסן אויס דורך זייער שפּראַך און באַשעפּטיקונג. דער „אָרעם־רייך"־קאָנטראַסט איז געוויזן פּלאַסטיש און רעאַל, און דער עצם־אײנפאַל פון גביר אָפּצוקויפן ביי לייבען דאָס געזאַנג, ס'הייסט אים געבן געלט פאַרן פרייז פון אויפ־הערן זינגען „ליגט זיך אויפן שכל". אזוי אויך דער פינאַל, ווען לייבע וואַרפט אין פּנים אריין דעם גביר זיין רייכקייט און נעמט זיך צוריק צו זיין נאָדל־פאָדעם, פליסט לאָגיש ארויס פון העם גאַנצן גאַנג פון דעם מעשהלע.

פאַרוואָס איז לייבע איינגעגאַנגען אויף אוועקצוואַרפן די אַרבעט, אויפצוהערן זינגען? — דערצו האָט אים צוגערעדט זיין ווייב. ווען חער גביר, וואָס „האַלט גוראַלניעס אין אַרענדע, גיט הלוואות אויף פּראָצענ־טער"... וועלכער פאַרמאָגט „שאַפעס קליידער, גאָלד און קרעלן" ווענדט זיך צו לייבען מיטן פאָרשלאָג, אז ער וועט אים געבן א גרע־סערע סומע געלט און ער זאָל אוועקוואַרפן דאָס שניידעריי און דאָס זינ־גען, דערציילט דער שרייבער:

װייל דאָס לייבע גאָרנישט הערן,<br>נאָר זיין ווייב זי רעדט מיט טרערן:<br>„לייבע, זאָגט זי, טראַכט נישט לאַנג,<br>ס'איז פון הימל א געשאַנק!

זעסט דאָך, אז ס'איז גאָט א פּאָטער,
זיך אויף אונדז דערבארעמט האָט ער,
ס'איז מסתם אונדז אויך שוין צייט
ווערן מענטשן גלייך מיט לייט!"

טראכט זיך לייבע: אפשר טאקע?
אויב א נגיד א סאָבאקע
גיט אים געלט, פארוואָס־זשע נישט?
כ'בין שוין טאקע אלט און מיד!

די פאָלקסטימלעכקייט פון דעם פערסאָנאזש און זיין רייד־ארט גיט צו חן מאַרגנטויס קינדער־לידער. אויך דער ציקל, געווידמעט דעם „פעטער עליע" זיינען געהאלטן אין דעם זעלבן פּאָעטישן און געזונטן פאָלקסטאָן, הגם דאָ שטייט אין צענטער דער דלות־מאָטיוו און דער טרוים וועגן א זאט און פריידיק לעבן. ווייל אלץ, וואָס דער פעטער עליע פארמאָגט איז בלויז אין טרוים, ווייל אין דער ווירקלעכקייט „פאר־מאָגט ער, נעבעך, גאָרנישט"...

אָבער בייאַנאַנד מיט די לידער, וואָס ברענגען ארויס דאָס שווערע, טרויעריקע לעבן פון ארבעטס־מענטש בעת דעם קאפּיטאליזם, געפינען מיר אין אָט דעם ביכעלע לידער אויף היינטצייטיקע טעמעס און נאטור־בילדער.

נישט אלע לידער אין ל. מאַרגנטויס זאמלונג זיינען אין דער זעל־בער מאָס געלונגענע. ווען דער אויטאָר רעדט וועגן פעטער עליע, אז ער באנוצט זיך אָפּט „מיט רמז און משלים" איז עס פאר דעם שול־קינד, דעם יונגערן, פאר וועמען דער רוב לידער זיינען געשריבן, נישט פאר־שטענדלעך. עס טויג נישט צו רעדן מיט רמזים וועגן קאמף פאר שלום אין דער פאָרם פון „פעטער שלום". עס איז אויך צו אבסטראקט די רייד וועגן וועלף און שפּארבערס, ווי אויך, אז עפּעס „ווייסע פליגל" היטן אָפּ דעם קינדערישן חלום. נישט געקוקט אויף דער גוטער אינטענץ צו דערציילן דעם ייִנגסטן קינד וועגן דעם קאמף פאר שלום און וועגן די מלחמה־אונטערצינדער, איז אָבער ביי א גלייכצייטיקן פעלן פון „רעא־ליען" פארמינערט געוואָרן דער פּאָליטישער אויסקלאנג און דער דידאק־טישער ווערט פון ליד. דערפאר זיינען די לידער, „איך וויל אויך א העלד זיין, טאטע", „קינדער פלאסטערן א וועג" און „טראסע וואָ—זעט" גוט ארויסגעבראכטע מאָטיוון פון אונדזער נייעם לעבן, ביי וועלכן אפילו די קינדער ווערן מיטגעריסן מיט דעם בוי־ און קאמפּס־דראנג.

א טענה קאָן מען האָבן צו די נאַטור־שילדערונגען. דאָס ליד „טראָגן שנייעלעך ליכט" איז זייער פּאָעטיש, אָבער די נאַטור זעט דאָ אויס ווי אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, פון אונדזער ווירקלעכקייט. און הער אמת איז, אז דער הײַנטצײַטיקער פּייזאַזש איז אויך א געענדערטער, ווײַל אומעטום איז צו מערקן די איבערגעשטאַלטנדיקע האַנט פון דעם בויער פון דער סאָציאַליסטישער וואָר. דאָס ליד „שניי", ווו עס ווערט יאָ ארײַנגעפירט דער מלחמה־אונטערצינדער טרומאַן און דאָס „ווײַסע הויז", לײַדט אויף נישט דערזאָגטקייט. עס ווערט גערעדט צו דעם 8—9 יאָריקן קינד מיט א פרימיטיוווער שורה און מיט... באַצייכענונגען, ווי ער זאָל שוין זײַן ווער ווייסט ווי אַנגאַזשירט אין דער וועלט־פּאָליטיק. און נאָך א קריטישע באַמערקונג וועגן „ליד וועגן א זשוק": וועקן ביי די קינדער דאָס געפיל פון ליבע צו אלע לעבעדיקע באַשעפענישן איז זייער וויכטיק. מען דאַרף אָבער טעדהענקען, אז דער ביישפּיל דאַרף זײַן א ריכטיקער און נעמען אלס אָביעקט פון צער־בעל־חיים א זשוק איז נישט צוועקמעסיק, ווײַל גראָד צווישן די באַשעפענישן זײַנען פאַראַן די גרעסטע שעדיקער פון וואַלד און סאָד, און מען פירט א פאַרביסענעם קאַמף מיט זיי, א קאַמף אויף פאַרניכטונג...

אין אלגעמיין איז ל. מאָרגנטויס לידער־זאַמלונג א שיינע און אינטערעסאַנטע פּאָעטישע פּאָזיציע. א לידער־ביכל, וואָס פאַרמאָגט א סך מעלאָדישקייט, פאָלקס־געמיט און זשטעמט מיטן געזונטן אָפּטימיזם פון א שוווּנגפול און פריידיק שעפעריש לעבן.

די הילע, ווי די דריי אילוסטראַציעס פון ק. גלעב זײַנען באמת פרעכטיקע.

# לידער פון בליונג און זעט (אליהו רייזמאַן)

צווישן אלע מינים פון אונדזער ליריק, אָנהייבנדיק פון דער אינטע־לעקטועלער, ביז דער אינטימער, פון דער פאַטעטישער ביז דער עלעגישער איז זיכער די בעסטע די, וואָס באווירקט דעם לייענער... עס טרעפט גאָר נישט זעלטן, אז א ליד איז געטאָקט און געמאָסטן, איז פון אלע פאָר־מעלע שטאַנדפונקטן פאַרווורפלאָז און עס לאָזט איבער דעם לייענער קאַלט ווי אייז.

א. רייזמאַן איז נישט קיין דימענט־שלייפער און א ריי לידער וואָלט מען קאָנען און דאַרפן פאַרוואַרפן א געוויסע נאַכלעסיקייט אין צוקלייבן בילדער, פאַרגלייכן, אָבער אין גאַנצן גענומען איז דאָס איצט פובליקירטע ערשטלינג־ביכעלע גאָר אן אינטערעסאַנטע און פריידיקע דערשייַנונג אין אונדזער דיכטונג פון די לעצטע יאָרן. פריידיק דערפאַר, ווייל עס ווייעט פון די לידער מיט אוממיטלבאַרער ערבטער און געזונטער ערדישקייט, מיט פרייד פון ארבעט, פון האַרעפּאַשנעס מי.

עס איז פריידיק צו זען פאַר זיך א מענטש, וואָס קאָן פעסטשטעלן, אז „די קאָסע זינגט אין מיינע הענט". אז

ארום איז שטיל, די פעלדער בליִען מיר.
דאָס קאָרן ציט זיך רייענווייז, ווי שורות פון א ליד...

עס איז פריידיק זיך אָנצוטרעפן מיט „א ייד, ווי א דעמב מיט א פאַטלע א שווארצע", וואָס פאַררוכט דעם באַשעדיקטן טראַקטאָר און וואָס פילט זיך אזוי באהאָפטן מיט אים, אז ווען ער הערט זיין קלאַפּן דוכט זיך אים, אז „ס'קלאַפט אין דעם אייזערנעם איינגעווייד" זיין אייגן הארץ; עס איז פריידיק אָנצוטרעפן מענטשן, וואָס האָבן דעם פולן באוווסטזיין פון זייער שאַפנדיקער, געשטאַלטנדיקער קראַפט, וואָס פילן זיך „מיטן קלענסטן גרעזל געקניפּט" און קאָנען מיט שטאָלץ זאָגן:

האָט די ברייטע קאָרנפעלדער
האָט מיין האנט דאָ אויסגעמאָלט!

עס איז פריידיק און לויטער דאָס געמיט, ווען מיר זעען די טיפע פאַרבונדנקייט צווישן דאָרף און שטאָט („כ'וויס, אז זאָט זיין וועט מיין הערפּל, ס'וועט נישט הונגערן די שטאָט").

ווען מיר לייענען אַזעלכע שורות:

וועד קאָן אזוי פריי זיין, ווי איך?
אויף מיר שיינט א הימל א בלויער.
געבענטשט זאָל זיין דער טאָג — וואָס מיין סטריך
האָט פאַרברידערט מיט שטאָטישן מויער. —

דערפילן מיר, ווי עס שפרודלט מיט געזונט, מיט פרייד, מיט זעט. עס הערטראָגט זיך פון א. רייזמאַנס ליד דער ריח פון בליונג, פון פרוכט, פון פעטער ערד. און שוין אָט די טענער אין דער יידישער, בדרך־כלל פּאַראיכהדיקטער דיכטונג, זיינען ווי א זון־שטראַל פון הינטער פאַרכמאַרעטע הימלען.

עס איז שוין נישט איינמאָל אויסגעקומען אונטערצושטרייכן דעם פשוטן אמת, אז די סאַמע באַווירק־שטאַרקע דיכטונג, די סאַמע עכטע און ווערטיקע, איז די דיכטונג, וואָס ציט איר יניקה דירעקט פון לעבן, פון דער אייגענער סביבה, פון דעם אוממיטלבאַרן ארום. און הגם, דאָ און דאָרטן איז אין א. רייזמאַנס לידער נישט שווער אָנצוטרעפן אָנגעווייטע עפּיטעטן, פאָרמעלע טריקן, האָבן זיי קיין וועזנטלעכע באַדייטונג נישט, ווייל זיי טיילן זיך אויס ווי איינציקע ווילד־גרעזעלעך אויף א גוט אויסגעיעטע פעלד. אין אַלגעמיין שעפּט א רייזמאַן זיין בילד און פאַרגלייך, ווי בכלל זיין אינספּיראַציע, פון דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוו אין קאָניע גורע, וואָס ער קען גוט, און דאָס שאַפט די פולבלוטיקייט און באַגלייבלעכקייט פון זיין ליד.

אין סקיבעס פון אקער עס גייט אויף מיין ליד.
אין אויפגאַנג באַגינען אויף לאָנקעס עס גליט,
אין הודזשען פון טראַקטאָר איך הער זיין געזאַנג,
אין קוזשניע מיט פונקען צעשפּריצט זיך זיין קלאַנג.

מיין ליד איז דאָס שוואַרצע, דאָס קאָרענע ברויט,
א נייע געביידע אין דאָרף אויסגעבויט,
א הילכער פון ראַדיאָ, עלעקטרישע ליכט,
וואָס שיינט ווי א זון אונטער כאַטישער סטריך.

אזא מקור פון אינספּיראַציע האָט קיין שום יידישער פּאָעט אין פּוילן נישט אָנגעגעבן. אָבער דאָ איז, פאַרשטייט זיך, נישט וויכטיק די

דעקלאראציע, זוויכטיק איז דער פאקט, אז א. רייזמאנס ליד איז ווירקלעך אויפגעקומען פון די אקער־סקיבעס, פון טראקטאר, פון דעם נייעם, זאטן לעבן אין לאנדווירטשאפטלעכן קאאפעראטיוו.

און אט דער פאקט, וואס א. רייזמאנען איז געלונגען אויפצוכאפן שטיקער וואר פון דארפישן לעבן און עס איבערגעבן מיט דער ווארעמסטער הארציקייט, דער פאקט, וואס אים איז געלונגען אויסצוזינגען די שיינקייט פון ערד אין קאיאר, פון בוים אין צווייט, פון טיפסטער ליבע און איבערגעגעבנקייט חעם קאאפעראטיוו מצד די באזונדערע מיטגלידער זיינע, נישט ווי קיין זייטיקער באזינגער, דער פאקט, וואס די לידער קומען ווי פון אינעווייניק, איז דאס סאמע אינטערעסאנטסטע. און אויף וויפל דאס „אינעווייניקסטע", וואס ווערט אין די לידער פאראויסערלעכט רעדט שוין וועגן א נייעם, באוווסטזיניקן, אין פארמעסט־אריינגעטוענעם, מיטגליד פון קאלעקטיוו, וועגן פויערים, וואס דאס קאלעקטיווע איז פאר זיי הייליק, באקומט א. רייזמאנס ביכל א באזונדערן אידעיש־קינסטלערישן אויסקלאנג.

> אונטער דינעם פארהאנג וועבט זיך דער באגינען,
> אינעם טוי א טראפן שוויים איך האב געפונען.
> טא זאל געבענטשט זיין יענער אפגעברענטער שטערן,
> צו וועלכן דער טראפן שוויים זאל נאר געהערן.

אזעלכע אקצענטן, אזא ווארעמע הארציקע ברכה פארן מענטש פון ערלעכער מי, אזא גרייטקייט צום פריידיקן שניט און אזא אויסגעפינען פאר דער קאסע בלויז „גאלדענע" עפיטעטן, זאגט עדות אויף א גרויסער אינטימקייט, אויף טיפער איינגעוואָרצלטקייט פון דיכטער אין דער נאטור און אויף דער פעיקייט ארויסצוברענגען נייע מענטשן, נייע יידן, געזונטע פויערים, (זישע, „וואלענטי דער פישער") אויף דער פעיקייט צו דערזען דאס נייע אין באזונגען דעם נייעם מענטש און די נייע אומשטענדן. און דעריבער ווערן מיר אזוי דערמוטיקט, פיל מיט אומגעפעלשטן שמאלץ און פרייד מיטן נייעם לעבן. און דיכטונג פון אן ערשט ביכעלע, וואס קאן אזעלכע געפילן ארויסרופן, שטעלט זיך שוין אליין די בעסטע צייגעניש.

א. רייזמאן איז נישט שטענדיק קריטיש צו זיינע שאפונגען. ווען ער פרווט אוועקגיין פון זיין אייגנטלעכער סטיכיע, פון דער נאטור און געזונטן מענטש און נעמט זיך באהאנדלען „אלגעמיינע" טעמען, קומען אפט ארויס ביי אים נישט קיין דרוק־פעיקע לידער. ווען ער איז אבער

מיט זיך, געטריי צו זיין אייגנטלעכער מיליע, רעדט ער דיכטעריש, באַווייזט ער נישט בלויז בלויז זיינע לירישע מעגלעכקייטן, נאָר אויך זיינע עפּישע.

א. רייזמאַנס ביכל גיט איבער דעם פרייִדיקן קלימאַט פון אונדזער נייער ווירקלעכקייט אין פּוילן, ער ברענגט אַרויס דעם נייעם געמיט־צושטאַנד, די נייע באַגריפן, השגות און באַדינגונגען אין פּוילישן דאָרף. און ווען אַט־די אַלע נייע שטריכן האָט א. רייזמאַן דערזען אין דער סביבה פון אַמאָליקן ייִדישן קליינהענדלער, וואָס האָבן דעם האַנדל־וואַנדל פאַרביטן אויפן טראַקטאָר און אַקער־אייזן, איז דער באַדייט פון אָט דער פּאָעטישער פּאָזיציע נאָך גרעסער.

וואָס עס פאַרמינערט יאָ דעם ווערט, איז די באַגרענעצטע טעמאַטיק פון די לידער, דאָס פאַרבייגיין די כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען פון קלאַסן־קאַמף אין דאָרף, פון דעם קאַמף, וועלכער באַזייטיקט נישט בלויז די פיינטלעכע, קולאַקישע עלעמענטן, נאָר העלפט מיט דער פאַרמירונג פון סאָציאַליסטישן באַוווּסטזיין ביי די מיטגלידער פון פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו.

עס איז ביז גאָר ליב צו לייענען אַזעלכע פּרעכטיקע שורות, וואָס זאָגן עדות אויף דער אינטימער באַהאָפטנקייט פון דיכטער מיט דער נאַטור:

זיי זיינען איצט האַרטע, ווי שטאָל מיינע הענט,
ווי בראָנז זיינען מיינע מוסקולן,
זיי האָבן די דערנער אין פעלד אויסגעברענט,
מיט גרינקייט די לאָנקעס באַמאָלן.

איך טרעט אויפן פרישן געשניטענעם היי,
עס פלוידערט פאַרשלאָפן דאָס קאָרן,
עס זינגט אַלץ אַרום און איך אין דער מיט
צווישן לידער א ליד בין געוואָרן.

...פרימאָרגנדיק בלענדן די פעלדער אַרום.
אין גינגאָלד די טעג זיך צערינען.
און דאָס, וואָס מיין קאָסע פאַרשניידט — אויפדאָסניי
הייבט אָן דורך מיין פעדער צו גרינען.

עס איז ביז גאָר נאַטירלעך אַזאַ געפיל פון קראַפט, אָבער דער אַרום האָט אויך א קאַמפּס־געזאַנג, און אָט די טענער פון קאַמף אויפן דאָרף האָבן באַדאַרפט קריגן זייער תיקון! און דאַן וואָלט דאָס בילד פון דאָרף געוועזן פולער, פאַרטיפטער.

וואַרשע, 1950 י.

# איוואַנס לידער

דאָס פּראָבלעם פון פּאָעטישן נאָכוווקס איז ביי אונדז זייער א וויכ־טיקס. אויב אין די פארמלחמה־יאָרן, און נאָך היינט אין די לענדער פון דער מארשאַליזירטער „מערב־דעמאָקראַטיע" ווערן געשטיקט און פאַר־חוענגט טאַלענטן, איז ביי אונדז די גאַנצע געזעלשאַפטלעכקייט אין לאַנד פאַראינטערעסירט, אז ס'זאָלן געשאַפן ווערן די סאַמע גינסטיקע באַדינגונגען פאַרן וווקס פון די שרייבער־קאַדרען, עס זאָלן פּובליקירט ווערן די שאַפונגען פון יונגע טאַלענטן, עס זאָל געשאַפן ווערן ארום זיי דער נויטיקער קלימאַט פאַר פאַרטיפן, פאַרברייטערן זייערע האָריזאָנטן, זיי זאָלן וואָס שנעלער באַהערשן דעם „וואַרשטאַט".

וו. ה. איוואַנס „אויף הײמישער ערד" איז א ביכל, וואָס פאַרמאָגט די אַלע מאָטיוון, טעמען, שטימונגען און געפילן מיט וועלכע עס איז באַהערשט דאָס געמיט פון יידישן פאָלקס־מענטש ביי אונדז אין לאַנד. במילא וואָלט גלייך געדאַרפט אָפּגעשאַצט ווערן די לידער־זאַמלונג ווי א ביז גאָר געלונגענער דעביוט, דערביי אָבער וואָלט מען מוזן סיג־נאַליזירן וועגן א גאַנצע ריי געפאַרן, וואָס לויערן אויף דעם דיכטערישן גאַנג פון יונגן פּאָעט.

ביי וו. ה. איוואַנען איז פאַראַן א ליריש געמיט, א שטאַרקער דראַנג זיך אָפּצורופן אויף אַקטועלע געשעענישן. אין אייניקע לידער האָט איוואַן באמת חערגרייכט שטאַרקן פּאָעטישן אויסדרוק. אזא ליד ווי „אוועק די הענט פון קאָרייע" איז סיי פּלאַסטיש, סיי פּאָרמעל און סיי אידעאָלאָגיש פּראָווראָקאַז און מאַכט א שטאַרקן איינדרוק. דאָס זעלביקע וואָלט מען געקאָנט זאָגן וועגן אזעלכע לידער, וואָס שפּרודלען מיט אָפּטימיזם און געזונט, ווי „נאָכן שניט", „האַרבסט", לידער, וואָס פאַרמאָגן אָן אָנגענעמע טעמפּעראַטור, א גענוג קאָנקרעטע בילדלעכקייט, וואָס איז גענומען פון לעבעדיקן ארום, פון לעבן. אָט די ליחער, ווי א ריי אנדערע, גיבן דעם ערנסטן גרונט צו זען אין איוואַנען דיכטערישע פּאָטענצן, טאַלאַנט, אויסדרוק־מעגלעכקייטן.

עס זיינען אָבער פאַראַן אין דער זאַמלונג לידער, וואָס רופן אַרויס אידעאָלאָגישע דערווידערונגען און במילא קינסטלערישע.

מיר קומען צו צו אַן עיקר־פּראָבלעם — צום מקור פון אינספּיראַציע. אַן עכט פּאָעטיש ליד מוז נישט נאָר באַרירן באַשטימטע לעבנס־טעמען, נאָר אַנקערן אין דער ווירקלעכקייט, פון דער ווירקלעכקייט דירעקט אַרויסוואַקסן, דאַן וועט דאָס ליד פאַרמאָגן אי וואָג, אי קראַפט, אי זאַפט. דאַן וועט דער פאַרגלייך נישט זיין קיין אַבסטראַקטער, אָדער שוין לאַנג־לאַנג אויסגענוצטער, פאַרשטאַמפּעוועטער; דאַן וועט דעם דיכטערס וואָרט און שורה נישט דערמאָנען אין דעמס אָדער יענעמס, דאַן וועט די סטיכיע פון שרייבער זיין די צאַפּלדיקע וואָר און אַלץ, וואָס ער ברענגט אַרויס וועט טראָגן דעם שטעמפּל פון זיין קינסטלערישער אינדיווידואַליטעט.

ביי וו. ה. איוואַנען איז נישט פאַראַן קיין גרונט־טאָן פון זיין שאַפן, עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע, אָפט סתירהדיקע טענער, און דאָס איז די גרויסע געפאַר, אָט דאָס איז דער מאָמענט, וואָס פאַרמינערט דעם ווערט פון אייניקע אפילו פאָרמעל געלונגענע לידער (ווי „זקנים").

מיר האָבן דערמאָנט לידער, וואָס רופן זיך דירעקט אָפּ אויף אונדזער הייַנטצייטיקער וואָר, וואָס זיינען אַ לײַדנשאַפטלעכער רוף קעגן די בלוטיקע אימפּעריאַליסטישע בעסטיעס, וואָס ווילדעווען הייַנט אין קאָרייע און ווילן מאָרגן אײַנטונקען אין בלוט די גאַנצע וועלט. מיר האָבן דערמאָנט לידער פון ערד און געזונטער פרייד־קער מי. אַ דאַנק וואָס האָבן אַזעלכע לידער געקאָנט אויפקומען? בלויז אַ דאַנק דעם, וואָס דער דיכטער איז ענג צונויפגעבונדן מיטן לעבן פון פאָלק און לאַנד. די אינספּיראַציע האָט אין דעם פאַל געגעבן אונדזער ווירקלעכקייט, דווקא דאָס רוישיקע לעבן פון טאָג. אָבער דער דיכטער האַלט דווקא אונדז פאַר מעגלעך צו דערציילן, אַז זיין ליד גייט אין אים אויף דאַן, ווען ס'איז „שטילע נאַכט" און עס „ליכטן די שטערן אויפן הימל", אַז דאַן בלויז „ווי פּידל־טענער שטיל — הייבט אָן דאָס ליד זיך צו באַוועגן". פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ צוגאַנג ביים שילדערן די צייט פאַר אויפ־קומען פון ליד, וואָס האָט שוין אַ טראַדיציאָנעלע באָרד?... מען דאַרף זי זוכן אין דעם זעלביקן אָרט, וווּ ער פאַרגלייכט זיין בענקשאַפט צו זיין געליבטע מיידל אין דעם שטימונגספולן ליד „ווען דו" אַלס „די זעלבע, ווי יעקבן האָט צו רחלען געצויגן"... קורץ: אין דעם באַווירקט זיין פון אונדז פרעמדער פּאָעזיע, אָדער אין אַבסטראַקטן, נישט פאַראינערלעכטן און פאַרגאַנצטן צוגאַנג צום לעבן און צו לעבנס־דערשיינונגען.

אין א ביכל פון א יונגן דיכטער מוז נישט אלץ זיין פערפעקט. עס קאָנען און מעגן זיין „שאַרסטקע" ווערטער, אָבער אומעטום מוז ארויס־שטראַלן דעם דיכטערס „איך", זיין אופן פון זען און באַנעמען דאָס לעבן. אַט־דער געבאָט האָט נאָך זיין פולן תיקון אין דער ערשטער זאַמ־לונג פון וו. ה. איוואן נישט באַקומען.

במילא וואָלט פּאַסיקער געווען, נישט געקוקט אויף א ריי באמת עכטע לידער ביי וו. ה. איוואן, צו רעדן מער וועגן פּאָטענצן, ווי וועגן דערגרייכונגען. ווייל וועגן דערגרייכונגען וועלן מיר רעדן דאַן, ווען יעט־וועדער וואָרט, יעטוועדער שורה, יעטוועדער סטראָפע, וועט אינספּירירט ווערן דירעקט פון לעבן.

אין פּאָטענצן פאַרמאָגט איוואן קענטיקע, באַדייטנדיקע און זיי לייכטן אויף מיט זייער גאַנצער קראַפט נישט דאָרט, וווּ ער האַלט זיך ביי די שוין קאַנאַניזירטע באַגריפן־עפּיטעטן און בילדער, ווי „פרילינג־פרייד", „ווינטער־טרויער", „שקעלעטן־ביימער", „קראָען אונטערן פענצ־טער", „אומגעלאַשענע אויגן" א. א., נאָר דאָרט, וווּ עס בליצט אויף דאָס נייע, ווען ער זאָגט:

נאַקעט זיינען די קאַשטאַנען
נאָר קיין הארבסט איז נישט פאַראַנען

דאַן רעדט ער צו אונדז מיט דער שפּראַך פון אומזיסטע הארבסטן און ווינטערס בעת וועלכע די קעלניע און דער האַמער ווערן נישט ארויס־געלאָזן פון האַנט, ווען ער רעדט וועגן הארבסט אין גייסט פון די אָנ־גענומענע פּאָעטישע שילדערונגען איז וו. ה. איוואן אין דער פּרעמיע, ער פּאַרליהרט סיי דעם אידעישן קאָמפּאַס, סיי זיין אינדיווידואַליטעט. ווען ער זאָגט אין ליד „טערועל", אַז די טריט פון שוואַרצע חיילות, ווען זיי האָבן געשפּאַנט איבערן ברוק האָט ער געפילט אויף זיין גוף, רעדן צו אונדז די שורות מיט זייער עכטקייט. ליענענדיק אָבער, אַז, ווען דער דיכטער דערהערט וועגן דעם גרויסן חורבן פון זיין היים בעט ער „וואַלד, דו וואַלד אוראַלער, וויג מיך איין אצינד" זאָגן מיר, אַז עס איז נייטש עכט און נישט וו. ה. איוואן. אַז דאָ זינגט ער נאָך די מקוננים, די עמי־גראַנטן. ווען אָבער מיר לייענען אַזעלכע סטראָפן:

מע זאָגט: געענדיקט איז די קריג
אין פּאַר מוזעאומס איז דאָס וואָפן —
נעכטן האָט אַ קויל אין האַרץ
מיין ליבן פריינד געטראָפן.

און אונטערשייד פון ווו דו קומסט
מיט הארץ צעוויטיקט און פארטרויערט —
זיי גרייט:
דער שונא לויערט!

— רעדן צו אונז די ווערטער מיט אקטועלן לעבן, און מיט דער שפראך פון א פראגרעסיוון דיכטער.

דער אויספיר: היות די בעסטע און אידעיש גאנצע לידער געהערן צו די לעצטע יארן און עס איז צו מערקן א קענטיקער בארג־ארויף אין זיין שאפן, דארפן מיר ווינטשן דעם דיכטער, ער זאל שטארקער אר־בעטן איבער זיך, איבער זיין שפראך־אוצר, וואס איז נאך שטארק באגרע־נעצט, ווייל דאן וועט אים פיל, פיל לייכטער זיין צו שטעלן זיין שאפן צום דינסט פון אונדזער נייער ווירקלעכקייט, וואס מיר בויען, א זאך, וואס וו. ה. איוואן שטרעבט אויפריכטיק. דאן וועט דאס בילד און פאר־גלייך זיין אדעקוואט און די מאביליזירנדיקע קראפט פון זיין ווארט פיל, פיל שטארקער.

ווארשע, 1950.

# אַדאַם מיצקעוויטש
## (צום הונדערטפופציקסטן געבוירנטאָג)

ווי ווייט איז די צייט, ווען עס האָט געלעבט און געשאַפן אדאַם מיצקעוויטש און ווי נאָענט עס איז אונדז זיין שאַפן! מיט וואָסער פאַרגעניגן, אמתן נחת־רוח עפּענען מיר אויף זיין מעכטיקע עפּאָפּעע „פּאַן טאדעוש", לייענען זיינע געשליפענע קרימער סאָנעטן, לאָזן זיך אריין אין דער סודותפולער וועלט פון העלדישע פּאַטריאָטישע מעשים אין „גראַזשינאַ" און „קאָנראַד וואַלענראָד", ווערן באַצויבערט פון די פאָלקסטימלעכע באַלאַדן און ראָמאַנסן, טראָגן זיך איבער מיטן דיכטער אין דער וועלט פון די „דזשאַדעס" און ווייטיקן איבער דער ראָמאַנטישער ליבע פון גוסטאַוון, איבער דער טראַגעדיע פון פּוילן אונטער דער הערשאַפט פון נאָוואָסילצאָוון, איבער דעם דורכפאַל פון אויפשטאַנד.

עס איז פאַראַן אזא כוח, וואָס פאַרווישט מחיצות, הייסט מיטלעבן מיטן לעבן פון ווערק, פון ליד, דאָס איז דער כוח פון גרויסער קונסט, פון קאָנען אָנקליידן די אייגענע געפילן, געדאַנקען, בענקענישן, טרוימען אין אזא לבוש, וואָס זאָל אלעמען געפעלן, זאָל אלעמען אייגן זיין, אז יעדערער זאָל מיטגעריסן און אנטציקט ווערן. אדאַם מיצקעוויטש קאָן זיך איינקריצן אין הארץ און געדעכעניש פון לייענער, אים הייסן מיטפיבערן, מיטווייטיקן, מיטזוכן מיט אים. און ווייל דאָס זיינען זוכענישן, ראַנגלענישן, פיינען פון א צייט, וועלכע לעבן פאַר אונדז אויף א שטיק פאַרגאַנגענע, טראַגישע געשיכטע פון אונדזער לאַנד, ווייל די געשעענישן, פאַקטן פון יענער צייט פאַרברעכן זיך אין דער פּריזמע פון א גרויסער פערזענלעכקייט, באַקומט עס וואָג, נאַציאָנאַלן אויסקלאַנג, גרויסן דערקענטעניש־באַדייט.

אָפּט, ווען דו לייענסט מיצקעוויטשן, דוכט זיך דיר, אז דער גאַנצער זשעני פון פאָלק האָט זיך איינמאָליק קאָנצענטרירט אין אים און רעדט דורך זיין געשליפענער, געמיט־אָנגעלאָדענער שורה. מיצקעוויטש האָט אויף א גלענצנדיקן אופן צונויפגעשמאָלצן סיי די פּאָעטישע טראַדיציע, וואָס ציט זיך פון קאָכאַנאָווסקין ביז טרעמבעצקין אין דער פּוילישער

דיכטונג, מיט די אוצרות פון ווייסרוסישן פאָלקלאָר, מיט דעם פּוילישן פאָלקס־מעשהלע און פאָלקס־לידל און עס דערבראַכט צו דער העכסטער פּערפעקציע. ער איז במילא נישט נאָר געווען דער גרויסער נאָוואַטאָר אין דער פּאָעזיע, נאָר קודם כל דער געניאַלער קאָנטינואַטאָר!

ביי פּופּצן יאָר האָט בסך־הכל געדויערט דער שעפערישער פּעריאָד פון זיין שטורמיש, זוכנדיק און טראַגיש לעבן און אין משך פון אָט דער קורצער צייט האָט ער באַוויזן אויפצוהייבן די פּוילישע דיכטונג צו אומ־דערהערגרייכלעכע הויכן אין יעטוועדן זשאַנר: אין באַלאַדע אָדער סאָנעט, לירישן ליד, צי אין עפּיק און געהייסן אַרויסשיינען דאָס טיפע, נאַציאָ־נאַלע געמיט, די גרויסע צעפּייניקטע פערזענלעכקייט, וואָס גאַרט צו זען זיין פאָלק א באַפרייטס און גליקלעכס; די פּערזענלעכקייט, וואָס האָסט אומגערעכטיקייט און טרוימט וועגן דער צייט, ווען דאָס „קיניג־פאָלק" וועט פאַרטרייבן די טיראַנען און אָנהייבן א גליקלעך לעבן.

מיצקעוויטש הייבט אָן מיט דעם אַקטיוון קאַמפּס־רוף אַלס פילאָ־זעט.[1]) און אָט דער קאַמפּס־רוף באַגלייט אים פּאַקטיש אין משך פון זיין גאַנץ לעבן. דאָס איז נישט נאָר קיין לאָזונג, נאָר א פּראָגראַם, וואָס ער פּרוווט נישט איינמאָל רעאַליזירן אין טאָט. איז דאָך מיצקעוויטש גע־שטאָרבן אין ווייטן טערקיי אַלס קאָמענדאַנט פון א באַפרייונג־לעגיאָן, וואָס ער האָט אַליין אָרגאַניזירט (1855).

יאָ. „דער גרעסטער פון די פּילגריקע" האָט אדאם מיצקעוויטש צו־ערשט אויסגעדריקט דעם שוווּנג און גלויבן אין באַפרייונג, דעם רוף א ריר צו טאָן „פון די פונדאַמענטן די ערד־ברילע", געוועקט, גערופן צום העלדישן, קרבנות־גרייטן קאַמף, געשטאַרקט דעם פּאַטריאָטישן גייסט דורך זיינע „היסטאָרישע פּאָעמעס", „גראַזשינא" און „קאָנראַד וואַלענ־ראָד", וועלכע זיינען אויפגענומען געוואָרן ווי א דערמוטיקונג צום אויפ־שטאַנד פון 1831 י. און ווען דער אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלן קומט דער זעניט, דער הויך־פּונקט פון זיין שאַפן: דער דריטער טייל „דזשאַדי" און גלייך נאָכדעם „פּאַן טאַדעוש", נאָך וועלכן ער שאַפט שוין פּאַק־טיש זייער ווייניק. אָבער אין די ווערק איז צו זען אַי מיצקעוויטשן דעם רעאַליסט, אַי מיצקעוויטשן דעם אומפאַרגלייכלעכן שילדערער פון נאַטור, מיצקעוויטשן דעם דיכטער, וואָס קאָן אַקטועלע, צאַפּלדיקע דערשיי־נונגען און פאַקטן פאַרוואַנדלען אין הויך־קוואַליטאַטיווער קונסט פון גרויסער מאָביליזירנדיקער קראַפט.

---

[1]) פילאַרעטן־קרייז — א קרייזל פון פּאַטריאָטישע סטודענטן אויפן ווילנער אוניווערזיטעט.

אין דער דריטער טייל „רזשאדי“, אין דער סצענע אין „ווארשע־ווער סאלאָן“, וווּ עס געפינט זיך די „סמעטענע“ פון שטאָט און באַקאַנטע פּאָעטן, דערציילט אדאָלף וועגן די לעבנס־פּאַסירונגען פון אויפשטענדלער ציכאָווסקי, וועגן די שוידערלעכע פּײַנען, וואָס ער האָט אין משך פון די לאַנגע יאָרן טורמע אדורכגעמאכט, א דערציילונג, וואָס שוידערט אויף. און אָט אנטוויקלט זיך א דיסקוסיע צי איז דאָס שטאָף פאר ליטעראטור. און די אָנגעזעענע פּאָעטן האלטן, אז ניין, עס איז דאָך א ווירקלעכע געשעעניש פון היינט; קאָן עס נישט זיין קיין שטאָף פאר שילדערונג. עס דארף זיך אויסליגן א פּאָר הונדערט יאָר און דאן וועט עס ווערן „מיטאָלאָגיע“, שטאָף פאר דיכטונג. דער פּערטער האלט אפילו, אז עס שאדט נישט, וואָס דער שטאָף איז פריש, עס טויג בלויז נישט, וואָס די מעשה איז „נישט פּויליש, נישט נאציאָנאל. אונדזער פּאָלק — זאָגט ער — בארימט זיך מיט זיין פּשטות, מיט זיין גאסטפריינדלעכקייט, האָט פיינט שטארקע סצענעס. מיר האָבן ליב אידיליעס“ און דאָס דערציילטע איז דאָך ווייט פון אידיליע... און ווען איינער פון די פּאַטריאָטישע מיטגלידער פרעגט, וואָס וועלן מיר אויפטאָן, קוקט ווער עס שטייט בראש פון פּאָלק? קומט דער ענטפער: נישט בראש, נאָר אויבנאָן, נאָר „אונדזער פּאָלק איז ווי א לאווע, וואָס איז אויבן קאלט, הארט, טרוקן און ווערעמדיק, אָבער פון אינעווייניק וועט איר פייער הונדערט יאָר נישט אָפּקילן; לאָמיר שפּייען אויפן שאָלעכץ און אראָפּגיין אין דער טיף“.

מיצקעוויטש האָט נישט געוואַרט קיין הונדערט יאָר אויף אויסצוקלייבן א טעמע, ער האָט געקאָנט נעמען א טעמע פון דער ליטווישער געשיכטע, צי מיטאָלאָגיע פון הונדערטער יאָרן צוריק, בכדי צו פארניינען די אידיליע, ער האָט אויך פאר זיין שאפן גענומען דאָס סאמע אקטועלע, וויכטיקע, נאציאָנאלע און מיטן גאנצן פייער פון די פאָלקסטיפן ארויסגעבראכט עס אין רעאליסטישע בילדער.

* * *

עס איז באוווסט, אז מיצקעוויטש האָט רעפּרעזענטירט דעם ראָמאַנטיזם אין דער פּוילישער ליטעראטור, אז זיין „פּערוויאָסנעק“, זיין מאַניפעסט פון געפיל, זיין לאָזונג „האָב א הארץ און קוק אין הארץ“ איז אייגנטלעך געווען דער מאניפעסט פון פּוילישן ראָמאנטיזם, וואָס איז ארויסגעטראָטן קעגן דעם פּסעוודאָקלאסיציזם. עס איז אויך נישט קיין נייעס, אז ביי מיצקעוויטשן פארנעמט א גרויס אָרט, ווי ביי די אייראָ־

פּעישע ראָמאַנטיקער, דאָס פּאַנטאַסטישע, און דאָך דאַרף באַוואָרנט ווערן, אַז מיצקעוויטש איז אַן עכטער רעאַליסט, אַז דאָס פּאַנטאַסטישע איז ביי אים אַלעמאָל אַ מיטל און קיינמאָל נישט קיין ציל. אַלס ציל דאָמינירט ביי אים אַרויסברענגען באַשטימטע קאָנקרעטע אמתן, ווירקלעכע בילדער, מאָראַלישע נאָרמען, געפילן און פאָרשטעלונגען וועגן זאַכן און געשעענישן. און אין אַ גאַנצער ריי שאַפונגען איז אַפילו דאָס ריין פּאַנטאַסטישע עלימינירט, ווי אין „פּאַן טאַדעוש", אַ גאַנצע ריי בילדער און סצענעס אין דער דריטער טייל „דזשאַדי" און אין זיינע סאָנעטן און ליריקעס.

עס האָט שוין די פּאָרמאַליסטישע קריטיק ריכטיק באַמערקט, אַז מיצקעוויטשעס גרעסטער כוח האָט געשטעקט אין אויג, אין דער פּרעציזקייט פון זען. מיצקעוויטשעס שילדערונגען פון אַ געגנט, פון אַ שטאָט, פון אַ מענטשן, צי פון אַ נאַטור־דערשיינונג איז ממש אָנטאַפּלעך. (אויף דעם האָט ברייט זיך אָפּגעשטעלט פּשיבאָש). אָבער אויך די פאַקטן, וואָס ער ברענגט אַרויס אין זיינע פּאַנטאַסטישע בילדער זיינען רעאַליסטיש און, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדרוקן, איז די פאַנטאַסטיק גופא אַ רעאַליסטישע. בכדי נישט ווערן שלעכט פאַרשטאַנען, וועלן מיר פּרוון זיך אויף דער טעמע עטוואָס לענגער אָפּשטעלן: מיצקעוויטש ווייזט אָן אין פאָרוואָרט צו די „באַלאַדן און ראָמאַנסן" (1822), אַז ער האָט די מאָטיוון גענומען ביים פאָלק. אין זיין בריוו צו כאָדזשקאָ דערציילט ער, אַז זיין ביכל לידער איז שנעל אויספאַרקויפט געוואָרן און אַז „דינער און פּאָקאָיאָוועס האָבן געקויפט אַממערסטן". אין פאָרוואָרט צו דער צווייטער טייל „דזשאַדי" — וועלכע, ווי באַוווסט, איז פאַקטיש די ערשטע טייל, שרייבט מיצקעוויטש: „איך האָב זיך צוגעהערט צו די מעשהלעך, דערציילונגען און לידער וועגן מתים, וואָס קערן זיך אום מיט בקשות און וואָרענונגען (פון יענער וועלט — ש. ל.) און אין די אויסטערלישע פאַנטאַזיעס איז געווען צו באַמערקן אַ באַשטימטע מאָראַלישע באַשטרעבונג און אַ געוויסע לערע, וואָס איז אויף אַ פּשוטן פאָלקס־אופן אַרויסגעבראַכט געוואָרן. די דאָזיקע פאָעמע וועט אייך פאָרשטעלן בילדער אין דעם זעלביקן גייסט, די ריטועלע לידער, די באַשווערונגען און כישופן זיינען מערסטנטייל ריכטיק, און צייטנווייז אַפילו בוכשטעבלעך פון דער פאָלקס־פּאָעזיע גענומען געוואָרן".

וואָס ווייזט דאָס אַלץ? עס ווייזט, אַז מיצקעוויטש האָט זיך גלייך ביים אָנהייב געשטעלט מיטן פּנים צום פאָלק, ביי אים מאָטיוון געשעפּט, זיינע גלויבונגען, פאָרשטעלונגען, ליבע צו אמת, דראַנג צו העלפן, געפיל פאַר יושר און גערעכטיקייט פאָעטיזירט, די פּערל פון עכטער פאָעטיש־

קייט געפונען. אז דאָס, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון ראָמאַנטישע פאַנ־טאַסטיק איז אין תוך דיכטערישע סובלימירונג פון פאָלקישן, אז אין דער סביבה, ווו זיין וואָרט איז צו יענער צייט אריינגעקומען איז עס לחלוטין נישט געווען קיין פאַנטאַסטיק, ווייל די מאַסע האָט נאָך מיט אַזעלכע גלויבונגען, פאָרשטעלונגען, מנהגים געלעבט. במילא איז פאַר־שטענדלעך, פאַרוואָס דווקא די דינער און פאַקאַיאָוועס האָבן גלייך זיינע ביכער געקויפט, ווייל ער איז געווען דער שרייבער, וועלכער האָט זיך צו דער „פּאָספּולסטווע", צו דעם פאָלקס־מענטש געוואָנדן. מיצקע־וויטש האָט אין יענער צייט לויבנדיק באַגוסלאַווסקין אלס נאַציאָנאַלן שרייבער באַגרינדעט זיין נאַציאָנאַלקייט דערמיט, וואָס ער „רעפּרעזענטירט די קליין־שליאַכטע און די דינער, אַנדערש געזאָגט דאָס פאָלק". אלזאָ, די פּריצים און גרויס־באַזיצער האָט ער פאַר דעם פאָלק נישט געהאַלטן, איבעריקנס האָט זיי די נאַציאָנאַלע קולטור און די פּוילישע שפּראַך ווינציק וואָס אינטערעסירט. און דאָס ווענדן זיך צו פאָלקס־מאָטיוו, דאָס ארויסבריינגען פּשוטע מענטשן אלס העלדן, האָט קאָלידירט מיט זייער פּסעוודאָקלאַסישן געשמאַק אויך...

אלזאָ די גלויבונגען, פאָרשטעלונגען, מאָטיוון זיינען גענומען פון דער ווירקלעכקייט, און א דאַנק דער געניאַלער דיכטערישער קראַפט האָבן זיי באַקומען פליגל, געוואָרן הויכע קונסט, וואָס האָט נישט נאָר באַגייסטערט די לייענער דעמלט, נאָר איז פּעיק מיט דעם צויבער פון וואָרט, בילד און שטימונג, באַגייסטערן אין אלע צייטן.

ווען עס גייט א רייד וועגן רעאַליזם דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אז מיצקעוויטש איז געווען א גלויביקער קאַטאָליק און דאָס אָפּערירן מיט דער וועלט פון טייוולאָנים, רוחות, עגזאָרציזמען איז אויף דער ליניע פון די קאַטוילישע פאָרשטעלונגען. אלזאָ, דאָס פאַנטאַסטישע איז אזויאַרום גראָד אן אויסדרוק פון מיצקעוויטשעס רעאַליזם; פון זיין האַלטן זיך נאָענט ביי דער ווירקלעכקייט, ביי די באַגריפן, מיינונגען פון די שיכטן פאַר וועלכע ער האָט געשריבן און וועמענס אויסדריקער ער איז געווען.

אָבער דאָס אלץ האָט דאָך אייגנטלעך בלויז א שייכות צו דער קאַנווע, צום געוועב ארום די שאַפונגען, דער עצם איינהאַלט פון ליד צי פּאָעמע איז אָבער אלעמאָל גענומען פון קאָנקרעטע פאַקטן, פון היס־טאָרישן צי אַקטועלן מקור. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אז ביי זיינע היס־טאָרישע פּאָעמעס גיט מיצקעוויטש געגנט אָן ביי וועמען ער האָט די טעמען, פאַקטן געשעפּט, אז אין דער דריטער טייל „דזשאַדי" ווערן דערמאָנט ווירקלעכע נעמען, ווערן געגעבן אמתע כאַראַקטעריסטיקעס פון חברים און קעמפער־מאַרטירער, — די קרבנות פון נאָוואָסילצאָווס

ווילסקי, אז אין „פאן טאדעוש" זייַנען ארויסגעבראַכט געוואָרן מיט גרויסער נשמה־וואַרעמקייט פּאַקטן, שטייגער־בילדער, האָפענונגען און קאָנפליקטן פון לעבן, במילא איז אַזוי נאָענט, רייך אין אינהאַלט, פאַרמאָגט אַזוי פיל דערקענטעניש־וואָלאָרן מיצקעוויטשעס שאַפן. און היות דאָס אַלץ איז ארויסגעבראַכט געוואָרן אין א פאָרם, שפּראַך און א בילדלעכקייט, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין דער פּוילישער ליטעראַטור און איז נישט קיין אָפּטע דערשיינונג אין קיין שום אַנדערער ליטעראַטור, באַווייזט עס אונדז מיצקעוויטשן אין זיין אייגנטלעכער גרויס, אלס דעם גרעסטן דיכטער פון פּוילן, אלס דעם, וואָס האָט מיט דער פולער זיכערקייט געקאָנט זאָגן: „אומשטערבלעכקייט פיל איך, אומשטערבלעכקייט שאַף איך".

* * *

מיצקעוויטש האָט גלייך ביי זיין אריינקומען אין דער ליטעראַטור מיטגעבראַכט זיין צאַפּלדיקע בענקשאַפט נאָך א גערעכט לעבן, און אונטערדריקונג פון מענטש דורך מענטש, פון פאָלק דורך פאָלק. אין זיין יוגנט־ווערק „קאַרטאָפּלא" איז שוין אָנצוטרעפן די פעסטשטעלונג, אז „א געדיכטע נאַכט פאַרפינצטערט איירָאָפּע"... „פון אומעטום דערטראָגט זיך געוויין, אומצופרידנקייט, פאַרשטיקטער קרעכץ" און ער דריקט אויס דעם גלויבן, אז עס וועט קומען א צייט, ווען דאָס „קיניג־פאָלק וועט פאַרטרייבן די טיראַנען און פון פרייען פונק וועלן אין איירָאָפּע אויפלייכטן נייע פייערן". אלזאָ שוין דאָ איז צו זען, אז מיצקעוויטש טיילט נישט אָפּ די באַפרייונג פון אייגענעם לאַנד פון דער אלגעמיינער באַפרייונג, זעט דעם טיפן צוזאַמענהאַנג מיט דער אלגעמיינער לאַגע, ווי דאָס נאַציאָנאַלע נייט ביי אים אַמענגסטן געבונדן מיטן אינטערנאַציאָנאַלן. דער מאָמענט איז אויך אַזוי ווייט וויכטיק אויף וויפל אין זיין שפּעטערדיקן פעריאָד, און ווען ער נעמט זיך צו געזעלשאַפטלעכער ארבעט, וועט נישט איינמאָל מיצקעוויטש פאַרבינדן די זאַך פון פּוילנס באַפרייונג מיט דער אלגעמיינער סאָציאַלער באַפרייונג פון דער טיראַניע. כאַראַקטעריסטיש: אין 1848־טן יאָר, ווען עס הייבן זיך אָן די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן אין איירָאָפּע, וואַכט מיצקעוויטש ווידער אויף צו אַקטיווער טעטיקייט, טרייסלט זיך אָפּ פון דער מיסטיש־טאָוויאַנסקישער פאַרבלענדעניש און נעמט זיך אָרגאַניזירן א לעגיאָן. און מיצקעוויטש, דער קאַטאָליק, קומט קיין רוים צום פּויפּסט, נאָך זיין מאָראַלישער אונטערשטיצונג. דער פּויפּסט איז פאַרשטייט זיך קעגן יעטוועדער באַוועגונג פון די מאַסן. און

מיצקעוויטש, דער גלוויביקער מיצקעוויטש ענטפערט דעם פויפסט, אז „גאַנץ גייסט איז היינט אין די בלוזעס פון די פאַריזער ארבעטער".

מיצקעוויטש פאַרנעמט דעמלט אן אמת רעוואָלוציאָנערע שטעלונג לגבי די געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין פראַנקרייך און אין גאַנץ אייראָפּע. ער טרעט ארויס אין זיינע ארטיקלען אין „טריבונא לודוו" קעגן דעם פויפּסט, פּיוס דעם 9־טן, קעגן די אריסטאָקראַטן, ער רופט די איטאַליענישע רעפּובליקאַנער צו דעצידירטן קאַמף, ער דעמאַסקירט די צביעות פון דעם „נישט־איינמישונג־פּרינציפּ", ער וואָרנט די פּאַריזער ארבעטער פאר דער טאַקטיק פון די קאַפּיטאַליסטן.

אין ארטיקל „ארבעטער שטעט" זאָגט מיצקעוויטש:

„מיר ווענדן די באַמערקונגען צו די ארבעטער, די קינפטיקע אייגנווינער פון די קאָלאָניעס. זאָלן זיי וויסן, אז דאָס האָט דער רעוואָלוציאָנערער און סאָציאַליסטישער גייסט פון יולי און פעברואַר געצוואונגען די קאַפּיטאַליסטן פאַרשטיין די נויטווענדיקייט זיך ענדלעך צו פאַרנעמען מיטן וווילשטאַנד פון די פּראָלעטאַריער. די הילף, וואָס די קאַפּיטאַליסטן גיבן דעם ארבעטער־קלאַס, דאַרף מען באַטראַכטן ווי א הנחה, וואָס איז ארויסגעריסן געוואָרן ביי זייער עגאָאיזם דורך דעם פאַרשריט פון דער הומאַניסטישער אידיי, און נישט ווי אן אקט פון קריסטלעכער ליבע".

מיצקעוויטש ווייזט אויך דאָן אָן, אז „אין דער אלטער געזעלשאַפט איז שוין נישט צו געפינען קיין שום פּרינציפּ, אויף וועלכער מען זאָל קאָנען באַזירן די געזעצלעכע מאַכט".

אלזאָ מיצקעוויטש איז אריינגעטאָן אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, פון אייראָפּע און פיבערט מיט דער הייסער צייט פון דעם „פרילינג פון פעלקער".

צי איז עס א צופאַל? פאַרשטייט זיך, אז זיין גאַנץ קינסטלערישער שאַפן, זיין גאַנצע איינשטעלונג האָט אים פּרעדעסטינירט אלס מענטש פון טאַט. מיצקעוויטש האָט אויף זיין שאַפן געקוקט ווי אויף איינער פון די פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכער אקטיווקייט, ווי אויף א נאַציאָנאַלער טאַט. ער איז געקומען מיט זיין פילארעטן־ליד, מיט דער „אָדע צו דער יוגנט" ווו ער הייסט „גרייכן אהין, ווו קיין אויג גרייכט נישט", זען אין „גליק פון אלעמען אלעמענס ציל", פאַרוואַרפן די אויסגערעכנטקייט, קאַלטקייט, פּראַקטישקייט:

דער צירקל, ס'וועגן, מעסטן —
צו טויטע קעדפער מ'באַדאַרף,

מעסט די קרעפטן לויט פּאַרמעסטן
און נישט פּאַרמעסטן לויט דער קראַפט!

און דאָס זעען דעם ציל אין „גליק פון אַלעמען", אַט דער ווילן צו ברענגען דערלייזונג דעם אייגענעם פאָלק, דער טיפער ווייטיק, וואָס קוקט ארויס פון זיין יעטוועדער שורה, ווען ער רעדט וועגן פארפייניקטן לאַנד, מאַכט באַגלויביק מיצקעוויטשעס פעסטשטעלונג „איך און דאָס פאָלק בין איינס, איך בין מיליאָן, ווייל פאַר מיליאָנען לייד איך די פּייַנען".

די גרויסע ליבע, וואָס שטראָמט פון מיצקעוויטשעס יעטוועדער שורה, ליבע צו אַלץ, וואָס שיין איז אין דער וועלט, ליבע אין סאַמע ברייטסטן, קאָסמישסטן זין, האָט אַנגעפילט זיין ליד מיט אזא פייער, אז מיר ווערן מיטגעריסן דערמיט, ווען ער דערציילט אונדז וועגן זיין אומגליקלעכער ליבע פון די יונגט־יאָרן, ווען ער רעדט צו אונדז וועגן די ליידן פון פאָלק אונטער דער צארישער טיראַניע, ווען ער שילדערט אונדז דאָס לעבן פון דער קליין־שליאכטע אין „פאַן טאַדעוש", און ווען ער טרעט ארויס אין זיינע ארטיקלען אַלס פּובליציסט אין „טריבונא לודוו".

ביי מיצקעוויטשן קומט צו א מערקווירדיקער סינטעזע: דער שטאַרק־סטער אינדיווידואַליזם, דער באַוווסטזיין פון דער אייגענער פּאָעטישער גבורה מיט דעם נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן. אין קאָנראַדס אימ־פּראָוויזאַציע פון דער דריטער טייל „דזשאַדי", ווו זיין פּאָעטישע קראַפט איז דערגאַנגען צו איר זעניט, צו איר הויך־פּונקט, איז דאָס אַמבולטסטן צו זען. דאָרט איז פאַראַן אזויפיל צויבעריי פון וואָרט, אזא באַוווסטזיין פון די אייגענע שעפערישע מעגלעכקייטן, אז ער פילט זיך גלייך מיט גאָט. ער פרעגט טאַקע, „וואָס האָסטו גרעסערס געקאָנט אויפטאָן גאָט?" ער איז דאָך ווי ער א באַשעפער פון נייע וועלטן! אָבער דער באַוווסטזיין פון דער אייגענער קראַפט איז אים נייטיק, בכדי איבערצונעמען דאָס רעגירן מיט די נשמות, ווייל ער וויל דאָס פאָלק אויפהויבן, גליקלעך מאַכן, די גאַנצע וועלט פאַרוואַנדערן, ווייל ער וויל ארויסרייסן דאָס פאָלק פון די שווערע פּיינען, וואָס ס'איז אים אויסגעקומען צו איבערטראָגן צוליב דער פרעמדער, העספּאָטישער מאַכט.

און צום לויב פון דעם גרעסטן פון די פּילגריקע דאַרף געזאָגט ווערן, אז ווען ער רעדט און שילדערט די ליידן פון פאָלק פארגעסט ער אייגנצייטיק נישט, אז עס זיינען פאַראַן שיכטן, וואָס פילן זיך גאַנץ באַק־וועם מיטן צאַר און זיינע פאַרטרעטער, און, ווי מיר האָבן עס שוין ביי א געלעגנהייט דערמאָנט, ווייזט ער דעם פאַרעטערישן פּנים פון דער

פוילישער אריסטאָקראַטיע, פון די, וואָס שטייען אונטערטעניק צום דינסט פון צאַר. און דאָס איז אַן איבעריקער באַווייז פון מיצקעוויטשעס רעאַליזם, פון מיצקעוויטשעס היסטאָרישן חוש, פון זיין געוואַגטן קוקן דעם אמת אין פּנים אַריין. איבעריקנס פעלן נישט קיין סאָציאַלע אַקצענטן אין מיצקעוויטשעס שאַפן, קיין אָפּטע און שטאַרקע אויספאַלן קעגן די אָנהאַרציקע פּריצים, קעגן זייער טעמפּן עגאָיזם, אומּמאָראַלישקייט און פאָלקס־פאַרעמדקייט. שוין אין דער צווייטער טייל „דזשאַדי" לאָזן איבער אַ שטאַרקן איינדרוק די שטעלן, ווו עס ווערט געוויזן, ווי אַזוי עס קומט אַ פאַרזעעניש, ביי וועלכע די סאָוועס און קראָען רייסן שטיקער לייב, לאָזן אים קיין ביסן נישט צו. און ווען ער בעט הילף ביי די „דזשאַדעס", זיי זאָלן אים כאָטש פאַרלייכטערן אָנצוקומען אין גיהנום, ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז דער פּריץ פון דאָרף, וואָס האָט זיך אומּמענטשלעך באַצויגן צו זיינע פּויערים און ס'קומט דער אויספּיר: „ווער עס איז קיינמאָל נישט געווען קיין מענטש, דעם וועט דער מענטש גאָרנישט העלפן"...
און דאָ ווילט זיך ווידער באַמערקן, אַז די שילדערונג פון באַל ביים פּריץ, די אָרעמע, דערפרוירענע פּויערטע מיטן קינד איז געשילדערט פולשטענדיק רעאַליסטיש אין אָט דער דורכויס אומרעאַליסטישער אומגעבונג. סאָציאַלע אַקצענטן פון שטאַרקער אָנלאָדונג איז היפּש אָנצוטרעפן אפילו אין דער פערטער טייל „דזשאַדי", וועלכע, ווי באַוווּסט, זיינען כמעט פולשטענדיק געווידמעט דער אומגליקלעכער ליבע פון גוסטאַוון.

מיצקעוויטש האָט שטענדיק הויך געטראָגן דעם מענטש־געפיל אין באַוווּסטזיין. טראָץ זיין גליאיקער שנאה צום צאַריזם האָט ער געקאָנט אָנבינדן די סאַמע האַרציקסטע באַציונגען מיט די שענסטע זין פון דעמאָלטיקן צאַרישן רוסלאַנד, געפילט ליבע צום אונטערדריקטן דורך דעם צאַרישן ווילקיר רוסישן פאָלק. עס איז באַוווּסט זיין טיפע פריינדשאַפט מיט דעם געניאַלן רוסישן פּאָעט אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש פּושקין, מיט די דעקאַבריסטן בעסטוזשעוו, אָדאָיעווסקי, רילייעוו, גריבאָיעדאָוו און אַנדערע. עס איז שטאַרק פּאָפּולער מיצקעוויטשעס ליד „דאָ פשיאַציול מאָסקאַלי", ווו ער באַשענקט מיט די האַרציקסטע געפילן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זיינען אומגעבראַכט אָדער פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע און טיילן דעם זעלבן שווערן גורל, ווי די פוילישע אויפשטענדלער־פּאַטריאָטן. מיצקעוויטש זאָגט אין אָט דעם פּרעכטיקן ליד: „די ביטערקייט, אויסגעגאָסענע פון בלוט און פון די טרערן פון מיין פאָטערלאַנד זאָל פרעסן און ברענען, נישט אייך, נאָר אייערע קייטן".

און אָט וואָס עס זאָגט פּושקין אין זיין ליד וועגן מיצקעוויטשן:

עד איז דאָ געווען צווישן אונדז,
צווישן א פרעמדן פאר אים שבט. און אין דער הארץ
האָט ער צו אונדז נישט געטראָגן קיין האס, אויך מיר
האָבן אים געליבט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . אָפּט,
גערעדט האָט ער פון קומענדיקע צייטן, ווען די פעלקער
פארגעסן וועלן אין די שטרייטן — און אין א מעכטיקער
משפחה

זיך פאראייניקן.

פושקין האָט דעמאלט געמיינט, אז די דריטע טייל „דזשאדי" איז גע־
ווענדט קעגן רוסישן פאָלק, אָבער פאקטיש אָטעמט זי בלויז און אויס־
שליסלעך מיט האס צו דער צארישער טיראניע, דאָס באשטעטיקט סיי
דאָס דערמאָנטע ליד „צו די ברידער מאָסקאָלעס", סיי דער פאקט, וואָס ער
גרייפט פאקטיש אין ערגעץ נישט אָן די מאסע, נאָר די צארישע רעגירער
און זייערע באדינער. איבעריקנס, באשטעטיקט אויך זיין ליבע־באציונג צום
רוסישן פאָלק זיין „אויפרוף צו די רוסן", ווו ער שרייבט: „דער טאָג, ווען
עס וועלן פאלן די דעספאָטן, וועט זיין דער בראשית־טאָג פון פרידן און
פעלקער־פרייהייט".

מיצקעוויטש האָט אין קעגנזאץ צו די סאָציאַליסטן־אוטאָפיסטן
זיך אָפּגעגעבן א רעכענונג, אז די קאפיטאליסטן, די הערשער וועלן גוט־
ווילי[ק] זייערע פּאָזיציעס נישט נאָכגעבן. און פאָלעמיזירנדיק מיט די, וואָס
מיינען מיט דער הילף פון אָפּמאכן, פון אפעלן, די גערעכטיקייט אויס־
קעמפן, פרעגט מיצקעוויטש: „איר זענט מודה, אז עס עקזיסטירן קנעכט
און אונטערדריקער, קרבנות און הענקער, און איר ווילט באגליקן די
מענטשהייט דורך איינשטעלן א הארמאָניע צווישן גוטס און שלעכטס?"

די נייע וועלט האָט ער געזען אויפקומען אין רעזולטאַט פון א בלוטי־
קער שלאכט פאר דער באפרייונג פון די פעלקער, און אין פייער פון
דעם זיגערישן מארש פון די באפרייטע מיליאָנען וועט אויפשטיין די גרוי־
סע פעלקער־משפחה.

אָט דער געדאנק לאָזט זיך שווין באמערקן אין זיינע יוגנט־שאפו־
נגען „קאַרטאָפלא" און „אָדע צו דער יוגנט" און אָט די איבערציי־
גונג באגלייט אים פאקטיש אין משך פון זיין גאנץ ווייטערדיק לעבן.

פארשטייט זיך, אז געפינענדיק זיך אויף דאָמיניקאנער גאס אין
ווילנע, ווען ער האָט געשריבן זיין „אָדע", „גראזשינע", „דזשאדי", צי

אפילו בעת דעם אָרגאַניזירן די לעגיאָנען האָט ער געקאָנט בלויז מיט די אויגן פון דער נשמה זען די גליקלעכע צייט, וואָס ער איז גרייט געווען מיט דעם אייגענעם בלוט דערנענטערן. און אין פּעריאָד, ווען ער איז געווען באַהערשט דורך דער „לערע" פון פאַלשן משיח און אמתן צאַרישן אַגענט טאָוויאַנסקי, האָט ער געקאָנט די געגאַרטע צייט פאָרשטעלן בלויז ווי אַ משיחישן נס. אלעמאָל און שטענדיק האָט אים באַגלייט די אידיי פון באַפרייונג פון פּוילן, ווי די אידיי פון דער באַפרייונג פון די פעלקער. און דאָס איז דאָס סאַמע באַטייטיקע אין דעם, אין עצם, סתירהפולן גאַנג פון מיצקעוויטשן, אָט דער לייטמאָטיוו כאַראַקטעריזירט דעם דיכטער און מענטש אדאָם מיצקעוויטש.

* * *

ערשט מיט אַריבער 60 יאָר נאָך זיין טראַגישן טויט, ווייט פון היימלאַנד, האָט אויף דער טעריטאָריע פון דער אַמאָליקער „טורמע פון פעלקער" אויפגעבליט די מלוכה פון גערעכטיקייט און פעלקער־פאַרברידערונג. און ערשט מיט דרייסיק יאָר שפּעטער האָט אויך זיין פאָלק, נאָכן אויסבלוטיקן זיך אונטער דער היטלערישער אָקופּאַציע, אויפגעוואַכט צו אַ נײַ, פריי לעבן, אַ דאַנק דער ברידערלעכער הילף פון גרויסן רוסישן פאָלק, איבערגענומען דעם מלוכה־רודער אין די אייגענע פאַרפּראַצעוועטע הענט, פאַרוואַנדלענדיק פּוילן אין אַ היים פאַר אַלע אַרבעטנדיקע, אָן אונטערשיד פון נאַציאָנאַליטעט, און פאַרווירקלעכנדיק דעם טרוים אויך פון די יאַנקעלס, וואָס מיצקעוויטש האָט מיט אַזויפיל וואַרעמקייט געשילדערט אין זיין „פּאַן טאַדעוש". ערשט איצט, 95 יאָר נאָך זיין טויט, ווערט מקוים זיין הייסער ווונטש, אַז ס'זאָל אָנהייבן הערשן דאָס „קינינג־פאָלק" און זיין ליד זאָל קומען אין די פּויערים־הייזער...

דעסגלייכן ווערט אויך ערשט איצט קריטיש אויפגענומען, באַאַרבעט, אין דער פּוילער מאַס אַרויסגעבראַכט די גרויסע ירושה, די רעאַליסטישע, רעוואָלוציאָנערע ווערטן, זיינע פּאָעטישע דערהויבנקייטן און די ריכטיקע פּראָפּאָרצן. עס הייבט זיך אָן די אייגנטלעכע, וויסנשאַפטלעכע מיצקעוויטש־פאָרשונג. עס ווערט געשאַצט נישט קיין פאַרבראַנזעוועטער נביא, עס ווערט נישט געשריבן קיין גאַנצע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם משיח, וועמענס נאָמען עס וועט זיין 44, נאָר עס ווערט אַנאַליזירט זיין שאַפן און די סתירות אין זיין וועלטאַנשויונג אויף דער ברייטער, סאָציאַל־פּאָליטישער פאָן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פעלקער־פרילינג פון איין זייט און, פון דער צווייטער, פון זיין אָפּשטאַם, ווי

אויך פון שטאַנדפּונקט פון די שיכטן, וועלכע ער האָט רעפּרעזענ־טירט. און וואָס ערנסטער, אַנאַליטיש־פּאַרטיפּטער עס וועלן זיין די שטו־דיעס און וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, אַלץ גרעסער און אמתדיקער וועט זיך אונדז אויסמאָלן דאָס געשטאַלט פון נעניאַלן דיכטער, וועלכער האָט, ווי קיינער ביז אים און נאָך אים, מיט אַזאַ ווירטואָזיטעט אויסגענוצט דאָס פאָלקס־מעשהלע און פאָלקס־מאָטיוו, מיט אַזאַ פייער אויסגעדריקט דעם פאָלקס־טרוים וועגן באַפרייונג, האָט אַזוי קרעפטיק געמוטיקט דאָס פאָלק צום קאַמף און אויסדויער, אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, געליטן, געוויינט און געקעמפט פאַר דער דערלייזונג פון זיין פאָלק, אין יענע גרויליקע צייטן פון דער פוילישער געשיכטע. דערפאַר איז אַזוי גרויס די פּיעטעט און די ליבע צו אים, דעם נאַציאָנאַלן פּאָעט פון פוילישן פאָלק, דעם גרויסן זון פון פוילן, וואָס האָט מיט איין פּלינל אַנגערירט אין זיין תקופה און מיטן צווייטן אין דער צוקונפט: אין דער תקופה פון פרייהייט, גלייכ־הייט, ברידערלעכקייט און גערעכטיקייט. געבויט נישט אויף די יסודות פון דער סאָציאַליסטיש־אוטאָפּיסטישער מיסטיק, נאָר אויף די יסודות פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, אויף דער לערע פון מאַרקס־לענין.

„איך פיל אומשטערבלעכקייט, אומשטערבלעכקייט שאַף איך"...

מיצקעוויטשעס ווערק זיינען אומשטערבלעך, ווי ס'איז אומשטערבלעך דאָס פאָלק, ווי ס'איז אומשטערבלעך דער אמת, די שיינקייט, די גרויסע, קלאַסישע קונסט!

פּאַריז, 1949 יאָר.

# יוליוש סלאָוואַצקי

(1849 — 1809)

„גרויס איז דער מענטש, וואָס האָט
וואָס מער דערקענטע פאַרגאַנגענהייט
אין זיין גייסט און וואָס מער צוקונפט
אין זיך רעאַליזירט".

(יוליוש סלאָוואַצקי)

עס פעלן נישט קיין סתירות אין דיכטערישן גאַנג, ווי אין לעבן פון די גרויסע קינסטלער פון דער פאַרגאַנגענהייט. אָבער, ווי מיר שיינט, איז סלאָוואַצקי אפשר פון די סתירות־רייכסטע פּאָעטן, און בלויז דערמיט קאָן מען זיך אויסטייטשן דעם פאַקט, וואָס ער האָט געגעבן אַזויפיל געלעגנהייטן די פאַרשידענע בורזשואַזע קריטיקער און ליטעראַטור־היסטאָריקער אויסצוקרימען די אין גרונט פּראָגרעסיווע ליניע פון זיין שאַפן. פון די לענגערע „מאָנאָגראַפיעס" און קריטיש־אידעאַליסטישע אָפּהאַנדלונגען קומט אויס, אַז דאָס אירעאַליסטישע אין „קרול־דוך" (קיניג־גייסט) איז מער כאַראַקטעריסטיש פאַר סלאָוואַצקין איידער דאָס רעאַליסטישע פון „קאָרדיאַן" און „בעניאָווסקי"; — אָדער, אַז אויף דעם ערשטן אָרט שטייט ביי אים די מייסטערישקייט פון פאָרם, וועלכע קומט צום אויס־דרוק אין דער מוזיקאַלישקייט פון פערז און ביינעוודיקייט פון וואָרט — און נישט דער עיקר ציל פון זיין שאַפן איז מיטצורייסן, לערנען, מוטיקן צום קאַמף, און וואָס גענויער אויסדריקן זיין שטעלונג צום לעבן, צו די צייט־געשעענישן.

לייענסט די פאַרשידענע אָפּהאַנדלונגען און טראַכטסט: צי איז ווירק־לעך אַזוי וויכטיק דער „ביאָגראַפישער פּרט", וועלכן טרעפסט אין זיי אַזוי אָפט, אַז צו אַכט יאָר האָט סלאָוואַצקי געבעטן ביי גאָט באַרימטקייט, אָדער עס איז מער וויכטיק אַרויסהייבן אָט דעם קאַרדינאַלן פאַקט, אַז סלאָוואַצקי האָט זיין גאַנץ באַוווּסטזיניק לעבן געאַנקערט אין דער ווירק־לעכקייט, זיך אָפּגערופן אויף די וויכטיקסטע דערשיינונגען אין פּאָליטישן לעבן פון דער עמיגראַציע און קודם־כל אין לאַנד צי איז טאַקע אַזוי

וויכטיק צו וויסן ביי אוועלכע פון די ענגלישע, צי דייטשישע, צי פראנ־צויזישע שרייבער איז פאראן אן ענלעכער מאטיוו, אדער ס'איז טויזנט־פאכיק וויכטיקער אנווייזן ווי אזוי די פארשידנסטע מאטיוון האבן באַ־קומען אין סלאוואצקיס שאפן א פארענדיקטן קינסטלערישן און אידעאלאָ־גישן אויסדרוק, און טראגן אין זיך דעם גייסט און קלימאט פון עכטער פוילישקייט; צי איז ווירקלעך אזוי וועזנטלעך פאר סלאוואצקיס שאפן די פראגע פון זיין קאטוילישקייט, צי פראטעסטאנטישקייט, אדער עס וואלט געווען גלייכער (ווייל פיל נענטער צו די ווירקלעכע פאקטן) אנצו־ווייזן אויף זיין פאנטעאיסטיש־אטעאיסטישן צוגאנג און קודם־כל אונ־טערצושטרייכן, אז דעם פויפסט, די יעזואיטן, דעם קלויסטער אלס אינס־טיטוציע, האט ער באקעמפט מיט דעם גאנצן פייער פון זיין צעפיבערט־נעמיט...

עס וואלט זיך געלאזט מערן די ביישפילן ווי ווייט די אלע פארהער־לעכער און דער עיקר די מלאדאפאלסקישע קריטיקער און שרייבער, ווי די שפעטערדיקע דעקאדענטן פון דער צווישן־מלחמה־צייט, האבן זיך באמיט אנצוקליידן סלאוואצקין אין אזא אידעאלאגישן בגד, וואס האט אים גיכער געמאכט פאר א שעפער פון שיין־פארביקע לופט־באלאנען, וואס טראגן זיך סודותפול צו עפעס א מיסטישן גאט, איידער א לעבע־דיקן מענטש, א קעמפער, א הייסן פאטריאט, א שארפן קריטיקער און באקעמפער פון דער שליאכטע

מיר זאגן דאס אלץ נישט כדי צו מאכן פארווארפן די בורזשואזע קריטיקער און רעאקציאנערע פארהערלעכער פון סלאוואצקין פארוואס זיי זייגען געווען שווארץ און רעאקציאנער. זיי זיינען אזוי צו סלאוואצקין צוגעגאנגען, ווייל אנדערש צוגיין האבן זיי נישט געוואלט און נישט גע־קאנט. אויב מיר שטעלן זיך אויף דעם מאמענט אפ, איז עס דערפאר, ווייל סלאוואצקי האט אויף זיין שעפערישן וועג געמאכט אפט אזעלכע שארפע פארדרייען, פארבייגן, אז עס איז נישט לייכט אויסצוגעפינען דאס גרונטיקע, דאס עיקרדיקע און גיט במילא א גוטע געלעגנהייט פאר די מרעגער פון רעגרעס, פון מיסטיק און רעליגיע צו פרעפארירן דאס שאפן פון דעם גרויסן קלאסיקער פון דער פוילישער פאעזיע און דראמע אזוי, ווי זייערע קלאסן־אינטערעסן דיקטירן זיי.

עס איז נישט פאראן קיין אייגהייטלעכער גאנג ביי סלאוואצקין. אבער מיר ווייסן, אז שרייבער פון דער פארגאנגענהייט מעסטן מיר נישט לויט די ווערק און שטעלן, וווּ זיי געפינען זיך, און קלעם פון די אלטע באגריפן און פארשטעלונגען פון זייער קלאסן־אפשטאם, נאר מיר שאצן

זיי לויט די אויפשוואונגען, אין וועלכע זיי זיינען ווייט פאראָפּן זייער צייט, לויט די רעאַליסטישע ווערטן און רעוואָלוציאָנערע טרוימען, וואָס האָבן באַקומען זייער פּולווערטיקן קינסטלערישן אויסדרוק אין זייער שאַפן, לויט די אידעאָלאָגישע באַרג־שפּיצן, וואָס זיי האָבן דערגרייכט.
און סלאָוואַצקי פאַרמאָגט זייער פיל אַזעלכע באַרג־שפּיצן, פאַרמאָגט שאַפונגען, וואָס אָטעמען מיט אמתער רעוואָלוציאָנערער וואַגונג און זאָגן עדות אויף זיין טיפן פּאַטריאָטיזם, אַ פּאַטריאָטיזם, וואָס אונטערשיידט זיך גרינטלעך פון די קאָנצעפּציעס פון רעאַקציאָנערן כראַביע זיגמונט קראַשינסקי, וועלכער האָט אין חער שליאַכטע, אין דעם אדל געזען דאָס פאָלק, וועלכער האָט געהאַסט יעטוועדער באַוועגונג פון די מאַסן.

ווען מיר ווילן במילא דעפינירן די באַדייטונג פון סלאָוואַצקין פאַר דער פּוילישער ליטעראַטור מוז קודם־כל אַרויסגעהויבן ווערן דער פאַקט, וואָס נישט געקוקט אויף דער סאַלאָן־דערציונג, נישט געקוקט אויף דער שטרענגער קאַטוילישקייט פון דער מוטער, וואָס ער האָט פאַרגעטערט, נישט געקוקט, וואָס דער טיפער פּאַטריאָטיזם פון דער היים־סביבה איז געווען אַ געגנוג מסופּקדיקער האָט ער זיך אָפּט דערהויבן צו אַזעלכע היסטאָריאָזאָפישע פּאַראַלעמיינערונגען, צו אַזעלכע געוואַגטע אַרויסזאָגונגען, צו אַזעלכע שאַרפע אַרויסטרעטונגען קעגן דעם קאַטאָליציזם און שליאַכטע, אויף וועלכע אפילו מיצקעוויטש האָט נישט געוואַגט, דערביי אַלע די וועזנטלעכע אמתן אָנגעקליידט אין אַזמפאַרגלייכלעכער, לויט איר צויבער, פאָרם און שפּראַך.

שוין אין דער צייט, ווען ער אַרבעט אַלס אַפּליקאַנט אין פינאַנס־מיניסטעריום אויף רימאַרסקע גאַס אין וואַרשע, שרייבט דער צוואַנציק־יאָריקער סלאָוואַצקי אַ גאַנצע ריי לידער אויף געשיכטלעך־פּאָליטישע טעמעס, לידער, וואָס רופן צום אויפשטאַנד און דעמאַנסטרירט אויף אַזאַ אופן זיין טיפן אינטערעס פאַר קאָנקרעטע פראַגן פון עבר און עתיד פון פּוילישן פאָלק און פון דער מענטשהייט. די לידער „הימן", „קוליג", „אָדע צו פרייהייט", „דאָס ליד פון ליטווישן לעגיאָן", זיינען דירעקטע קאַמפס־רופן פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג און פאַרמאָגן שוין אַקצענטן פון סענגנערשאַפט צום קלויסטער.

און אָט די טענער שטייגערן, נעמען אָן סיי קינסטלערישן אויסדרוק, סיי שאַרפערע אַקצענטן אין זייער אידעאָלאָגישן אויסקלאַנג אין די שפּע־טערדיקע יאָרן, ווען ער שאַפט זיין „קאָרדיאַן", „לילאַ ווענעדאַ", „בעניאָווסקי", אין וועלכע עס רייסט זיך שוין אַדורך בייסיקע איראָניע,

טיפער ווייטיק, רעצידיווטער קאמפּס־ווילן מיט די אַנקריטישע פאַרהער־לעבער פון שליאַכטישן געכטן.

. . . są różne blizny,
Których rozcięcie i poodmykanie
Więcej dobrego zrobi, jak ja sądzę,
Niż dowiedzenie przez księży, że błądzę.

(פאַראַן פאַרשידענע וואונדן, וואָס דאָס אויפשניידן און עפענען זיי היילט בעסער, ווי מיר שיינט, ווי דאָס אויפווייזן פון די גלחים, אַז איך בלאָנדזשע").

עפענען די וואונדן, אויפדעקן דעם גאַנצן אמת, וועגן נעכטן און היינט פון פּוילן, וועגן דער שליאַכטע און די פּירער, וואָס זיינען פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דעם דורכפאַל פון אויפשטאַנד, פאַר דער צעטיילונג פון פּוילן, פאַר דער צעריסנקייט אויף דער עמיגראַציע, פאַר דער פינצטער־קייט, פאַרפרומטקייט פון דער מאַסע, ווייזן דעם געדערבטן קאַמף פון די מאַסן פאַר זייער באַפרייונג, אַזעלכע זיינען ביז גאָר אָפּט די אינערלעכע טענדענצן פון זיינע פּרעכטיקע פּאָעטישע שאַפונגען אין פאָרם פון ליריק, ראָמאַנטישער דראַמע און ביבלישער פּראָזע (אַנהעלי).

„איך גלויב — שרייבט סלאָוואַצקי — אַז עס גייען פעלקער, ווי כמאַרעס פולע מיט בליצן אויף די צעוואַקלטע טראָנען", און ער גלויבן, אַז אומשליידערן די טיראַניע וועט נישט די שליאַכטע, וואָס איז דאָך אין תוך געגומען דער אָנשפּאַר פאַר מאָנאַרכיע, נאָר די מענטשן אין די סערמיעגנעס איז איינע פון די געוואַגסטע, רעוואָלוציאָנערישסטע עלע־מענטן אין סלאָוואַצקיס שאַפן.

סלאָוואַצקי איז נישט געווען קיין פאָרמאַליסט, און האָט ביי זיין גאַנצן דראַנג אויפצודעקן נייע פּאָעטישע הימלען, שטענדיק פאַר־בונדן מיט א נייעם געדאַנק, מיט א נייער פּראָגרעסיווער אידיי.

Honor myślom, z których błyska
Nowy duch i forma nowa!

(כבוד די געדאַנקען פון וועלכע עס בליצט אויף א נייער גייסט און פאָרמען נייעו) אָט אזא איז סלאָוואַצקיס דעוויז. דעם פּאָעטס וואָרט, דאַרף זיין ווי אַן „אָנצינד־פונק" (סקרא זאַפּאַלנא) און אין דעם זעלביקן מייסטערישן פּאָלעמישן ליד „צום אויטאָר פון די דריי פּסאַלמען" (קראַ־שינסקין) גיט ער א טויט־קלאַפּ די פאָרמאַליסטן, די רעאַקציאָנערע „וויעש־משעס", סלאָוואַצקי זאָגט דאָרט:

Kiedy gore świat cierpieniem,
Kiedy wzbiera czynu fala,
On się kładzie sam kamieniem,
Na ruch ludzki nie pozwala;
Chce zawrócić w stare łoże
Nowe fale — rzeki duże;
Do zbolałych serc nie wnika,
Gromu ludu nie ma w dłoni,
Ale w uszy formą dzwoni,
Albo dzwoni — albo syka.
Jego dźwiękiem, jego mową
Nie odetchnie pierś szeroka,
Nie pomyśli jego głowa,
Skier nie weźmie z jego oka;
Tylko nędzne ujrzy płachty,
Zamiast wieszcza — sztandar jego
I krzyk: „Na Boga żywego!
Ty kto jesteś? Nie rżnij szlachty!!!" . . .

(ווען די וועלט פֿיבערט אין ליידן, ווען עס הייבט זיך אויף די כוואַליע פֿון טאַט, ליגט ער זיך (דער דיכטער — ש. ל.) ווי אַ שטיין אויפֿן וועג און דערלאָזט נישט זיך באַוועגן פֿאָרויס; ער וויל פֿאַרקערעווען אין דער אַלטער קאָריטע די נייע כוואַליעס, די טייכן מעכטיקע; אין צעווייטיקטע הערצער דרינגט ער נישט אַריין, זיין האַנט דריקט נישט אויס דעם דונער פֿון די פֿאָלקס־מאַסן, נאָר ער קלינגט בלויז אין די אויערן מיט דער פֿאָרם, אָדער ער קלינגט — אָדער ער שיפּעט. מיט זיין קלאַנג, מיט זיין וואָרט וועט די מענטשלעכע ברוסט נישט אָפּאָטעמען טיף. ער וועט נישט אָנצינדן מיט זיינע געדאַנקען, קיין פֿונקען נישט נעמען אין זיין אויג; ער וועט נאָר זען נעבעכדיקע פֿלאַכטעס, אָנשטאָט דעם נביא — זיין פֿאָן און זיין געשריי: „אום גאָטעס ווילן! דו, ווער ביסט עס? הרגע נישט די שליאַכטע!!!").

מיר ברענגען אָט דעם לאַנגן ציטאַט דערפֿאַר, ווייל ער איז איינער פֿון די שאַרפֿסטע אַרויסטרעטונגען קעגן די אַלע, וואָס „קלינגען אין די אויערן", אָנשטאָט אָנצוצינדן אין די הערצער און אין באַוווּסטזיין דעם פֿונק פֿון קאַמף, באַגייסטערן דאָס פֿאָלק.

בכלל איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר סלאָוואַצקין דער טיפֿער גלויבן אין פֿאָלק, אָבער עס איז דאָך מסתמא נישט קיין צופֿאַל, וואָס סלאָוואַצקי

טרעט ארויס אין א שארפער פאָלעמיק מיט זיין גוטן פריינד, איינעם פון די, וואָס האָט ביי זיין לעבן, ווען אים אָנגעשריבן א באַגייסטערטן אַפּרוף, וואָס־זשע האָט אויפגערעגט סלאָוואַצקין? די גענעזיס פון אָט דעם ליד, פון וועלכן מיר האָבן ציטירט די פראַגמענטן איז א ביז גאָר כאַראַקטעריסטישער און וואַרפט א געוויסן שיין אויף סלאָוואַצקיס פערזענלעכקייט:

אין 1843 יאָר איז העראַשינען אַ בראָשור פון פילאַרעט פראַוודאָוווסקי (פּסעוודאָנים פון העגריק קאַמיענסקי) א. ק. „וועזנטלעכע אמתן", וווּ ער רופט אין דער דריטער טייל, וואָס טראָגט דעם טיטל „די מלחמה פון די פעלקער" צו אויפשטאַנד, וואָס דאַרף אין קעגנזאַץ צו דעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד זיין אַן אַלפאָלקישער, אַרומנעמען אויך אַלע פּויערים, אָן וועלכע ס'איז — לויט אים — אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן דעם זיגרייכן אויסגאַנג. ער ווייזט דאָרט אָן, אַז אויב דער אויפשטאַנד וועט נישט זיין פאַרבונדן מיט קיין סאָציאַלער רעוואָלוציע וועט ער ליידן א מפּלה. פאַרשטייט זיך, אַז בכדי צו געווינען די פּויערים איז נייטיק, אַז די פּויערים זאָלן אָן שום אָפּצאָל באַקומען די ערד אויף וועלכע זיי אַרבעטן אַלס זייער אייגנטום. אָט די בראָשור האָט ביי דעם רעאַקציאָנערן זיגמונט קראַשינסקי אַרויסגערופן ציין־קריצעניש און ער איז אַרויס מיט זיין קלאַסן־סאָלידאַריסטישן לאָזונג: „מיט דער פּוילישער שליאַכטע — איז דאָס פּוילישע פאָלק", האָט אָנגעהויבן שרעקן מיט שחיטות און מערדערייען פון די מאַסן. די מורא איז נאָך ביי קראַשינסקין געשטיגן נאָך דעם אויפשטאַנד פון שעלין, בעת דעם פּויערים־אויפשטאַנד אין גאַליציע פון 1846 יאָר. קראַשינסקי פאַרערט דעמלט אין זיין בריוו צו פריינד „תּליות פאַר די אויפשטענדלער".

און אָט אויף די דריי פּסאַלמען פון קראַשינסקין קומט אַן אויסשטעפּיקער, היסטאָריאָזאָפישער ענטפער פון סלאָוואַצקין, וווּ ער ווייזט אָן, אַז אין די „מאַגנאַטן איז דאָס האַרץ קראַנק: א שלאַנג איז זייער האַרץ און פּרוכנע זייער מאַרך". ער ווייזט אָן, אַז די רייד וועגן טאַט, וחענן קאַמף אין מויל פון אַזעלכע ווי קראַשינסקי האָבן דאָך קיין שום האַפּט נישט, ווייל ער רעדט וועגן פאָלק און מיינט די שליאַכטע, און פאַרשטייט נישט ווי „אָן דעם פאָלק ווי שוואַך עס איז די ברוסט פון מענטש". נאָך מער; „ווער אַנדערש איז פאַראַן אויסער דער פאָלקס־מאַסע?" — פרעגט סלאָוואַצקי.

נישט נאָר, וואָס ער זעט, אַז די דערלייזונג קאָן קומען דורכן פאָלק, ער זעט, אַז זיין קאַמף איז א גערעכטער. קורץ: דער ראָמאַנטיקער מיט א נייגונג זיך אָפּצורייסן פון דערווירקלעכקייט גיט א קלאָרן און

שאַרפֿן רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישן ענטפֿער. ער רעדט וועגן דער מאָ־ביליזירנדיקער באַדייטונג פֿון דער פּאָעזיע, וועגן דער צעפּוילטקייט פֿון דער שליאַכטע, וועגן דער קראַפֿט און גערעכטן קאַמף פֿון דער פֿאָלקס־מאַסע, וואָס איז דאָס פּאַקטישע פֿאָלק. און אויב דער פֿייערים־אויפֿשטאַנד האָט געשראָקן די עמיגראַנטישע רעאַקציע, נעמט אים סלאָוואַצקי אויף מיט אָנערקענונג און באַגייסטערונג. סלאָוואַצקי זעט אין בונט פֿון שטלין עפּעס מער ווי נאַרונג צו נקמה און מאָרד, ער באַגרייפֿט אַלץ דייטלעכער, אַז דער פֿאָלקס־מאַסע קומט די מאַכט. אין זיין „שטים פֿון דער עמיגראַ־ציע צו די ברידער אין לאַנד" זאָגט דער פּאָעט:

„האָב אַכטונג פֿאַר דער גראָבער סערמיענגע, ווייל דאָס איז דער הולך פֿון די קינפֿטיקע זעלנער, וואָס וועלן אויסקעמפֿן פּוילן".

Ludy, bo wkrótce będziecie jak bogi.
Co rozwiążecie wy w żelaznej dłoni,
To rozwiązane będzie . . . już na wieki.
A kto odejdzie od was — gdzie się schroni?

(פעלקער, אינגיכן וועט איר זיין געגליכן צו געטער. וואָס איר וועט לייזן מיט אייערע אייזערנע הענט, וועט זיין געלייזט... שוין אויף אייביק. און ווער עס וועט פֿון אייך אָפּגיין — וווהין וועט ער זיך אהינטאָן?")

עס איז נאָך די ציטירטע שורות איבעריק אָנצוווייזן, אַז אַזוי טראַכטן, באַנעמען איז נישט אין גייסט פֿון פֿאַרמאַליסטן...

* * *

יוליוש סלאָוואַצקי איז אַ טיפּישער פֿאָרשטייער פֿון ראָמאַנטיזם, פֿון אַ ראָמאַנטישן פּאָעט. מע קאָן דרייסט זאָגן, אַז דער ראָמאַנטיזם, דאָס געפֿיל אין די פֿאַנטאַסטיק, ווי אויך די פֿאָרם־פֿרייהייט איז בײַ אים געווען נישט בלויז אַ קאָנצעפּציאָנעלע פֿאַרווירקלעכונג פֿון די געבאָטן פֿון דער ראָמאַנטישער שול, נישט בלויז קיין פֿאָרם פֿון דיכטערישער פֿאַראויסערונג, נאָר אין אַ באַדייטנדיקער מאָס געשטעקט אין זיין פּסיכיק, אין זיין איך. און אפשר מיט דעם קאָן מען זיך אויסטייטשן דעם פֿאַקט, וואָס אויב מיצקעוויטש איז געווען ענלעך צו אַ פֿייער־שפּייענדיקן באַרג, וואָס וואַרפֿט אַרויס אין די מינוטן פֿון שטפּערישן אויפֿברויז פֿייער־זיילן און דעם ריינסטן מעטאַל פֿון געדאַנק און טיף פּאַטריאָטישן געפֿיל, איז סלאָוואַצקי געווען באַשטענדיקע גליונג און איז אפילו אין זיינע פּריוואַטע בריוו אויך פּאָעט, אויך ראָמאַנטיקער, ווייל נישט פּאָעט, האָט ער נישט געקאָנט זיין...

אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס די צעהיצטע פאַנטאַזיע פון דעם גרויסן ראָמאַנטיקער האָט אים אָפט אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקייט און אוועקגעפירט אין דעם „גן־עדנשן געביט פון טרוים" (ווי ראַיסקאָן רופט דאָס אילוזיע) איז דער אימפּולס און דער עצם געוועב פון זיין פאַר־ביק (אָפט צו פאַרביק אין שפּראַך און אויסדרוק) שאַפן געקומען געוואָרן פון קאָנקרעטער אָבסערוואַציע, פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט.

נאָך מער: אפילו אין אַזאַ ווערק ווי „באַלאַדינאַ", וואָס געפינט זיך שוין פולשטענדיק אין דער וועלט פון פאַנטאַסטישקייט, פון אימאַגינאַ־ציע־שפּיל, איז נישט שווער אויסצוגעפינען אַלוזיעס, שטריכן, פאַקטן, וואָס האָבן א דירעקטע, צי אומדירעקטע אָנדייטונג אויף באַשטימטע נאַציאָנאַלע שטריכן.

שוין אָפּגערעדט וועגן אַזעלכע ווערק, ווי „קאָרדיאַן", „לילאַ ווענע־דאַ", צי אַזאַ פּאָעמע ווי „יאַן ביעלעצקי", צי „בעניאָווסקי", אָדער די שוין ציטירטע ליד „צום אייטאָר פון דריי פּסאַלמען", אָדער „אַגאַמעמנאָנס קבר" און אַנדערע, ווו ס'איז דייטלעך צו זען, וואָס האָט אינספּירירט די ווערק, אוועלכע נאַציאָנאַלע, צי געזעלשאַפטלעכע, צי היסטאָרישע אמתן ער איז אויסן אַרויסצוברענגען און דאָס אין א גאַנץ רעאַליסטישן געמעל, וואָס איז בלויז באַווירקט פון דער פליאיקער סלאַוואַצקישער פאַנ־טאַזיע, וועלכע, ווי שוין געזאָגט, האָט אים געצויגן אין דער וועלט פון טרוים, פון אידעאַלן.

אין „קאָרדיאַן" (1834), וואָס דאַרף זיין אַן ענטפער אויף מיצ־קעוויטשעס דריטער טייל „דזשאַדי", געפינען מיר ביינאַנד מיט מאָ־מענטן פון אויטאָביאָגראַפיע און אויטאָ־כאַראַקטעריסטיק, רעאַליסטישע בילדער פון דער ווירקלעכקייט בעת דעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד, א ממש סאַטירישע סצענע ביים פּויפּסט, סילועטקעס פון די אָנפירער און דעם ערשטן פרווו צו שילדערן א מאַסן־באַוועגונג אויפן פאָן פון ברייטע גע־שיכטלעכע פּערספּעקטיוון.

פאַרשטייט זיך, אז די שליאַכטישע, ווי די שפּעטערדיקע בורזשו־אַזע קריטיקער האָבן אין „קאָרדיאַן" זיך מער אָפּגעשטעלט אויף דער אַנטקעגנשטעלונג מיצקעוויטשן, אויף דער אויטאָכאַראַקטעריסטיק, אויף זיין „שוואַלבן־אומרו", און פאַרשריבן זייער פיל אויף דער טעמע סלאָ־וואַצקיס ווינקלרייעד און מיצקעוויטשעס משיח, וואָס ווען היינט פיר און פערציק, אַנדערש געזאָגט, געקומען דאָס, וואָס איז צינד־צאָלונג דעם מיסטיציזם פון דער סביבה, אין וועלכער ער האָט זיך דערצויגן, און פאַרזען דאָס, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע.

אַז סלאָוואַצקי טראַכט וועגן דער פֿאַרגאַנגענהייט, אַז זײַן הויפּט־רעגונג איז אויפֿצוהייבן דאָס פֿאָלק צו באַפֿרײַיִערישן טאַט, אַז ער אַנאַליזירט די שטריכן פֿון הערשנדיקן קלאַס, וואָס איז פֿאַר די אומגליקן און פּײַנען פֿון פֿאָלק און לאַנד פֿאַראַנטוואָרטלעך — איז צו זען אויך אין נישט קיין קלענער מאָס אין „אַגאַמעמנאָנס קבֿר" און אין „לילאַ ווענעדאַ". אָט, געפֿינענדיק זיך אין דער הייל, וווּ עס רוט דער ערדישער שטויב פֿון דעם לעגענדאַרן גריכישן העלד, טראַכט ער וועגן גורל פֿון זײַן לאַנד, וועגן דעם, אַז נישט קיין טערמאָפּילן, וווּ ס'איז העלדיש געפֿאַלן לעאָנידאַס מיט זײַנע זעלנער, נאָר דאָס אָרט פֿון פּחדנישן פֿאַרלאָזן דאָס שלאַכטפֿעלד — די כעראָנייע איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר זײַן לאַנד. און ער באַשולדיקט די שליאַכטע אין פּוילנס אומגליק. אַז שולדיק איז איר עגאָיזם, אײַנגענוצערישקייט, נאָכמאַלפּעווען אַנדערע פֿעלקער (פּאַוו נאַראָדוו אי פּאַפּוגאַ), לײַכטזיניקייט און אָפּטע אומזיניקייט („די קראָ פֿרעסט דיר אויס נישט דאָס האַרץ, נאָר די מאַרכן") איז געווען די סיבה פֿון דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפֿע. פֿאַרוואָס זאָגט ער דאָס? ווײַל ער וויל אויפֿוועקן דאָס פֿאָלק, ווײַל ער וויל גרייכן צו דער טיף פֿון די אײַנגעווײדן און זיי אַ ציפּ טאָן („שיענגנען דאָ וונעטשאַ טוויך טשעוו אי זאַטאַרגאַם").

די דורכויס פֿאַנטאַסטישע „לילאַ ווענעדאַ" איז אויך פֿולשטענדיק געווידמעט אַ קאָנקרעטער היסטאָרישער טעמע: דעם אויפֿשטאַנד פֿון 1831 יאָר. אין אַ מיטאָלאָגיזירנדיקער פֿאָרם ברענגט דאָ סלאָוואַצקי אַרויס דעם אָפּשטאַם פֿון די פּאָליאַקן פֿון די ווענעדן און לעכיטן, דערבײַ באַשענקט ער די ווענעדן, וואָס פֿאַרקערפּערן די פֿאָלקס־מאַסע, מיט שטאַרקע פּאַטריאָטישע געפֿילן, מיט זעלבסטווירדע, מיט קרבנות־גרייטקייט און אומגעוואַקלטקייט, אין דער צײַט ווען אין די לעכיטן, וואָס דאַרפֿן פֿאַרקערפּערן מיט זיך דעם אַדל, די שליאַכטע, זעט סלאָוואַצקי, וואָס אַן אמת אַקטיווקייט, אונטערנעמערישקייט, קעמפֿערישקייט אָבער אײַנזײַטיק און אומזיניקע זאָרגלאָזיקייט, „שיכרות, פֿרעסערישקייט, צעשריגנקייט, פֿאַרגרעבטקייט, פּראָסטאַקישקייט, אַ מתנה פֿון ריטער־הענט און נישט דענקענדיקע מוחות". און פֿאָלק זעט ער אַלזאָ אַ „נשמה פֿון אַ מלאך", אין דער שליאַכטע „אַ פּראָסטאַקישן שאַרבן".

פֿאַרוואָס־זשע איז לויט סלאָוואַצקין אַדורכגעפֿאַלן דער אויפֿשטאַנד? ערשטנס, ווײַל ער האָט פֿאַרמאָגט צווייקעפּיקע פֿירער מיט נעבנדערנע הענט (געמיינט: כלאָפּיצקי — ראַדזשיוויל, סקשינעצקי — פּראָנדזינסקי), צווייטנס, ווײַל בײַ די פֿירער גופֿא האָט געפֿעלט גלייבן און איבערציי־

גונג אין דער געהויבנקייט פון זייער שליחות, דריטנס, ווייל מע האט נישט געגלויבט אין די איינענע כוחות און מען איז געווען פארקוקט אויף דער הילף פון אויסן, און ווייל די געזעלשאפט, וואס איז צו יענער צייט געווען פאראנטווארטלעך פארן גורל פון אויפשטאנד, איז געווען פחדניש, מאראליש נישטיק, עגאיסטיש.

ווי ס'איז צו זען האבן מיר דא, אין דער פיעסע, וואס איז געבויט אויף פולשטענדיק לעגענדארן שטאף און פארמאגט אין זיך א מערק־ווירדיקן סינטעז פון ריין ראמאנטישן געבוי מיט דעם אלט־גריכיש קלאַ־סישן, (דאס גלויבן אין פאטום, די כארן און אנד.) ביז גאר געוואגטע היסטאריאזאפישע פאראלעלעמיינערונגען, וואס האבן געקאנט ארויסרופן אין די עמיגראנטישע קרייזן בייז בלוט, אויפגענומען ווערן מיט גרויס ווידערווילן. און סלאוואצקיס פאקטישע פאראייניזאמטקייט, דאס כמעט איגנארירן זיין שאפן, האט פארשטייט זיך נישט געשטערט דערין, וואס ער איז געווען שווער צו פארשטיין, פארקערט: מע קאן זיך לייכט פארשטעלן, אז מיט די מיטאלאגישע געטער, עאלן סטרונעס, מלאכים, און אריאדנע־פעדימס, ווי די צענדליקער אנדערע באגריפן געשעפטע פון ביבלישע, מיסטישע, קאטוילישע, און אלט־גריכישע, צי רוימישע מקור־רים זיינען געווען פיל צוטריטלעכער סלאוואצקיס מיטצייטלער, ווי דעם איצטיקן דור, וואס באנוצט שוין נישט אזא שפראך, און איז ווייט פון אט דער באגריפן־וועלט, מע האט אים פשוט איגנארירט צוליב דעם אויפרייסעריש־רעוואלוציאנערן, צוליב זיין דעמאסקירן דעם קלאס, די גרופירונגען, וואס האבן אנגעגעבן דעם טאן, די ריכטונג, די ליניע דער עמיגראציע...

ווי האט געקאנט געפעלן ווערן זיינע מיטצייטלער „לאמבראַ”, ווו עס איז צו מערקן א שארפער בונט קעגן דער פאליטישער און געזעל־שאפטלעכער ווירקלעכקייט פון יענער צייט. ווי האט געקאנט שמעקן אזא פאעמע ווי „יאן ביעלעצקי”, וואס איז רייך אין רעאליסטישע געמעלן, און די הויפט־טעמען זיינען די קרענקלעכע אמביציעס פון דער שליאכטע, די גרייטקייט אפילו צוליב פערזענלעכער נקמה אין שונא — פאראטן דאס אייגענע לאנד? ווי האט געקאנט געפעלן ווערן אזא קאפיטאל ווערק ווי „בעניאווסקי”, ווו ער גיט א צעשמעטערנדיקע כאראקטעריסטיק פון דער עמיגראציע, פון די אריסטאקראטישע קלייזל־פאליטיקער, וואס טוען אלץ פאר כבוד און רום, ווו ער לאכט בייסיק אויס די קאטוילישע שריי־בער און זייער גרונט־ארגאן „סלאדא־פאלסקא”, וואס שטייט אונטער דער השפעה פון „יעזואיטן און באבעס”, ווי האבן נישט געוואלט אים בא־

מערקן, און ער האָט זיך נישט געוואָלט ביינן. „אָט אזא איז דער וועג מיינער — זאָגט סלאָוואצקי, — לעבן, ליידן און שאַפן, דאָס אלץ טו איך — און מער קאָן איך נישט".

און ווייל ער איז געווען געטריי זיין שרייבערישן בארוף, ווייל ער האָט נישט געזשאלעוועט קיין גאל און ביטול פאר די אלע, וואָס האָבן פאקטיש אנטוואָפנט דאָס פאָלק, וואָס האָבן געשלעפט צום אלטן, ווייל ער האָט פאקטיש געוואָגט אָפן ארויסצוטרעטן קעגן דעם קלער און פויפסט, איז ער געווען פאראורטיילט אויף איינזאמקייט. און ווען זיינע צעלעכערטע לונגען האָבן אויפגעהערט צו אָטעמען האָט אים באגלייט א קליין הייפל מענטשן... און ערשט מיט א 20—30 יאָר נאָך זיין טויט האָט מען אָנגעהויבן „אנטדעקן" סלאָוואצקין.

* * *

רייך און פארשידנארטיק איז דאָס שאַפן פון דעם גרויסן פּאָעט, פארשידנארטיק און אָפט סתירהדיק, דאָך איז ער סיי אין זיינע שאַפונגען, וואָס קאָנען פארעכנט ווערן פאר רעאליסטישע, סיי אין די שאַפונגען, וואָס טראָגן דעם שטעמפּל פון מיסטיציזם, דער גרויסער רעוואָלוציאָנער פון גייסט, די דיכטערישע פערזענלעכקייט, וואָס פילט מיט די, וואָס פיבערן, ווייל ער ברענט אליין, — וואָס טראָגט אין זיך דעם דראַנג ארויסצוקעמפן פארן פאָלק א גערעכטע, באפרייטע צוקונפט.

אין זיין רעאליסטיש ווערק „בעניאָווסקי" זאָגט סלאָוואצקי אין איינע פון זיינע פילצאָליקע מיסטערישע דיגרעסיעס: „גאָט אליין בלויז ווייסט, ווי שווער מיר איז געווען זיך צוגעוווינען צום לעבן, וואָס ער האָט מיר געגעבן", אז ער האָט מורא געהאט פאר פשוטקייט. אָבער אין די סאמע בעסטע שאַפונגען זיינע איז פאראן אזויפיל אפירמאציע פון לעבן, אזא טיפער גלויבן אין פאָלק, אזא גלויבן אין קאמף, אזא איבערצייגונג, אז די טראָגן ווען אונטער די מעכטיקע קלעפּ פון די פעלקער זיך איינוואלגערן, אזא הייסער באגער צו א שיין מענטשלעך צוזאמענלעבן, אזא רייכער הומאניזם און דאָס אלץ אין אזעלכע אומפארגלייכלעכע פּאָעטישע שורות, אז זיי מאכן אויפקומען אין דער גאנצער גרויס די דיכטער־פערזענלעכקייט, דעם טיפן פאטריאָט, וואָס איז פארקוקט אין דער צוקונפט פון לאנד.

יאָ, סלאָוואצקי האָט אפשר צוליב זיין קרענקלעכקייט, אפשר צוליב דער אָפּשטויסנדיקייט פון דער פאריזער עמיגראציע, און נישט אויסגע־

שלאָסן, אַז צוליב ביידע סיבות צוזאַמען, זיך גענייגט צו איינזאַמקייט, צו פּעסימיזם און האָט זיך זייער גערן איבערגעטראָגן אין דער וועלט פון טרוים, דעריבער איז נאָך באַוואונדערונגסווערט דאָס, וואָס עס זעט זיך אַזוי בולט אַרויס פון זיין שאַפן דעם דראַנג צו גיין קעגן שטראָם, קעגן דעם איינגענעם קלאַס, זיין גרייטקייט אויפצונעמען דעם רעוואָלוציאָנערן שטורעם פון 1848 יאָר, זיין באַרן קיין פויזן אַנטיילצונעמען אין אויפשטאַנד, זייענדיק שטערבלעך קראַנק!

„ווער וואָלט אַזוי מסכים געווען צו גיין אַן אַנערקענונג, ווי איך?" פרעגט סלאָוואַצקי. אָבער ער ווייסט, אַז אַלץ וואָס איז איידל געווען און אמתדיק איז אים גלייכגילטיק נישט געווען, אַז נאָך אים וועט בלייבן אָט „דער פאַטאַלער כוח", וואָס „וועט נאָכן טויט אייך פאַרפאָלגן אַן אומבאַמערקטער, אַזוי לאַנג, ביז ער וועט די פּשוטע ברויט־עסער אין מלאכים איבערגעשטאַלטיקן"...

יוליוש סלאָוואַצקי, דער מענטש מיט דעם „שוואַלבן־אומרו" אין האַרץ, דער גרויסער וואַנדערער איבער פאַרשידענע וועלטדווינקלען, האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך דעם „פאַטאַלן כוח", וואָס באַגייסטערט, וועקט, מאָנט, אַ שיין נערעכט לעבן.

און אויב נאָך זיין טויט איז סלאָוואַצקי „אַנטדעקט" געוואָרן, בכדי אים אויסצוהוילן פון די אינהאַלטן, וואָס זיינען אים אייגנטימלעך, בכדי אים צו פאַרוואַנדלען אין אַ פּשוטן פאָרמאַליסט, מיסטיקער און פּסיכאָאַנאַליטיקער... וועט ערשט איצט, ביי אונדז אין דעמאָקראַטישן פּוילן, אָפּגעשאַצט דער גאַנצער סלאָוואַצקי, ערשט איצט וועט ער דאָס אייגנטום פון פאָלק, פון די מענטשן פון די האַרטע דלאָניעס און די פערמיעגעס, ערשט איצט וועט מקוים זיין נבואה, אַז „דאָס פאָלק וועט גיין נאָך מיר"...

עס איז קלאָר: סלאָוואַצקי איז נאָך נישט קריטיש־וויסנשאַפטלעך באַהאַנדלט געוואָרן. איצט ווערן געלייגט די ערשטע ציגל אונטער דעם קריטישן בנין פון דער סלאָוואַצקי־קענטעניש. עס אונטערליגט אָבער נישט קיין ספק, אַז בלויז איצט זיינען פאַראַן אַלע די פאַרבאַדינגונגען די גרויסע קריטישע אַרבעט אָנצושרייבן, און עס איז מער ווי זיכער, אַז ווען מיר וועלן אַזאַ אַרבעט האָבן, וועט זיך באַשטימט אַרויסווייזן, אַז די השפעה פון דער רעאַליסטיש־רוסישער ליטעראַטור, וואָס האָט אין די יאָרן פון סלאָוואַצקיס פאַרברענגען אין קרעמעניץ און ווילנע שוין פאַרמאָגט פּושקינען און לערמאָנטאָוון, גריבאָיעדאָוון און גאָגאָלן, קרילאָוון און קאָלצאָוון און אַזאַ נעניאַלן קריטיקער, ווי ביעלינסקי, האָט נישט ווינ־

ציע מיטגעווירקט סיי אויף מיצקעוויטשן און סיי אויף סלאָוואַצקין אין דער ריכטונג פֿון אָנפֿילן דעם ראָמאַנטיזם מיט רעוואָלוציאָנער־פּראָגרעסיווע אינהאַלטן און נישט רעאַקציאָנער שאָטאָבריאַנדישע. זיין פּיעטעטביים שילדערן רוסן, ביים דערמאָנען די קאַריפֿייען פֿון דער רוסישער ליטעראַטור, זיין הייסע ליבע צו זיין געבוירן־שטאָט קרעמעניץ, צו דעם איקווע־טייך, צו די אוקראַינישע סטעפּישע ברייטן, ווייזן, אַז דאָס, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אויף די געביטן פֿון רוסלאַנד און אוקראַינע האָט טיף געשטעקט אין זיין געמיט און באַוווּסטזיין. דאָס אויספֿאָרשן, אָוועקשטעלן זיין שאַפֿן אין ענגן צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן אין רוסלאַנד, וואָס געפֿינט זיך ביים אָנהייב פֿון רעוואָלוציאָנערן אויפֿברויז, וועלכן עס סיגנאַליזירן די דעקאַבריסטן, מיט די נאַציאָנאַל־באַפֿרייערישע באַוועגונג פֿון פּוילן אין נאָוועמבער־אויפֿשטאַנד פֿון 1831טן יאָר, די פֿרייהייטס־קאַמפֿן אין גריכנלאַנד, די יולי־רעוואָלוציע אין פֿראַנקרייך און דאָס אָנרוקן זיך פֿון דעם „פֿרילינג פֿון די פֿעלקער", וועלכע זיינען געווען אַ מין אידעישער און מאָראַלישער עקזאַמען פֿון יעטוועדן מענטש, און באַזונדערס פֿון קינסטלער, וועט אונדז ווייזן דעם איינגנטלעכן סלאָוואַצקי, וועט באַווייזן די עכטקייט, אינטענסיווקייט פֿון דעם שעפֿערס פּאַטריאָטיזם און רעוואָלוציאָנערן דעמאָקראַטיזם, וועט ווייזן סלאָוואַצקין אין די איינגנטלעכע פּראָפּאָרצן, אין זיין איינגנטלעכער גרויס.

דערווייל וועלן מיר זיך באַגנוגענען בלויז מיטן פֿעסטשטעלן:

נאָך מיצקעוויטשן איז סלאָוואַצקי דער צווייטער, גרויסער פּוילישער זון, דער קאַריפֿיי פֿון פּאָעזיע, וואָס האָט ווירדיק רעפּרעזענטירט די שענסטע שטריכן פֿון זיין פֿאָלק, אויסגעדריקט זיין ווילן צום קאַמף פֿאַר אַ גערעכטן, גליקלעכן און באַפֿרייטן מאָרגן, פֿאַר זיך און פֿאַר אַלע אונטערדריקטע פֿעלקער, האָט צו דעם געהויבענעם קאַמף געוועקט און גערופֿן.

# עליזאַ אָזשעשקאָ
## די גרויסע פּוילישע הומאַניסטין

די פּוילישע ליטעראַטור איז אפשר די איינציקע אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס האָט אַזוי פיל ווערק געווידמעט דער יידישער טעמע; די איינציקע אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ טיפע קענטעניש און טיפן אינטערעס צום יידישן לעבן, צו די פּראָבלעמען, וואָס האָבן געגורטעוועט אין דער יידישער סביבה.

שוין יוליאַן אורסין ניעמצעוויטש, דער אויטאָר פון „פּאָוורוט פּאָסלאַ" (צוריקקער פון דעפּוטאַט), פון די „שפּיעווי היסטאָריטשנע" (היסטאָרישע געזאַנגען), „פּאַן פּאָדסטאָלי" און אנד. איז אויך דער אויטאָר פון פאַרגעמיקן עפּיסטאָליאַרן ראָמאַן „לייב און שרה, אָדער בריוו פון צוויי געליבטע" (1820 י.), — אפשר דאָס ערשטע גרויסע „משכילישע" ווערק וועגן יידן אין דער פּוילישער שפּראַך, משכילישע, ווייל אין דעם ווערק זיינען געקומען צום אויסדרוק אַט די אַלע אידעאַלן, וואָס עס האָבן געפּריידיקט די יידישע אויפקלערער, און זיינען פאַרשטייט זיך געווען אין פולן איינקלאַנג מיט די שטרעבונגען פון דער פּוילישער אויפקלערונג.

עס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז קאַטשמשיושקאָס סעקרעטאַר ניעמצעוויטש איז אַוועק ווייטער אין פּראָטעסט קעגן אָבסקוראַנטיזם און אונטערדריקונג דורכן קלער ווי אַ סך יידישע משכילים פון דעמאָקראַטישער איינשטעלונג. אין מויל פון דעם אויפגעקלערטן לייבן און זיין געליבטער, וואָס קעמפט, ווי אַ... לייב מיט איר אָבסקוראַנטישער משפּחה, לייגט ער אריין ווערטער פון פלאַמיקן פּראָטעסט קעגן די פרומאַקעס, וואָס ווילן האַלטן דאָס פאָלק אין פינצטערניש, איזאָלירט פון דער וועלט, ווערטער, וועלכע איבעראַשן מיט זייער געוואַגטקייט.

ווען מיר ווילן דערצו דערמאָנען קאָזשעניאָווסקיס קאָמעדיע „די יידן", זיינע באַוווּסטע ווערק: „קאַללאַקאַציע", „ספּעקולאַנט"; סיראָקאָמלאָס „מאַנדעציאַזש" און „קשיעגנאַזש אולימשני", איגנאַצי קראַשעווסקיס דרייבענדיקן ראָמאַן „זשיד", די שילדערונגען פון יידן ביי מיצקעוויטש; און סלאָוואַצקין, ביי נאָרווידן און אַסניקן, ביי פּרוסן, קאָנאָפּניצקאַן און

אָזשעשקאָ, וועלן מיר ערשט האָבן א ברוכטייל דערפון, וואָס איז אין דער צייט, אָנהייבדיק פון די יאָרן פון אויפקלערונג („אָשוויעצעניע"), ראָמאַנטיזם און פּאָזיטיוויזם, אויף דער יידן־טעמע געשריבן געוואָרן.

עליזא אָזשעשקאָ איז פון אייניקע ווערק פון אירע פאָרגענגער געווען דירעקט באאיינפלוסט! עס קאָן דרייסט אָנערקענט ווערן געמעצעוויטשס ליוב, אלס דער פּראָטאָטיפּ פון מאיר עזאָפאָוויטש, וואָס טרעט, זוי ער, ארויס קעגן דעם אָבסקוראַנטישן ארום. דער אַלטער מיכל עזאָפּאָוויטש דערמאָנט ביז גאָר שטארק אין אלטן אברהם ביי געמצעוויטשן. אין א געוויסער הינזיכט איז געמצעוויטשס „ליוב און שרה" אָפּטימיסטישער, האָפּערדיקער אין זיין אויסקלאַנג, ווייל אויב דאָרט ענדיקט זיך דער ראָמאַן מיט דעם פּאַקטישן זיג פון דער אויפקלערונג, פון די אויפגעקלערטע, קומט ביי אָזשעשקאָן אויס, אז אין דעם דורותדיקן קאַמף פון די עזאָפּאָוויטשעס מיט די קלעריקאַלע טודרוסעס, זיגן דווקא די לעצטע, וואָס רעפּרעזענטירן פינצטערניש און רעאַקציע...

נאָר אָזשעשקאָ האָט מיט גרויס געניטקייט, אויף א רעאַליסטישן אופן, ארויסגעהויבן די וועזנטלעכסטע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן אין פּאַרברייטערט די פּראָבלעמאַטיק פיל מער, ווי עס האָט געטאָן די יידישע ליטעראַטור אין די 60—70 און אפילו אכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. דער קאַמף פון די אויפגעקלערטע מיט דער פאַרפרומטער, פינצטערער כנופיא, וואָס האָט געקאָמאַנדעוועט אין דער יידישער סביבה, דער פּראָצעס פון קאַפּיטאַליזאַציע אין דער יידישער סביבה, דאָס פּראָבלעם פון אסימילאַציע פון דער יידישער אינטעליגענץ און אויפגעקומענע גבירים, דאָס שווערע לעבן פון דאָפּלט־אונטערדריקטן פּשוטן יידישן פאָלקסמענטש, די יידישע דערציונגס־סיסטעם, די פאַנראָמען האָבן געקראָגן א דירעקטע און אומדירעקטע אָפּשפיגלונג אין איר שאַפן, אנדערש געזאָגט: אָזשעשקאָ האָט געגעבן אן אויסשעפיק בילד פון יידישן לעבן אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט אויפן פּאָן פון פּרעכטיקע שטיינער־בילדער, טיפּע רעאַליסטישע געמעלן, וואָס בלויז אין אויסערלעכע דעטאַלן זיינען זיי אָפּט געווען אומפּינקטלעך, אין מהות אָבער זיינען זיי געווען פולשטענדיק ריכטיק און טיפּיש.

דער יידישער לייענער האָט אין אָזשעשקאָס ווערק נישט נאָר דערזען, וואָס א פאָרשטייער פון פוילישן פאָלק זאָגט וועגן יידן, נאָר האָט אין די ווערק זיך דערקענט, זיין לעבן דערזען, זיינע מעלות און חסרונות באמערקט. און היות דאָס שיינע און דערהויבענע האָט אָזשעשקאָ געפונען אין די אָרעמע שמשונס („שמשון הגבור"), אין די אָרעמע, צעבראָ־

כענע גדליהס („גדליה״), ביי דעם אָרעמען אייניקל פֿון „דאַי קוויאַטעס״ (גיב אַ בלימל), איז זי געוואָרן באַזונדערס נאָענט דעם פֿאָלקס־מענטש.

אין דעם ראָמאַן „מירטאַלא״, וועלכע זי שפּינט אויף דער ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון די יידן אין רוים, בעת דער הערשאַפֿט פֿון אַספּינוסן, באַשענקט אָזשעשקאָ מיט עכט־פּאַטריאָטישע געפֿילן די אָרעמע זין און טעכטער פֿון פֿאָלק און באַציט זיך מיט ביטול צו די בירזשניקאַס און איר אינטעליגענטישער משפּחה, צו די יוסף פֿלאַוויוסעס, וואָס האָבן זיך פֿאַר־קויפֿט צום שונא פֿון אייגענעם פֿאָלק. אַגב איז „מירטאַלא״ אויך אויסן אַרויסצוברענגען דאָס בילד פֿון די פּאָגראָמען פֿון די 80־ער יאָרן אין רוסלאַנד, אויף אַ לעגאַלן, דורך דער צענזור נישט קוועסטיאָנירבאַרן אופֿן, — ווי אַן עפּיזאָד פֿון דער „ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט״.

אין אַ צייט פֿון געשטייגערטער נאַציאָנאַליסטישער און פּאָגראָם־העצ־צע, וואָס קומט אויף אין נאָך־רעפֿאָרמיקן צאַרישן רוסלאַנד אין צוזאַ־מענהאַנג מיטן האַסטיקן וווקס פֿון קאַפּיטאַליזם און געשטייגערטן קלאַסן־קאַמף, ווען די צאַרישע רעגירונג פּרוווט קאַנאַליזירן די אומצופֿרידנקייט פֿון די אַרבעטער און פּויערים־מאַסן אין דער ריכטונג פֿון צווישנפֿעלקער־לעכער שנאה; אין אַ צייט, ווען דער צאַר פּראָטעזשירט די פֿינצטערסטע שוואַרצע סאָטניע, און עס באַווייזן זיך שוין די פּוילישע ענדעקעס אויף דער אַרענע — אַרויסטרעטן קעגן די אינסינואַציעס און בלבולים אויף יידן, אַז זיי זיינען מכלומרשט „קרעזוסן״, אַרויסטרעטן קעגן דעם פֿאַר־שטעלן די יידן ווי גיריקע, שמוציקע, פֿאַלשע און פּאַראַזיטישע עלעמענטן, וועלכע לעבן אין וווילטאָג און רייכטום, פֿאָדערט נישט קיין קליינע גע־וואַגטקייט. און אָזשעשקאָס אַרויסטרעטונגען סיי אין דער בעלעטריסטיק, סיי אין דער פּובליציסטיק עדותן וועגן דער מאָס פֿון איר הומאַניזם, וועגן איר טיפֿער סימפּאַטיע צום אונטערדריקטן און באַליידיקטן.

עליזאַ אָזשעשקאָס באַציונג צו די יידן, איר טיפֿער אינטערעס צו דער יידן־פֿראַגע איז נישט עפּעס קיין פֿענאָמען, וואָס קאָן און דאַרף אויס־געטיילט ווערן פֿון איר גאַנצן שרייבערישן ווערק. די דאָזיקע באַציונג איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער וועלט־אַנשויונג פֿון דער שרייבערין פֿון די זעכציקער ביז די 80־ער יאָרן פֿון פּ. י. ה. ס׳הייסט, אין דער צייט, ווען דער פּאָזיטיוויזם איז געווען אין זיין סאַמע בלי (פֿון דער צייט שטאַ־מען מאַקע ס׳רוב יידישע שאַפֿונגען), און ווען די אידעאַלן פֿון פּאָזיטי־וויזם זיינען געווען אויך אירע אידעאַלן. בכלל איז דאָס גאַנצע שאַפֿן פֿון אָט דער גרויסער שרייבערישער פּערזענלעכקייט געווען באַהויכט מיט אמתן, עכטן פּאַטריאָטיזם און הומאַניזם אין אַלע פּעריאָדן, במילא איז

קודם נייטיק זיך צו באקענען סיי מיט איר ביאגראפישע דאטן, ווי מיט דער אידעאלאגיע, וואס זי האט אין דער צייט ווען זי האט געשריבן די יידישע ווערק רעפרעזענטירט.

* * *

געבוירן געווארן אין די יונגט־יארן פארברענגט האט אזשעשקא אין רייכן פריצישן הויז פון דארף מילקאווששינע (גראדנער קאנט), וואס האט צו די אזשעשקאס געהערט. איר פאטער, א געוועזענער נאפאלעאנישער אפיציר, איז געווען א געבילדעטער מענטש: א פריידענקער, פארמאגט א גרויסע ביבליאטעק מיט וויסנשאפטלעכע און פראגרעסיווע ביכער, צווישן זיי די ווערק פון וואלטערן.

די אטמאספערע אין שטוב איז דורכגעזאפט מיט פראגרעסיוון פאטריאטיזם, אקטיוון פארלאנג אנטייל צונעמען און אויסקעמפן די אומאפהענגיקייט פון פוילן. אירע נאציאנאלע געפילן דערציט אזשעשקא אויף די „היסטארישע געזאנגען" פון יוליאן אורסין ניעמצעוויטש, — דעם גרויסן שרייבער פון דער צייט פון דער קאנסטיטוציע פון דריטן מאי, דעם אדיוטאנט און סעקרעטאר פון מאדעוש קאשטשושקא, — ביי אים לערנט זי זיך קוקן אויף דעם גורל פון פאלק דורך דער געשיכטע פון די פוילישע אויפשטאנדן.

ווען עס ברעכט אויס דער יאנואר־אויפשטאנד איז עליזא אזשעשקא שוין אלט 21 יאר, איז די אייגנטימערין פון צוויי דערפער (די שוין דערמאנטע מילקאווששינע און לודוויגווו דאס גוט פון מאן).

„אין פוילן, העד עיקר אין גראדנער גובערניע" זיינען די פריצים אין „רעזולטאט פון אויפשטאנד פון 1863 יאר, געווארן מערסטנטיילס רואינירט" (פרידעריק ענגעלס).[1] אין יענער צייט מאכט, אין 1864 יאר פארלירט אזשעשקא אירע ביידע גיטער און קומט קיין ווארשע זיך איינארדענען אלס באאמטע, אבער אלס פאלקע, ווערט זי צו קיין מלוכה־אמט (אלס טעלעפאניסטקע) נישט צוגעלאזן. איר איינציקע באשעפטיקונג ווערט ליטעראטור.

דאס יאר 1866 איז מאכט די דאטע פון איר אריינטרעטן אין דער ליטעראטור.

וואס־זשע איז עס פאר א צייט?

---

[1]) פרידריך ענגעלס: באמערקונג צו זיין ארטיקל וועגן רוסלאנד אין „דער פאלקסשטאאט", געדרוקט אין יאר 1875, געפינט זיך אין קארל מארקס געוויילטע ווערק, באנד 2, אגיז 1940, זייט 547.

יאַן קאָט אין זיין אַרטיקל „דער פּויליִשער פּאָזיטיוויזם" כאַ־ראַקטעריזירט יענע עפּאָכע אויף פאָלגנדיקן אופן:

„נישט די מיליטערישע מפּלה פון אויפשטאַנד, נאָר די אַגראַר־רעפאָרמע פון יאָר 1864 האָט איבערגעשטראָכן, נישט געקוקט אויף איר האַלבקייט, דעם גאַנצן ביזאַנטיקן פּראָגראַם פון דער נאַציאָנאַל־באַפרייערישער באַוועגונג, האָט אָפּגעוואָרפן אַלע חשבונות אויף אַ נייעם אויפשטאַנד. ...אין 1864־טן יאָר הייבט זיך אָן דער פּראָצעס פון פאָרמירן די נייע סאָציאַלע סטרוקטור, וועלכע האָט געדויערט ביזן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָס יאָר 1864 ברענגט דעם אָנהייב פון נייע קלאַסן־קאָנפליקטן: פון דעם יונגן פויערישן ערד־באַזיץ און פריצישן פאָלוואַרק, פון לוין־אַרבעט און קאַפּיטאַל, פון האַנטווערקער־וואַרשטאַט און פאַבריק. פון פויערישן ערד־באַזיץ, וואָס איז נישט אימשטאַנד צו דערנערן אַלע זיינע יורשים, פון האַנטווערקער־וואַרשטאַט, וואָס קאָן נישט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ מיט דער פאַבריק — ווערט געבוירן דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט; פון דעם פאַרהויבטן פאָלוואַרק, וועלכער פאַרשפּילט אין עקאָנאָמישן קאַמף — קומט אויף אַ נייער שיכט פון פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ.[1]

זי ווענט עס צושטעלן די אידעאָלאָגן פון דער איבערקערעניש אין דער ציוויליזאַציע, די אַפּאָלאָגעטן פון סאָציאַלן און טעכנישן פּראָגרעס, די ענטוזיאַסטן פון אָרגאַנישער אַרבעט.

אין יענער צייט, הייבט זיך אָן די געשטייגערטע קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג אין פּוילן, דער עיקר אויף די געביטן פון דער צאַרישער אָקופּאַציע. אין לאָדזש אַנטשטייען גרויסע וועבער־פאַבריקן, אין וואַרשע — לעדער־פאַבריקן, אין זשיראַרדאָוו אַנטוויקלט זיך די וועבעריי און אַזוי ווייטער, עס ווערן געבויט באַן־וועגן, אַנדערש געזאָגט, עס ווערט אָנגעיאָגט די צייט פון עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט. דער גרויסער רוסישער מאַרק איז, פאַרשטייט זיך, אַ ביז גאָר גינסטיקער פאַקטאָר פאַר דעם האַסטיקן וווּקס פון דער אַנטוויקלונג פון באַנק־וועזן; — דעם אָנהייב פון פינאַנס־קאַפּיטאַל.

עליזאַ אָזשעשקאָ איז אין דער ערשטער תקופה פון איר שאַפן באַהויכט פון די פּאָזיטיוויסטישע אידעאַלן, וואָס ווערן מיט אַזאַ גרויסן דערפאָלג געפּלאַנצט אויף דעם פּוילישן באָדן. זי איז אַן ענטוזיאַסטקע

[1]) „מאַטעריאַלן צום דערלערנען די געשיכטע פון דער פּוילישער ליטעראַטור". זאַמלונג, ב. 1. וואַרשע, 1950. פ.ז.וו.ס. זייטן 189—190.

פון וויסנשאפטלעכן צוגאנג צו דערשיינונגען. שטייט אנגעשפיזט מיטן גאנצן שארף פון איר געמיט קעגן דער פינצטערקייט און אפגעשטאנענקייט, וואס טארמאזירן די אנטוויקלונג פון לאנד, זי גלויבט אין דעם דערלייזערישן כוח פון טעכנישן פראגרעס און צוזאמען מיט אים פון געזעלשאפטלעכן פראגרעס. אלע לעבעדיקע כוחות אין פאלק דארפן מאביליזירט ווערן, איינגעשפאנט ווערן אין דער גרויסער ארבעט פון אויפהייבן דאס לאנד פון זיין געפאלנקייט: עס דארף עמאנציפירט ווערן, פראדוקטיוויזירט ווערן די פרוי, עס דארפן גלייכבארעכטיקט ווערן די יידן, און מען דארף זיי העלפן באקעמפן אלץ, וואס שטערט זיי איינצושליסן זיך אין דער ארגאנישער ארבעט סיי אויף דער פוילישער און סיי אויף דער יידישער גאס, זי פארגעסט דערביי נישט, פארשטייט זיך, וועגן רוב מנין פון פוילישן פאלק — וועגן די פויערים. זי שיקט אירע פיילן אין דעם רואינירנדיקן אדל־קלאס, וועלכער גליווערט און פוילט אין זיינע קלאסן־פריווילעגיעס. קורץ, זי האלט פאר נייטיק אויפצוהייבן דאס גאנצע לאנד פאר דער זאך פון בויען די געזונטע עקאנאמיק פון לאנד.

אין דעם פרט איז זי אין איר שאפן אין פולן איינקלאנג מיט די גרונט־פאסטולאטן פון פאזיטיוויזם, וועלכן עס האט געפרעדיקט דער פילאזאף און טריבון פון אט־דער ריכטונג שווינטאכאווסקי.

אזשעשקאס שאפן פון ערשטן פעריאד (1866—1880) דריקט במילא אויס די אידעאלן פון דער אויפגעקומענער בורזשואזיע, און זי איז אן שום ספק פראגרעסיוו, ווען זי זעט איר אויפגאבע אין אויפרייסן די אלטע מנהגים, פירונגען און גלייבונגען, ווען זי הייבט ארויס און שטעלט אלס ערשטראנגיקע פראגע דאס פראבלעם פון עכט, אמתדיק וויסן, ווען זי רופט א סוף צו מאכן צו דער קולטור פון די פריצישע הויפן, אנטקעגנשטעלנדיק איר די קולטור פון טעכנישן פראגרעס. איר אייגענע לעבנס־דערפארונג און טיפע אבסערוואציע גיבן איר שטאף פאר אוועקשטעלן אין דער גאנצער ברייט די פראגע פון פרויען־עמאנציפאציע (אין „מארטא"), די פראגע פון גלייכבארעכטיקונג פון ייד (אין אירע ווערק געווידמעט דער יידן־פראגע), גיבן איר די מעגלעכקייט אויפצודעקן דאס שיינע אין דעם פויער, וועלכער איז אמשטארקסטן אונטערדריקט, ווייזנדיק איינציטיק אין די „פאמפאלינסקיס" און „ביים ניעמאן" די צעפאלונג און די געזעלשאפטלעכע נישטיקייט און פאראזיטישקייט פון גרויסן ערד־באזיץ.

די יידישע העלדן, ווי מיר זעען, פאלן נישט ארויס פון פלאן פון איר גאנצער טעמאטיק, פון איר גאנצער פראבלעמאטיק און וועלטאנשויונג.

פּאַרקערט: זיי זיינען אַ בולטע און איבערהצייגעוודיקע אילוסטראַציע. אין הסכם מיט די אָנשויונגען, וואָס ווערן דורך איר אַרויסגעזאָגט אין די „בריוו וועגן ליטעראַטור" (1873 י.) ווענדעט זי זיך צו אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, דערזעט זי פּאָעזיע דאָרט, ווו די ראָמאַנטיקער האָבן עס נישט געקאָנט זען. אַפילו אזא עלי מאַקאָווער, טראָץ זיין גרויסן דראַנג זיך אַרויפצואַרבעטן, טראָץ זיין געלט־גיריקייט, זעט אויס ביי איר דערמלט גענוג סימפּאַטיש... אָבער, — וואָס ס'איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש — מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע באַשענקט זי די מענטשן, וואָס רייסן זיך צו די ריינע קוואַלן פון וויסן, פון פּראָגרעס, צו לייטערע שיינע מעשים. איר געזונטער חוש און קרישטאָל־ריין האַרץ הייסט איר זוכן און געפינען די סאַמע שענסטע, דערהויבנסטע, געזונטסטע מאָראַלישע שטריכן ביי דעם פּראָסטן פאָלקס־מענטש.

* * *

עס איז באַוווּסט, אַז די צייט פון פּאָזיטיוויסטישן אויפשוווּנג אין דער ליטעראַטור איז זייער שנעל פאַרביינגעגאַנגען, און אַז דער רוב פון די פּאָזיטיוויסטן האָט זיך אין די 80־ער יאָרן דערשראָקן פאַר דעם נייעם כּוח פון אַרבעטער־קלאַס, וועלכער האָט דעמאָלט (1880) געשאַפן זיין פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט" און מאַניפעסטירט אין די ערשטע גרעסערע שטרייקן. זיי האָבן זיך „אַנטוישט" אין פּאָזיטיוויזם און פאַקטיש געוואָרן די מיטבויער פון דער רעאַקציע.

אָזשעשקאָ האָט זיך נישט געשטעלט, ווי נאַלקאָווסקי און קשיוויצקי, אויף דער זייט פון סאָציאַליזם, איר האָט דערשראָקן פון איין זייט דער פּראַקטיש־אויסנוצערישער, עגאָיסטישער פּרצוף פון אויפגעקומענעם בורזשואַ, וואָס האָט גאָר גיך פאַרוואָרפן אַלע שיינע אידייען פון פרייהייט, גלייכהייט, איר האָט אָבער אויך דערשראָקן דער אַרבעטער־קלאַס מיט זיין רעוואָלוציאָנערער אַנטשלאָסנקייט, מיט זיינע אידייען פון קלאַסן־קאַמף.

זי גלויבט שוין נישט אין די 80־ער יאָרן, אַז עס איז גענוג צו זיין געבילדעט, דערוואָרבן אייראָפּעיש וויסן, ווערן אונטערנעמעריש, רייך, בכדי דאָס לעבן זאָל ווערן שענער און גערעכטער. פאַרקערט, זי דערזעט, אַז דער געיעג נאָך עשירות, האָט געבראַכט אַ נייע עקספּלאָאַטאַציע און אפשר נישט קיין קלענערע פאַרשקלאַפונג, וועלכע האָט אין זיך נאָך מער צינישקייט און פּראָזעאָלאָגיע. וואָס־זשע איז די עצה? — זי אַנטלויפט צום פּויער. אין אים דערזעט זי די פעסטקייט און אומדער־

שיטערלעכקייט פון די יסודות און פון דער קראפט פון עכטער פאָל־קישקייט.

* * *

ווי ס'איז צו זען פון אַט די עטלעכע קורצע שטריכן פון אָזשעש־קאָס אידעאָלאָגישע וואקלונגען, איז זי א קינד פון איר צייט און אנ־קערט מיט אירע טעמען, פּראָבלעמען און „לייזונגען" אין דעם קליינ־בירגערלעכן שיכט, וועמענס אידעאָלאָגיע זי דריקט אויס. אויב איר שאפן האָט דאָך געזוועקט דעם טיפסטן רעספּעקט ביי די ברייטסטע לייענער־מאסן אין גאנצן לאנד און אפילו די קעגנערישע קריטיק פון דער מלאָדאָ־פּאָלסקישער תקופה האָט געמוזט בייגן דעם קאָפּ פאר דער גרויסער פּער־זענלעכקייט, דארף מען עס דערקלערן דערמיט, וואָס א קינסטלערישע ווערק איז נישט בלויז קיין אויסדריקער פון דעם שרייבערס אידעאָלאָגיע, נאָר איז אויך אימשטאנד, א דאנק דער אָנלאָדונג פון שילדערונגען, גענומען פון דירעקטער אָבסערוואציע און באהויכט מיט עכטן הומאניזם, ווייט אריבערוואקסן דאָס צייטלעכע און ווערן א דערקענטעניש־מקור פון גרויסן ווערט. דאָס שאפן פון ראָיאליסט באלזאק איז די בעסטע אילוסטראציע דערצו.

און במילא קאָנען מיר אפילו אין אזעלכע ווערק, וואָס דארפן אויס־דריקן איר נעגאטיווע באציונג צו די פּראָלעטארישע אידייען פון קלאסן־קאמף, געפינען בילדער פון ארבעטער־נויט, בילדער פון ארבעטער־לעבן אין יענער צייט, וואָס זיינען אימשטאנד צו רעוואָלוציאָניזירן, ווייל זיי ווייזן דעם אייגנטלעכן פּנים פון קאפּיטאליזם.

אָזשעשקאָ קערט זיך אום מיטן פּנים צום דאָרף, צום פּויער. אין אירע ווערק גיט זי ריכטיקע בילדער פון פּויערישער פינצטערקייט, אבערגלויבערישקייט און ווייזט אומדירעקט אָן דעם שולדיקן אין דעם צושטאנד — דער פּריץ, ווי דער צאר זיינען די שולדיקע אין דער דו־רותדיקער אָפּגעשטאנענקייט פון ווייסרוסישן דאָרף, וועלכן זי האָט אזוי פון דער נאָענט געקענט. אין אירע קאָנצעפּציעס וועגן דער פּוילישקייט, שטאנדהאפטיקייט, מעגלעכקייט פון צוזאמענזיין פון פּריצישן הויף מיטן דאָרף, דריקט זיך אויס די גאנצע באגרענעצטקייט און קלאסן באדינגט־קייט פון איר אײנשטעלונג אין די 80־ער יאָרן, אָבער פון די עצם־שיל־דערונגען, פון די עצם־פאקטן פון לעבן פון דאָרף נעמען מיר ארויס וויכטיקע היסטאָרישע אמתן.

דאָס איז נוגע אַזעלכע ווערק ווי „דזיורדזיאָוויע", „כאַם", צי אַפילו אַזעלכע, וווּ זי וויל פאַרענטפערן די שליאַכטע, ווי „ביים ניעמאַן" און „פאַמפאַלינסקי".

ווייל אומעטום, פון יעדן בלעטל, וואָס ס'האָט געשריבן די גרויסע פוילישע ראָמאַניסטין לויכט אַרויס די גרויסע פערזענלעכקייט, וואָס וויל לערנען דאָס פאָלק, וויל עס אויפהייבן און גליקלעך מאַכן, כאָטש געטריי דעם איינגענעם קוק, די איינענע איבערצייגונגען, איז זי נישט אימשטאַנד אָפּצולויפן פיל ווייטער פון איר צייט, איז זי קלאַסן־באַגרענעצט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין לעצטן פעריאָד, ווען עס איז שוין ביי איר פולשטענדיק איינגעבראָכן דער גלויבן אין די גרויסע נאַציאָ־נאַלע ווערטן, וואָס עס טראָגט מיט זיך דער פּאָזיטיוויזם און זי דערזעט דעם מיאוסן פּנים פון פוילישן בורזשואַ, ווי אויך די נייע צרות און ליידן, וואָס ער ברענגט מיט זיך, שרייבט זי אין איינע פון אירע רעלאַ־ציעס אַ קרעדאָ, וואָס אַנטשפּרעכט דעם מיסטישן נעפּל אין איר באַ־וויסטזיין, וואָס ווייזט גלייכצייטיק אָן אויף איר לויטערן הומאַניזם.

„איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אויסער דעם באַ־ווּסטזיין פון אונדזערע חושים קומען פאָר אין רוים און אין צייט עפּעס ריזיקע און שלימותדיקע זאַכן, פאַר וועלכע עס זיינען נייטיק מענטשלעכע לעבנס, ליידן, טויטן, און אויך — און אפשר קודם־כל — אונדזער פולקאָמענקייט. נאָר אָט די פולקאָמענקייט לאָזט זיך נישט אַרומנעמען בלויז מיט אַרבעט, מיט געפיל פון ערע, און מיט וואַרפן פון אונדזער טיש ברעקלעך, וועלכע זיינען אונדז אַליין שוין נישט נייטיק. ריכטיק צי נישט ריכטיק, זע איך זי אין ליי־טערונג פון לעבן, כאָטשבי פון די קלענסטע מענטשלעכע עוולות, אין ליבע צו דער ערד און צום מענטשן, וואָס איז גרייט, בכדי עס דערגרייכן, אויף קרבנות, אויף פאַרשאַפן זיך אפילו די שווערסטע ליידן. יעדנפאַלס, וואָס ס'איז נוגע מיך, איז מיין סאַמע שטאַרקס־טער פאַרלאַנג צו האָבן אַ הארץ, וואָס זאָל זיין ווי אַמריינסטן און ברענגען די גרעסטע נוצן דער ערד און די מענטשן. מיר שיינט, אַז אויף אַזאַ אופן דערגרייך איך דעם ציל, צוליב וועלכן איך בין געקומען אויף דער וועלט".

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז איבעריק צו זוכן דעם גלויבן אין פּראָגרעס, אין בויען פון יסוד, דעם גלויבן אין דער דער־לייזערישקייט פון וויסן. זי רעדט דאָ וועגן אַן אַבסטראַקטער אידיי פון פולקאָמנקייט, וואָס איז שוין אויף יענער זייט פון איר פריערדיקער ראַציאָנאַליסטישקייט, אָבער

אפילו דאָ קומט מיט דער גאַנצער קראַפט צום אויסדרוק די גרויסע ליבע צום לאַנד און צו די מענטשן, די גרייטקייט, נישט געקוקט אויף די גרעס־טע קרבנות, צו ברענגען דעם גרעסטן נוצן די מענטשן, — אין דעם זעט זי דעם זין פון לעבן, דעם לעבנס־ציל.

* * *

עס איז שוין אריבער פערציק יאָר זינט עס איז געשטאָרבן די גרוי־סע הומאַניסטין עליזא אָזשעשקאָ, און עס וואָלט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז אָזשעשקאָס שאַפן איז שוין בלויז ליטעראַטור־געשיכטע, איז בלויז פון קולטור־היסטאָרישן ווערט. עס איז אָבער נישט אַזוי! איר לויטערער הומאַניזם קאָן נאָך איצט באַגייסטערן און מיטרייסן. איר רוף אָפּצו־שאַפן די נאַציאָנאַלע ראַנגאַטקעס, די נאַציאָנאַלע פאָראורטיילן זיינען אין א געוויסער הינזיכט אקטועל נאָך איצט אויף דער יידישער גאַס, נישט מינדער ווי אויף דער פוילישער. אין אירע ווערק פון אַזא מאָס ווי „מאַר־טאַ", „מאיר עזאָפאָוויטש", „נאַד ניעמנעם", „גועשפענסטער", „פּאַמפּאַ־לינסקי", ווייזן נישט בלויז די אַרבעטנדיקע די פאַרגאַנגענהייט פון וועל־כער זיי זיינען דורך דער אַרבעטער־מאַכט באַפרייט געוואָרן, ווייזן נישט בלויז דעם ווערעמדיקן פּנים פון פּריץ און בורזשוא, פון אָבסקוראַנט און קלער, פון דער אונטער־דריקטער פרוי און פאַרפאָלגטן ייד, נאָר הייבן איינציייטיק ארויס אַזעלכע מאָראַלישע און עטישע שטריכן און געליי־טערטע מענטשלעכקייט, וועלכע זיינען נאָענט דעם מענטש, וואָס בויט די נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

# מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ
1910 — 1842

מאריא קאָנאָפּניצקא — די מיטצייטלערין פון עליזא אָזשעשקאָ (אין דעם זעלביקן יאָר געבוירן און אין דעם זעלביקן יאָר געשטאָרבן) — איז געווען די צווייטע באַדייטנדיקע פאָרשטייערין פון דער פּאָזיטיוויסטישער ריכטונג אין דער ליטעראַטור. עס דאַרף אָבער גלייך געזאָגט ווערן: אויב עס איז שווער עליזא אָזשעשקאָ אַריינפּאַסן אין שוויענטאָכאָווסקיס „אַנימאַמין", איז עס דאָפּלט שווערער צו טאָן מיט מאַריאַ קאָנאָפּניצקא.

מאריא קאָנאָפּניצקא איז אָן שום ספק איינע פון די פּרוכטיקסטע, שעפערישסטע שרייבערינס און עס איז ממש נישט פאַראַן קיין זשאַנר און שריפטשטעלערישער געביט, וווּ קאָנאָפּניצקא זאָל נישט אַרויסווייזן מאַקסימאַלע אַקטיוויקייט. ביינאַנד מיט די ניין בענדער פּאָעזיע, ביינאַנד מיט די פּרעכטיקע נאָוועלן און דראַמאַטישע שאַפונגען, פאַרנעמט זיך קאָנאָפּניצקא אויך מיט קריטיק און פּובליציסטיק. קאָנאָפּניצקא האָט געקאָנט אַ סך שאַרפער און בעסער פון פיל מיטצייטלער זיך אויפהייבן איבער די השגות און איינשטעלונגען פון איר עפּאָכע, זיך אַ ריס טאָן אויף די פליגל פון ראָמאַנטישן (!) טרוים אין דער מענטש־באַפרייטער צוקונפט, זי האָט אָבער אויך געקאָנט ביז גאַר טיף שטעקן אין די בלאָנדזשעניש און איינשטעלונגען פון אירע מיטצייטלער.

קאָנאָפּניצקאס שאַפן איז אַ פּרעכטיקער, פאַרטיפטער און ס'רוב רעאַליסטישער מאַטעריאַל, וואָס ווייזט די צייט, ווען עס איז אויפגעקומען, אויסגעוואַקסן די בורזשואַזיע אין פּוילן. די פאַרשאַרפונג פון קלאַסן־קאַמף אין שטאָט און אין דאָרף, דעם קאַמף מיטן אָקופּאַנט, ווי אויך דעם וווּקס פון די נאַציאָנאַליסטישע ריכטונגען און פון דער פּאָגראָם־פּאָליטיק, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך די דאָזיקע פאַרשאַרפונג פון קלאַסן־קאַמף.

ווען מען לייענט קאָנאָפּניצקאס לידער, פּאָעמען און נאָוועלן, פילט מען דעם אָטעם פון יענער צייט, און עס וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז

די פּאָזיטיוויסטקע קאָנאָפּניצקאַ, וואָס טראַכט ווי פּרוס, ווי אָזשעשקאָ, וועגן פאַרהיטן, זאַמלען, צעמענטירן די פאָלקס־ענערגיע פאַר די צוועקן פון עקאָנאָמישער פעסטיקונג פון לאַנד, איז אין תוך גענומען שוין אין דעם בלי־פּעריאָד פון פּאָזיטיוויזם (70־ער יאָרן) א פּלאַמיקע נעגירערין פון אַט דער נייער בורזשואַזער ווירקלעכקייט. עס דוכט זיך צייטנווייז, אַז זי האָט שוין אָפּט פון... קלאַסן־פּאָזיציעס געזען, געוויזן און באַקעמפּט אַלע אומרעכטן, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט געבראַכט, אַז ביי־נאַנד מיט דעם „טראַדיציאָנעלן” עלנט און אומרעכט אויפן דאָרף, מיט דער גרויסער פויערים־קריוודע מצד די עגאָיסטישע, פון ווילטאָג צע־פוילטע פּריצים, זעט זי שוין דאָס גרויס־דרויבערישע פּנים פון קאַפּיטאַ־ליסט, די פּאַראָרעמונג און דעקלאַסירונג אויפן דאָרף און אין שטאָט. זי זעט דעם טרויעריקן מצב פון אַרבעטער אין די שטאָטישע קעלער־שטיב־לעך און פאַציאַטקעס, די קאַפּיטאַליסטישע „ברכות”: ווי נויט, אַר־בעטלאָזיקייט, טובערקולאָז, וואָס הערשן אין די אַרבעטער־היימען, און די הויפּט „פרייהייט”, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט די אָרעמע שיכטן פון שטאָט און דאָרף געבראַכט: די פרייהייט צו פאַרקויפן זייערע מוסקולן פאַר גראָשנס...

עס איז רירנדיק קאָנאָפּניצקאַס שילדערונג פון פויער, וואָס פאַרלירט אַלץ אויפן דאָרף, ווערט דורך דעם קאָמאָרניק באַרויבט פון לעצטן און גייט אין שטאָט פאַרקויפן זיין אַרבעטס־קראַפט, אין דער בורזשואַזער שטאָט, וואָס האָט אים „פריי געמאַכט”, און זי פרעגט:

וואָס־זשע שטייט ער? ער איז דאָך פריי ווי א פויגל:<br>
וויל ער — קאָן ער לעבן, וויל ער — זאָל ער שטאַרבן;<br>
אָדער זיך טרינקען, אָדער פאַר אַרבעט זיך נעמען,<br>
קיינער האָט נישט דערקעגן.

אַט אַזוי איראָניזירט קאָנאָפּניצקאַ איבער דער בורזשואַזער „פרייהייט”, וואָס האָט פאַרשאַרפט אין א נייער פאָנשטשיזנע דעם נעכטיקן פויער; אים אָפּגעבונדען פון פריצישן וואָגן און צוגעשמידט צו דער קאַפּיטאַליסטישער מאַשין.

קאָנאָפּניצקאַ דערזעט בולט דעם טיפן תהום צווישן די פּריווילעגירטע און די באַעוולהטע. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איר איז, פאַרשטייט זיך, פרעמד און מסתמא אומבאַקאַנט די מאַרקסיסטישע טעזע וועגן צוויי נאַציעס אין די ראַמען פון דעם זעלביקן פאָלק, באַמערקט זי אָבער, אַז אין תוך זייגען פאַראַן „צוויי נאַציעס”... זי דערזעט נעמלעך, אַז:

...דער תהום, וואָס ברידער מילט
אויף מענטשן אין ווילטאָג און מענטשן אין נויט,
מיט איז, ווי דער אָקעאַנישער גרונט
און אַזוי שרעקלעך, ווי אַן אָפענע ווונד.

עס וועט דעריבער נישט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלן פעסט־שטעלן, אַז ביי קיין שום דיכטער פון איר צייט זייַנען נישט פאַראַן אַזעל־כע סאָציאַל־פּאַרשפּיצטע שטייגער־געמעלן אין די פּאָעמעס (אָדער „בילד־לעך" — ווי עס רופט זיי אָן די דיכטערין) — ווי ביי מאַריאַ קאָנאָפּניצ־קאַ, אַז ביי קיין שום פּראָזאַיקער איז אַזוי געטרײַ נישט געשילדערט די נויט פון אַרבעטס־מענטש, ווי ביי מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, און הגם אין די נאָוועלן איז ביי קאָנאָפּניצקאַן נישט צו מערקן אַזוי בולט די „פּערזענ־לעכע אַריינמישונג", ווי ביי אָזשעשקאָ, אָטעמט דאָך איר שילדערונג מיט אַזאַ וואַרעמקייט, מיט אַזאַ האַרציקייט און אַזאַ טיפן ווייטיק אי־בער דעם שווערן גורל פון אָטדי תמימותדיק־אָרנטלעכע מענטשן, אַז זיי ווערן און מוזן ווערן — ווען אפילו קענען דער אינטענץ פון מחבר — באַשולדיקונגס־אַקטן קעגן דער גרויזאַמקייט, אומגערעכטיקייט פון בורזשואַז־פּריצישן סאָציאַלן סדר, אַנדערש געזאָגט: ווירקן ר ע וו אָ־ל וּ צ י אָ נ י ז י ר נ ד י ק.

די רירנדיקע צוגעבונדנקייט פון פיליפּן צו זיין קראַנקער אַגולקע אין „אונדזער שקאַפּע", די גרויסע טראַגעדיע פון דער מאַמע, וואָס פאַרלירט איר איינציקן זון אין דער פּרעכטיקער נאָוועלע „רויך", וואָס דער קעסל־צערייסט נישט בלויז דעם קעסל־הייצער — איר זון, נאָר רייסט אויך אַראָפּ דעם רויך־וואַל פון די פּאָזיטיוויסטישע נאַציאָנאַלע גליקן, די נשמה־שיינקייט פון דער אַלטער אורבאַנאָווע, וואָס וויל נישט באַשווערן מיט איר לעבן איר טאָכטער — ווי בכלל די אַרבעטער־משפּחה, וואָס שלאָגט אויס די הזונה מיט גרויס מאַטערניש, — אורבאַנאָווס הייסער פאַרלאַנג פּטור צו ווערן פון איר לעסטיק לעבן, איר וואַרטן אויפן טויט, ווי אויף אַ אויסלייזונג, האָט אַ קלאָרע סאָציאַלע אויסשפּראַך... און הגם בכדי צו דער־מאַסקירן די פּערפידקייט, אָנהאַרציקייט פון די בורזשואַזע ווילטעטער, טראָגט קאָנאָפּניצקאַ איבער די האַנדלונג אין דער ווייטער שווייץ („די באַרמהאַרציקייט פון אַ געמיינדע"), איז נישט שווער איינצוזען, אַז דער שילדערונג פון די בורזשואַזע פאַרזאָרגער, וואָס גיבן אַוועק אַלטע לייט צו רייכע פּויערים, בכדי כלומרשט זיי פאַרזיכערן אַ רואיקע, זאַטע עלטער, אין פאַקטיש אויף געמיינער אויסנוצונג, — אַ געניוג קלאָרע אַלוזיע אויף דער בורזשואַזער ווילטעטיקייט אַלס גאַנצע, אונטער אַלע לענדער און געאָ־גראַפישע ברייטן, און נישט בלויז אין דער שווייץ.

די דערמאָנטע נאָוועלן און פיל אַנדערע, ווייזן אומבאַשטרייטלעך, אַז קאָנאָפּניצקאַ האָט שוין ביים אויפקום פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד און אין פּוילן, דערזען זיין צעפוילטן תוך, און איר שאַפן איז — ווי שוין געזאָגט — די נעגאַציע פון דער נייער סיסטעם פון אומרעכט. דערביי געהערט זי, נישט געקוקט אויף די אָפטע פּראָגרעסיווע געווענדטע צו גאָט, און די אָפטע געבעטן, וואָס מע קאָן אָנטרעפן אין איר דיכטונג, צו די געוואַגסטע שילדערער פון קלאַסן־פּנים פון קלער.

דער מאָמענט פון קלאַסן־קאַמף אין שטאָט און דאָרף, די קלאַסן־צעטיילונג, האָט קאָנאָפּניצקאַ געזען זייער בולט און עס אַרויסגעבראַכט ביז גאָר רעליעף אין אירע לידער און פּאָעמען.

אין ליד „וויג זיך, וויג", זאָגט די פּויערטע: „וויג זיך מיר, וויג, געפלאָכטן וויגל, ביז כ'וועל נישט אויסשפּינען די פֿאָדים פון שפּינדל... איך וועל זי אויסשפּינען אַזוי לאַנג, ווי דעם פּריצס פעלד, און אַזוי גרוי, ווי דעם פּויערס גורל!". אין די „גלעקער" קומט אַ מוטער בעטן דעם קשיאָנדז ער זאָל באַגלייטן דעם אָרון פון איר פאַרשטאָרבן קינד. נאָר די „גלעקער האָבן האַרטע הערצער, און אַ קאַלטע ברוסט געהאַט", זיי „קאָנען בלויז קלינגען פאַר אַ ווייסן טאַלאַר". דעם פּריצייטיק פאַרשניטענעם יאַשיענקאָן האָבן במילא באַגלייט אין זיין אייביקער רו „דער געוויש פון וואַלד אין פרישן ווינטל". אין „אָן אַ דאַך" שילדערט זי אָן עלנט קינד, וואָס וואָגלט הונגעריק אין קעלט און האָט נישט ווו דעם קאָפּ אַני־דערצולייגן. קומט צו צום פּעסט־געבויטן, מאַסיוון קאַשטשיאָל, אָבער זייערע טויערן זיינען געשלאָסן פאַר אומגעוווּנטשענע, זיינע ווענט זיינען קאַלט און אומפּריינדלעך פאַר דעם יתום און ער ווערט פאַרפרוירן ביי די פאַרמאַכטע טויערן פון אָט דעם געבעט־הויז...

און ווען די לייענסט אַזעלכע „בילדלעך" ווי: „דאָ גראַניצי", „יאַש ניע דאַטשעקאַל", „בלאָפּסקיע סערצע", „וו' פּיווניטשנעי איזביע" — זעסטו אַ גרייטעלעבע קענערין פון פּויערים־לעבן, פון אַרבעטער־לעבן, וועמס איבערפולט מיט אַכטונג צו דער פּינקטלעכער, סימפּאַטיע־פולער פּיקסירונג פון לעבן פון די אַרבעטער־מאַסן.

* * *

אין איר ליד „קרעדאָ" זאָגט קאָנאָפּניצקאַ:

איך גלויב אין דער מעכטיקייט פון ליכט...
איך גלויב אין פאַרברידערונג פון פעלקער...

ב׳גלויב אין האנטדרוק, וואס וועט אמאל די וועלט פארבינדן...
כ׳גלויב אין דער שטרעבונג פון באוווסטזיניקן מענטש
צו די מעכטיקע אידייען פון רעכט און גלייכהייט...

אין „פראגמענטי" דריקט די דיכטערין אוים די באדערפעניש אין א „ליד, וואס זאל צו זיך צושמידן דעם אויער פון די מענטשן, וואס נייען אין געפעכט", אין א ליד, וואס „פאלט אראפ, ווי א דונער אין פלא־קערט ווי א שריפה", אין א ליד, וואס „הייבט איר שטערן צו די שפיצן, וווּ עס קלעטערט דער פארבענקטער גייסט", וואס „צינדט אן פונקען אין פארגליווערט בלוט", מיט „וועלכערס לאזונגען עס זידן מי־ליאנען" — אין א ליד, וואס „טרעט דרייסט אריין אין דער צוקונפט"... אין א צווייט ארט („ז׳ דזשעיווו פיעשני") זאגט די דיכטערין:

„געבענטשט איז דאס ליד, וואס פארזייט פון דער צוקונפט
די קערנער"...

עס וואלט נישט שווער געווען צו מערן די ביישפילן, וואס זאלן אי־לוסטרירן קאנאפניצקאס דיכטערישן אני־מאמין, וואס זאלן ווייזן, אז הגם עס רייסן זיך אפט אדורך טענער פון טרויער, פון געוויין איבער דעם ביטערן גורל פון באעוולהטן; הגם עס איז אנצוטרעפן אפילו מאָ־טיוון פון צווייפל, אין די שטענדיק עקבערנדיקע און צודרינגלעכע פראגע „פארוואס איז אזוי און נישט אנדערש?" איז פאראן א געזונטער, אפ־טימיסטישער, גלויבנפולער נורט אין איר שאפן, א גלויבן, אז עס מוז קומען א צייט פון מענטש־פארברידערונג, פון גערעכטיקייט און סאציאלן יושר, אז „די לעבעדיקע שטראמען וועלן זיך פאראייניקן אין א מעכטיקער באוועגונג און וועלן נייע קאנטינענטן אויפדעקן, אז עס וועלן זיך אויש די אקעאנען צעזידן פון די צעפיבערטע הערצער, און עס וועט די וועלט א פארברידערטע אויפהייבן דעם לעבנס־כוס"...

פארשטייט זיך, אז די אלע דעקלאראציעס, גלויבענישן זיינען צו אבסטראקט, עס איז נישטא די קלארע פארשטעלונג, דאס קלארע זען פון דעם כוח, וואס וועט די גאולה, דעם טרוים, דעם נשמה־באגער פון דער גרויסער פוילישער הומאניסטין פארווירקלעכן, נאר אין דעם קרעדא, ווי אין די אלע אנדערע ציטירטע לידער, איז בולט צו זען, אז די דיכטערין באגערט אן אנדערע ווירקלעכקייט, א ווירקלעכקייט פון יושר און פעל־קער־פארברידערונג, א ווירקלעכקייט פון מענטשן באמת פרייע און גליק־לעכע, במילא — די פולע נעגאציע פון דער קאפיטאליסטישער וויר־קלעכקייט. און דאס שטעלט מאריא קאנאפניצקאן פאקטיש אויסער דער פאזיטיוויסטישער ריכטונג, וואס האט אין מעכנישן פראגרעס, אין וויסן,

און אין שאפן רייכטימער, אין בויען פאבריקן, אין קאפיטאליזאציע, געזען דעם עיקר־ציל. קאנאפניצקא, די טאכטער פון רואינירטן, פאראָרעמטן פריצנטום איז נישט נאר אוועק פון איר קלאס, נאר גלייך געזען די נישטיקייט פון דעם אויפגעקומענעם בורזשואזן קלאס, וועלכער איז אויף די געביטן פון רוסלאנד און פוילן שוין געקומען מיט אלע סימנים פון צעפאלונג און פוילונג.

פארשטייט זיך, אז נישט אין אלע תקופות איז קאנאפניצקאס צוגאנג דער זעלביקער. עס איז באוווסט, אז אין די שפעטערדיקע יארן, דער עיקר נאך דעם 1905 יאר, באשעפטיקן קאנאפניצקאן מער נאציאנאלע טעמען, וועלכע שלאגן נישט איינמאל אן אין סאלידאריסטישע, נאציאנאליסטישע טענער, אבער דער גרונט־מהות פון איר שאפן, דער גרונט־אויסקלאנג פון איר פאעטישן פארמעג איז אויסגעדריקט סיי אין די „בילדער" פון סאציאלן פראטעסט און סיי אין די קרעדא־לידער, וואס פארמאגן דעם רוף און די נארונג צו א באפרייט, גערעכט לעבן.

אין דעם פרט האט מאריא קאנאפניצקא אנגעבונדן נישט נאר אין דער פארם, ווו עס פילט זיך שטארק די השפעה פון מיצקעוויטשן און דער עיקר פון סלאוואצקין, נאר אויך אין דעם אינהאלט, אין אידעאלאגישן אויסקלאנג און איינשטעלונג פון די גרויסע קלאסיקער פון דער פוילישער פאעזיע.

העבריק שענקעוויטש ווייזט אן אין זיין פארווארט צו דער קאמפלעטער זאמלונג פון קאנאפניצקאס פאעזיע, אז אין דער צייט, „ווען די פאעטן־מענער האבן ארייגעקוקט אין דעם אייגענעם איך, ווי בודרא אין איינענעם נאפל, האבן זיי (געמיינט אזשעשקאן און קאנאפניצקאן — ש. ל.) ווייטער געשפינט דעם גאלדענעם פאדעם פון אזא שאפן, וואס האט געהאט דאס רעכט זיך אנצורופן „מיליאן"".

מאריא קאנאפניצקא איז געווען פארקוקט אין לעבן, אירע מאטיוון און טעמען גענומען פון לעבן, געווען פילבאר ווי א סייסמאגראף אויף אלץ, וואס ס'איז פארגעקומען ארום, עס תיכף נאטירט און אויסגעדריקט, איז געווען אין שטענדיקער שפאנונג און געזען די שרייבערישע אויפגאבע אין וועקן דעם באוווסטזיין, רעדן צום הארץ און געוויסן פון מענטש, געזיים די שענסטע געפילן פון ליבע און אכטונג צום ארבעטס־מענטש, געוויטיקט מיט זיינע ווייטיקן און שמערלעך אפגעפילט יעדער עוולה, און דאס עדותט וועגן דער מאס און גרויס פון איר הומאניזם.

ווי ווייט די אידיי פון פעלקער־פארברידערונג איז איר געווען נאענט, ווי ווייט קאנאפניצקא האט פיינט געהאט מיט אלע פיבערן פון איר

דיכטעריש האַרץ אַלדאָס רעאַקציאָנערע, מענטשן־אונטערדריקערישע און מענטשן־פאַרשוועכנדיקע, קאָן פון איין זייט ווייזן איר נעגאַטיווע באַציונג צו די אומגליקלעכע, רעאַקציאָנערע, פאָרמאַליסטישע דיכטער, ווי אויך צו די וויירוך־כוהנים, די וואַטיקאַנישע גייסטלעכע, וואָס זיינען געלט־און מאַכט־גיריק, פון דער צווייטער זייט — איר טיפע ליבע צום אַרבעטער און פויער, ווי אויך אירע סימפּאַטיש־טיפע שילדערונגען פון לעבן פון יידישן פשוטן פאָלקס־מענטש.

אין דער שטימונגספולער ליד „אין געטאָ", שילדערט קאָנאָפּניצקאַ דעם שווערן גורל פון דער יידישער פרוי, אין די מיטלאַלטערלעכע לעבנס־באַדינגונגען. אַ רעאַליסטיש בילד, וואָס דערמאָנט אין פּרעצעס „אַ כעס פון אַ יידענע", גיט קאָנאָפּניצקאַ אין „יאָקטאָן", ווו חיה די הענדלערקע, ווערט פאַרשוואַרצט, אויסגעדריסן, פאַרלירט די כוחות אונטער דעם שווערן יאָך פון מוטער און פרנסה־געבערין, אין דער צייט, ווען דער מאַן, דער למדן, זיצט טאָג און נאַכט איבער דער גמרא און קומט אויף אַלעם נייטן...

קאָנאָפּניצקאַ זעט אויך אין יידישן לעבן סיי די נשמה־ריינע בונטאַרן, ווי דער שניידער אפרים פּאָרטער, און די פּאַראַזיטן, די צום הימל־גלאַנצנדיקע שפּינען, ווי שלייפמאַן, וואָס זיינען פעיק מיט זייערע פערפידע רייד אָפּנאַרן, מיטרייסן די מאַסן און זיי אַנטקעגנשטעלן די אפרימס, וואָס ווילן אַ גערעכטע ווירקלעכקייט.

קאָנאָפּניצקאַ רעאַגירט אויך ביז גאָר שאַרף אויף די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן דורך איר „בילדל", „מענדעל גדאַנסקי". פאַרשטייט זיך, אַז אַ יידישן לייענער קאָן דאָ שאָקירן דער נאַטוראַליסטישער אופן פון איבערגעבן מענדלס פּויליש־רעדן, ווי בכלל די איבעריקע באַרעדעוודיקייט פון דעם 67־יאָריקן איינבינדער. עס פאַנגט אָבער אָן רירט קאָנאָפּניצקאַס טיפע סימפּאַטיע צו דעם ייד, וואָס מאַניפעסטירט זיין צוגעבונדנקייט, ליבע און גורל־געמיינזאַמקייט מיט דער פּוילישער ערד און מיט דעם פּוילישן פאָלק. מענדלס שמועס מיט דעם פערפידן זייגערמאַכער, מענדלס רעאַגירן בעתן פּאָגראָם זאָגט עדות, אַז די דיכטערין האָט ליב דעם פשוטן ייד, וויטיקט איבער דער גרויסער עוולה, וואָס ווערט באַנאַנגען לגבי דעם האָרעפּאַשניעם, אויפריכטיקן און האַרציקן מענטש, וועלכער איז צונויפגעוואַקסן, פאַרוואָרצלט אינעם לעבן פון לאַנד, און פילט, אַז דאָס ברויט, וואָס ער עסט, דאָס הויז, וואָס ער פאַרמאָגט איז קיין שום געשאַנק, — ער האָט עס פאַרדינט מיט זיין שווערער, ערלעכער מי, און עס קאָסט אים: דער איינגעבויגענער רוקן, די אָפּגעשוואַכטע ראיה, דאָס געזונט...

ווי נידעריק־קליין, נישטיק און ווילד עס זעט אויס די צעיושעטע באנדע לגבי דעם אלטן גריז מיט זיין אייניקל, וואס וויל זיך נישט אויסבאהאלטן און שטעלט זיך אין פענצטער בעת דער צערייצטער המון דערנענטערט זיך צו זיין הויז!... און ווי טיף איז דער ווייטיק פון דער שרייבערין, ווען זי זאגט צום סוף, אז אין מענדלען איז עפעס נעשטארבן: — די ליבע צו דער שטאט.

קאנאפניצקא, ווי אזשעשקא, האט ארויסגעבראכט נישט בלויז די אומגערעכטיגקייט פון פאגראם־אקט, נאר דעם נאציאנאלן שאדן, וואס עס ברענגט דאס אײנשטעלן פרעמד און פיינטלעך איין פאלק קעגן צווייטן...

דער אמתער פאטריאט, דער, וואס האט אויף אן אמת שטארק ליב זיין פאלק און לאנד, קאן נישט זיין גלייכגילטיק צו פאקטן, וואס ווארפן אויף אים א פלעק. מיר ווייסן, אז דער פאלקס־פיינטלעכער בורזשואזער שאוויניזם, וואס פארט זיך אויסגעצייכנט מיט קאסמאפאליטיזם איז שטענדיק גרייט צו זען אלע חסרונות אין דער צווייטער נאציע, באשולדיקן אנדערע פעלקער. דער פאטריאט־הומאניסט — אפילו ווען ער איז ווייט פון מארקסיזם, ווי מאריא קאנאפניצקא — פארשטייט בחוש, אז א פאלק קאן נישט זיין פריי, אויב עס אונטערדריקט א צווייטס. און אפשר דערמיט איז זיך אויסצוטיימשן דער פאקט, וואס נישט געקוקט דערויף, וואס די שרייבערין זעט סיי דעם פוילישן סטודענט, סיי די פוילישע שכנים, וואס ווילן פארהיטן מענדלען, קלינגט איר נאוועלע, ווי א באשולדיקונג, ווייל איר הייסער ווונטש איז, אז אלע זאלן הויך האלטן דאס מענטש־ליבנדיקע, די אכטונג צום מיטבירגער.

„מענדעל גדאנסקי", ווי די אנדערע סקיצן און בילדער פון יידישן לעבן זיינען במילא דער דיכטערישער טאט, וואס באשטעטיקט קאנאפניצקאס באגערן די ברידערלעכקייט פון פעלקער.

* * *

אין איר ברייטער גייסטרייכער אפהאנדלונג א. ק. „וועגן דער העלדישער קאמעדיע פון עדמונד ראשטאנד", ווייזט קאנאפניצקא אן אלס איינע פון די גרונט־מעלות פון זיין שאפן דאס, וואס „דאס גאנצע ווערק איז פרעכטיק איינגעראמט אין דער צייט, צו וועלכן עס געהערט".

„נישט פאראן אין דעם גארנישט, וואס זאל נישט טראגן אין זיך דעם שטעמפל פון זיין דור, וואס זאל נישט אנקערן אין דער עפאכע מיט דעם גאנצן וועזן זייַנעם".

מען וואָלט געקאָנט מיט דעם זעלביקן דערפאָלג כאַראַקטעריזירן דעם הויפּטפּאַרדינסט פון קאָנאָפּניצקאַס שאַפן.

קאָנאָפּניצקאַ אַנקערט אין איר צייט, אין איר עפּאָכע, ניט ווי אַ־ליסטישע בילדער און געמעלן, וואָס שפּיגלען אָפּ די ליידן, באַנערן, פאַר־ראַנגלען, טרוימען פון פּשוטן פאָלקס־מענטש און פון די בעסערע טיילן פון דער אינטעליגענץ. דערביי איז דאָס שאַפן אירס באַהויכט מיט דעם וואַרעמען הויך פון אַ פילבאַר דיכטערישן האַרץ.

קאָנאָפּניצקאַס שאַפן קאָן במילא דינען ווי אַ היסטאָרישער דאָקו־מענט פון אַ באַשטימטן היסטאָרישן עטאַפּ אין דער געשיכטע פון פּוילן מיט אַלע זיינע דערהויבענע אידעאַלן און בלאַנדזשענישן, אַן עטאַפּ, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די 70־90־ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט.

אין דער צייט, ווען „אַנדערע שרייבער — ווי עס זאָגט הענריק שענ־קעוויטש — האָבן אויסגעשטעלט זייערע נאַקעטע נשמות, וועלכע מיר האָבן גאָרנישט באַגערט צו זען, ווי מדבריות וואָס ווערן געטראָטן דורך ווילדע און אויסגעלאָסענע מאַבונגעס פון אינסטינקטן — אָבער עס איז אין דעם נישט געווען נישט קיין אויפריכטיקייט און נישט קיין קראַפט...".

אין דער צייט, ווען „אַנדערע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט גענויעם אַנאַליזירן די אייגענע געדאַנקען און געפילן, די אייגענע באַציונג צו דער וועלט, די אייגענע ספיקות, די אייגענע שטימונגען, די אייגענע עקס־פּעדיציעס אין דער וועלט פון שיינקייט, אין דער וועלט פון רעפלעקסיע", זיינען געווען ענאָטיש און זיך געשטעלט אין צענטער פון אַלץ — האָט דאָרך קאָנאָפּניצקאַ געבענקט, געהאָפט, געשטעלט פראַגן, געטרוימט דער פאָלקס־מענטש.

קאָנאָפּניצקאַ האָט מיט איר שאַפן געזייט די „צוקונפט־קערנער" און זי האָט די אין די הימלען־שוועבנדיקע, פון דער ווירקלעכקייט אָפּגעריסע־נע און אין נעכטן פאַרקוקטע דיכטער געזאָגט: „גלויבט אין פראַגעס, גלויבט די, וואָס אָנשטאָט קברים מיט אש טראָגן זיי אין מאַרש — פּענער („אָדפּאָוויעדזש"), געהייסן גלויבן אין זיך פון דער גערעכטיקייט, אין קאַמף מיט די כוחות פון נויט און עקספּלאָאַטאַציע („קלאָג זיך נישט, ברו־דער"), האָט געהייסן זיין שטאַרק און מוטיק, און שטאַרק און מוטיק גיין צום ציל („זייט שטאַרק").

פּונוואַנען נעמט זיך אָט דער כוח אין דער דיכטערין, וואָס איז פּאַס־טיש אַ־יין אין דער ליטעראַטור אין דער צייט פון פּאָזיטיוויזם, גלייך צו לע־זען די שפּינוועבס־יסודות פון דעם נייעם פּראָגראַם, וואָס האָט פּאַקטיש קיין איין סאָציאַלע פראַגע נישט געלייזט, און בלויז געדינט די נייע פּאַר־מען פון אויסנוצונג. פונוואַנען איז געקומען צו דער דיכטערין דער כוח,

וואָס האָט איר דערמעגלעכט וווּיט אַריבערשפּרייזן איר צייט? אונדז דוכט זיך, אַז דער ענטפער געפינט זיך אין איר ליד „אימאַגינאַ“. קאָנאָפּניצקאַ זאָגט דאָרט:

א, ווען נישט איר, פּשוטע, קליינע מענטשן,
וועלכע כ'האָב געפונען, ווי מען געפינט אַן אוצר,
וואָס וואָלט איך געטאָן אין וועלט־געווירבל,
ווי גרויס איז דער, וועד עס שפּייט אַמווייטסטן?...

אין די פּשוטע, קליינע מענטשן, וואָס זי האָט געפינען ווי „אַן אוצר“, האָט זי זיך געפונען און דורך אויסדריקן זייערע טרוימען און באַגערן, דורך שילדערן זייער שווער לעבן, זייער נשמה־שיינקייט, געהאַט די מאָס פּאַר אָפּשאַצן די וועלט פון פּריצנטום און דער אויפגעקומענער שטאָטישער בורזשואַזיע. דער פּשוטער, קליינער מענטש האָט אָנגעפילט נישט בלויז מיט זיין נוסח און ניגון אַ גרויסן טייל פון איר שאַפן, נאָר אויך מיט דעם געזונטן גלויבן, מיט אָפּטימיזם, מיט דעם אומהערשיטערלעכן גלויבן אין זיג פון גערעכטן.

ווען מיר רעדן וועגן קאָנאָפּניצקאַס רעאַליזם ווילט זיך נאָך צוגעבן, אַז דאָס איז נישט קיין פּאַסיווע שילדערונג „אין בילדלעך“, נאָר אַ ליידנשאַפטלעכער פאַרלאַנג אַרויסצוברענגען די וועזנטלעכסטע שטריכן פון דער עפּאָכע.

ביעלינסקי אין זיין אַרטיקל וועגן קריטיק זאָגט צווישן אַנדערן:

„טויט איז דאָס קינסטלערישע ווערק, וואָס שילדערט דאָס לעבן בלויז דערפאַר, בכדי צו שילדערן דאָס לעבן, אָן וועלכער עס איז מעכטיקער, סוביעקטיווער אָנטרייבונג, וואָס קומט אויף פון דעם עיקרדיקסטן געדאַנק פון דער עפּאָכע, אויב עס איז נישט קיין שלוכץ פון ווייטיק אָדער אַ דיטיראַמב פון באַגייסטערונג, אויב עס איז נישט קיין פראַגע אָדער אַן ענטפער אויף אַ פראַגע“...

נישטאָ קיין שפּור פון „אָביעקטיוויזם“ אין דער שאַפונג פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ. איר שאַפן איז ווירקלעך אָדער אַ פראַגע אָדער אַן ענטפער אויף אַ פראַגע, און הגם די געשטעלטע פראַגן וועגן ווייט איבער די „נעלייזטע“, זיינען זיי אָבער פון אַן ערשטראַנגיקער סאָציאַלער וויכטיקייט, פאַרמאָגן אין זיך אַזאַ בונט קעגן דער אַרומיקער לענדיקער איר ווירקלעכקייט, אַז זיי זיינען פּעיק געווען אַקטיוויזירן, באַפליגלען צום קאַמף פאַר אַן אַנדערער פרייער ווירקלעכקייט.

# וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי

## צום 25-יאָריקן יובילײ פון זײן ליטעראַרישער טעטיקײט

די צײט, ווען בראָניעווסקי איז אַרײַן אין דער ליטעראַטור מערקט זיך אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון קאַפּיטאַליסטישן פּוילן אַ האַסטיקער, אַלץ וואַקסנדיקער קער צו די פאַשיסטיש־מוסאָלינישע מעטאָדן פון הערשאַפט. דאָס איז די צײט, ווען עס גרײט זיך דער „מאַרש אויף וואַרשע", די „מאַי־איבערקערעניש" פון די פּילסודטשיקעס, וואָס עפנט די פינצטערע צײט פון אָפענער דיקטאַטור פון דער סאַנאַטאָריש־אָזאָני־שער קליקע. די מעכטיקע שטרײקן פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס ווערט אַנטקעגנגעשטעלט מיט נאָך גרעסערער צינישקײט און אַכזריות די באַוואָפנטע פויסט פון דער פּילסודסקישער סאָלדאַטעסקאַ. די פּאַשיזאַציע פון לאַנד קריגט איר אויסדרוק אין דער ליטעראַטור, וועלכע פאַרטיפט נאָך שטאַרקער די „מלאָדאַ־פּאָלסקישע" און „סקאַמאַנדרישע" שטימונגען, דאָס גריבלען זיך אין די אינדיווידואַליסטישע אינגעווײדן, דאָס פאַרנעמען זיך מיט וואָרט־אַקראָבאַטיק און דערמיט באַזונגען די סאַנאַטאָרישע „ראַדאָסנאַ טוורטשאָשטש"... די פּאָעזיע ווערט נאָך פרעמדער דעם פאָלקס־מענטש, ווײל ער געפינט נישט זיך, זײן לעבן און קאַמף אין דער דאָזיקער דיכטונג, דערבײ ווערט יעטוועדער פּרוּוו אַרויסצוברענגען די ווירקלעכקײט פאַרשריגן דורך דער אָפיציעלער קריטיק און דורך די געשוווירענע קונסט־מבינים פון די „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקיע" אַלס טענדענציעז, אַלס זאַך, וואָס פאַרשוועכט דעם הייליקן פּרינציפּ פון „קונסט לשם קונסט".

פאַרשטײט זיך, אַז דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער האָט אויך דאַן געהאַט זײנע לידער, וואָס ער האָט געזונגען; אים איז ליב געווען דער הימן פון די סאָוויעטישע פּליער, דער הימן פון לויב דער מענטשלעכער מוט און שאַפונג־קראַפט. אין די אַרבעטער־הײזער האָט מען דאַן געקאָנט הערן דאָס קאַמף־ליד מיטן רעפרען:

„לודו פּראַצי, בראָנ' סאָוויעטוּוו!"

מען האָט געקאָנט הערן סאַטירישע לידער וועגן דער „פּאַני ענדע־קוונאַ" און צענדליקער, צענדליקער אַנדערע, וואָס זײנען געוואָרן אַ דאָרן

אין אונז פאר דער רעאקציע. פאר די בורזשואזע מפונקים זיינען אזעלכע שאפונגען נישט געווען קיין קונסט...

דער גרויסער פארדינסט פון דעם הויך־טאלענטירטן פוילישן פאעט באשטייט דערין, וואס ער האט נישט געקוקט אויף די הערשנדיקע ליטעראַרישע קאַנאָנען, נישט געקוקט אויף דער „נישט פּאָפּולערקייט" פון „טענדענציעזער" — אלזא, אידעישער רעוואָלוציאָנערער שאפונג, באלד פון זיינע ערשטע לידער אויסגעדריקט שארפע רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון.

שוין אין זיין ליד „די לעצטע מלחמה", געשריבן אין יאָר 1925, לייענען מיר:

די עראָפּלאַנען
האָבן אין הימל נישט געפונען קיין גאָט.
די אונטערוואסער־שיפן
האָבן אומזיסט
אים געזוכט אין די ים־טיפן.
שרייען די זעלנער:
ס'איז בלאָף!
דאָרט איז קיינער נישטאָ!
מיר'ן אליין
פון דאָס ניי
די וועלט באשאפן!

שוין דאָ קומט צום אויסדרוק דער טרוים, אז

דאן,
ווען קיינער וועט שוין נישט טיילן
דאָס ריזן־פּאָטערלאַנד פון דער וועלט,
...וועט די ערד
זיך צעבליען ווי א רויז,
אין פלאַמיקער בלום —
פ ו ן  ל י ב ע.

עס איז דעריבער פארשטענדלעך, אז דער ארבעטער־קלאס, אז די גאנצע פּראָגרעסיווע געזעלשאפטלעכקייט פון לאַנד האָט אין בראָניעווסקין דערזען זייער דיכטערישן שליח־ציבור, זייער רעפּרעזענטאַנט, זייער נאָענטן, אינטימען פארבינדעטן אין שלאכט. און ווען אין יאָר 1926 זינגט דער דיכטער: „זאָל דער שטורעם אונדז רייסן און ברעכן, זאָל די ביינער ווי פערנער פארזייען — מיר וועלן הונדערטפאכיק אויפגיין אין פרילינג, צע־

בליטיקטע, דאַכלאָזע, אליין, ווי אַ דויז פון הארץ פון אָקשייען" קומט דאָ צום אויסדרוק די אומגעבראָכענע רעוואָלוציאָנערע אַנטשלאָסנקייט פון פּראָלעטאַריאַט צו פירן דעם קאמף ביז נצחון; איז צו זען דעם גרענעצלאָזן אָפּטימיזם פון ארבעטער־קלאַס, זיין גלויבן אין זיגרייכן, רעוואָלוציאָנערן מאָרגן: „עס וועט נאָך זיין ליכטיקער און שענער, ס'וועט זיין פרייד, און ס'וועט זיין געזאַנג" — אָט אזא איז דער טיפער גלויבן פון וולאדיסלאַוו בראָניעווסקי אין די שווערע טעג פון 1926 יאָר. און אלס באזינגער פון פּראָלעטאַריאַט און זיין שטרעבן צו אַ באַפרייט לעבן ווייסט בראָניעווסקי, אז נישט זיך שפּילן מיט געהיימע ווערטער דארף דער שרייבער, נישט אין לאַנד פון חלום דארף פירן דאָס דיכטערישע וואָרט, אז אזא צוגאַנג צו דער שרייבערישער שליחות איז ליגן, איז פארפירעריש! און ער פאָדערט פון ליד, „עס זאָל זיין ווי אַ פאָן אַ צעפלאַטערטע אין קאמף, ווי אין שטורעם — אַן אויפגעהויבענער פאַקל"

און ער רופט אויס:

ביז טויט דארף שלאָגן דעם דיכטערס ליד<br>
פארטויבן אין פינצטערניש דעם שלאַנגישן ליגן.<br>
עס איז ערגעץ פאראַן אַ לעבן, אַ שענערס פון ליד,<br>
און ס'איז פאראַן ליבע, און זי וועט זיגן.

און אין אַ צווייט אָרט:

איך באַזינג די פרייד פון מענטשנס מאַכט,<br>
וועלכער איז אי שעפער און אי באַפרייער,<br>
ווען שטאָלץ פאַר די מענטשן אין פינצטערער נאַכט<br>
זי צינדט אָן פּראָמעטעישן פייער.

(איבערזעצט — ש. ל.)

אין די שווערסטע יאָרן פון בערעזע און פּשיטיק, האָט בראָניעווסקי הויך געהאַלטן דעם פאַקל פון רעוואָלוציאָנערן, וועג־באַלויכטנדיקן וואָרט, וואָס האָט געוועקט און געמוטיקט, וואָס האָט באַגייסטערט און מיטגעריסן מיליאָנטער און טויזנטער אַרבעטס־מענטשן, זיי געגעבן דעם באַוווסטזיין פון זייער מאַכט, געפלאַנצט אין זיי אינטערנאַציאָנאַליסטישע געפילן, דעם ריינסטן הומאַניזם.

אין די צייטן פון צעיושעטן האס מצד די קאַפּיטאַליסטישע מושלים צו די קעמפנדיקע פאָלקס־מאַסן, אין דער צייט פון אַנטיסעמיטישער פּאָגראָם־העצע, פון ראַסן־דיסקרימינאַציעס, שרייבט בראָניעווסקי זיין נאָענטע צום יידישן רעוואָלוציאָנער פון פאַרייאָרנס — איציק גוטסיגר:

בראָניעווסקי איז שטענדיק מיט דעם גרעסטן הרד־ארץ און אויפריכטיקער ליבע אויפגענומען געוואָרן דורך דעם יידישן ארבעטס־מענטש, וועלכער זעט אין אים זיין לייבלעך־נאָענטן דיכטער.

* * *

בראָניעווסקיס שאפן איז הימל־ווייט פון ביליקן פלאקאט, פון דער „אגיטקע" אין ערגערן זין. ער איז א גרויסער מייסטער פון וואָרט, פון טרעפלעכן אדעקוואטן בילד, פון שיינער, קלאָרער מעטאפאָרע און פארגלייך, וואָס אנקערט אין לעבן. בראָניעווסקי האָט זיך געלערנט פון פושקינען, פון מיצקעוויטשן, פון מאיאקאָווסקין. שוין זיין פראָלעטארישע קלאסן־איינשטעלונג האָט אים באווירקט ער זאָל זיך ווענדן צו די רייכע קוואלן פון דער גרויסער רוסישער פאָעזיע, צו די בעסטע מוסטערן פון פוילישן קלאסישן ליד. פונדאנען שטאמט די קלאָרקייט, די דורכזיכטיקייט, די ציל־געוועגדקייט פון זיין שורה, די צוטריטלעכקייט און פארשטענדלעכקייט פון זיין ליריק. אין דער אויפגעקומענער סאָוועטישער ליריק האָט ער דערזען דעם לעבעדיקן מענטש אלס שטאָף פארן ליד, ביי זיי האָט ער געלערנט, און די אמתן, דער קרעדאָ זייערער האָט פולשטענדיק אנטשפּראָכן זיין הומאניסטישער וועלט־שפּירונג.

דורך וולאדיסלאוו בראָניעווסקיס שאפן דערקענען מיר גענוי די גרונט־שטריכן, די גרונט־שטימונגען פון דעם קעמפנדיקן ארבעטער־קלאס אין די פאר־ספּטעמבער־יאָרן, מיר פילן דעם געמיט פון אמתן פוילישן פּאטריאָט בעת דער היטלערישער אינוואזיע, די רעאקציע פון גרויסן הומאניסט אויף די אכזריותן פון היטלעריזם, די טיפע בענקשאפט פון דיכטער צו דער אייגענער היים, און דער טרוים וועגן איר באפרייונג, זיין באטייליקונג אלס זעלנער, וואָס שטעלט ארויף „דעם באגנעט אויף דער ביקס". דערביי ווערט אין פּרעכטיקע, דינע, לירישע לידער פיקסירט דער צעוויטיקטער, פיינפולער געמיט פון דעם דיכטער, וואָס אין די שענסטע ווינקעלעך אין דער פרעמד — זאָל עס זיין פּערסיע, צי פּאלעסטינע, צי ענגלאנד — איז ער געוועגדט מיט אלע זיינע געפילן צום פאָטערלאנד, טרוימט ער דעם גרויסן טרוים וועגן א פאָלקס־פוילן.

בראָניעווסקי געהערט צו די ערשטע אין שטארקסטע באזינגער פון דער יאָונגפולער גרויסער בויונג און איבערבויונג אין פוילן נאָך דער באפרייונג און דריקט אויס די הייסע געפילן פון ליבע און צוגעבונדנקייט פון פוילישן ארבעטנדיקן פאָלק צו דעם גרויסן לאנד פון שלום און סאָציאליזם — צום ראטנפארבאנד.

* * *

עס איז א באוווסטער פאקט, אז דער ווילן צו שעפן פון לעבן, די פעיקייט צו שעפן די מאטיוון און טעמעס פון לעבן און זיי ארויסברענגען אויף אזא אופן, זיי זאלן דורך דעם דיכטערישן „איך" סובלימירט ווערן אין סינטעטישע פאראלגעמיינערונגען, זאלן אויסדריקן די שטימונגען, געפילן, טרוימען און געראנגלען פון דער געגעבענער עפאכע — איז די פריווילעגיע פון יחידי־סגולה. דער פאקט, וואס בראניעווסקיס ליד איז געווארן דאס אייגנטום פון פאלק, וואס ס'איז נישטא קיין גרעסערע רעוואלוציאנערע פייערונג, קיין וויכטיקערע פאסירונג אין דער פארגאנגענהייט פון ארבעטער־קאמף; קיין וויכטיק ארט, קיין אנגעזעענער רעוואלוציאנער געשטאלט, עס זאל נישט קריגן זיין תיקון אין בראניעווסקיס ליריק, גיט צו א באזונדערן באדייט, א באזונדערע וואג בראניעווסקיס שאפן.

צי איז ווירקלעך דער גאנג פון ווּלאדיסלאוו בראניעווסקי אזא גראדער, אומבעלערהאפטער? צי האט ער ווירקלעך אינגאנצן נישט געצאלט קיין צינז זיין צייט, דעם פארמאליזם?

דער ענטפער אויף די פראגן ווארפט אבער א סך ווינציקער א פלעק אויף דעם פאעט, וואס איז דאך פון צייט צו צייט אונטער די בורזשואזע עסטעטישע איינפלוסן ארונטערגעפאלן, און ווייזט גיכער די פאלקס־פרעמדקייט פון די דעקאדענטישע ריכטונגען, ווייל די שאפונגען, ווו עס מערקט זיך ביי בראניעווסקין די באווירקטקייט, די אינדיווידואליסטיש־פארמאליסטישע, איז ווי נישט באמערקט געווארן דורך דעם פראלעטאריש, דורך דעם פראגרעסיוון קאנסומענט אין יענע יארן. געקענט האט מען אין די ארבעטער־היימען און אויף מאסאווקעס, אין תפיסות און בערעזע דעם ווּלאדיסלאוו בראניעווסקי, ווו דאס פערזענלעכע און געזעלשאפטלעך־פאליטישע, רעוואלוציאנערע האט זיך צונויפגעגאסן אין איין מעכטיקן רוף צום קאמף קעגן די טרעגער פון נאכט, פון אונטערדריקונג און אומרעכט, דעם באגייסטערטער פאר א פריי, זאט און מענטשלעך לעבן, געבויט אויף שלום און ליבע צווישן מענטש און מענטש.

אלזא, נישט די אומוועגן, אויף וועלכע דער דיכטער האט געשפאנט כאראקטעריזירן זיין גאנג, נאר דאס קאנען ארויסהייבן די מאטיוון, בילדער, פאקטן פון דער קאנקרעטער ווירקלעכקייט און זיי אנקליידן מיט עכטן פאעטישן בילד, וואס רייסט מיט און באגייסטערט, אט דאס איז דער בייטראג פון בראניעווסקין.

אזעלכע ווערס, ווי די „פאריזער קאמונע", „די עלעגיע אויף וואַרינ־סקיס טויט", „די באלאדע וועגן טעאטער־פלאַץ", אדער, ווי „טשעסט אי דינאמיט", צי „די לבנה פון פאוויע גאס", „באלאדי אי ראמאנסע", און דאס וויטיקפולע ליד „צו די פוילישע יידן", ווו עס קומט דער טרוים וועגן דער צייט, ווען ס'וועט אנטשטיין „איין ראסע, די העכסטע: איידעלע מענטשן", באווייזן ווי טרעפלעך און שטארק, ווי אמתדיק און שיין עס דערפילט זיין שרייבערישע שליחות דער מאלענטירטער זון פון פוילישן פאלק, ווי טיף ער אנקערט אין זיין צייט, אין זיין עפאכע.

בראניעווסקי איז נישט נאר דער דיכטער פון רעוואלוציאנערן טרוים פון פוילישן ארבעטס־מענטש, דער געטרייער פאנען־טרעגער פון דער ציל־געווענדטער, מוטיקער, אפטימיסטישער ליריק, ער איז אויך דער גרויסער פאטריאט — דער פראלעטארישער אינטערנאציאנאליסט, ווייל בלויז אזא פאטריאטיזם אנטשפרעכט די דערהויבנסטע אידעאלן פון סאציאליזם.

# לוציאַן רודניצקיס קינסטלערישע מעמואַרן

לוציאַן רודניצקיס זכרונות זיינען געשריבן מיט א געמיט, אויג און האַרץ פון א קינסטלער, וואָס האָט באַוויזן אָנקליידן די פאַקטן, געשטאַלטן, סיטואַציעס אין דער פּאַסיקער נאַראַטיווער פאָרם. זיי זיינען פּלאַסטיש, פּסיכאָלאָגיש פאַרטיפט און לאַפּידאַר אין אויסדרוק.

וואָס־זשע איז דער אינהאַלט פון די צוויי בענדער?

מיר האָבן פאַר זיך דעם פּראָצעס פון פאָרמירן זיך פון באַוווּסטזיין ביי א פוּיפּעריזירטן סאָלעיוווקער שליאַכטשיץ, וועלכער גייט אַדורך די האַרבע שול פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלאָאַטאַציע, „באַפרייט זיך פון די איבערוועלטישע אמתן, בכדי צו זוכן דעם אמת אויף דער וועלט״ (ק. מאַרקס), בלאָנדזשעט אויף די אומוועגן פון פּסישן עקלעקטיזם, רעפאָר־מיזם, און שאָוויניזם, ביז ער גייט אַרויס אויף דעםברייטן שליאַך פון דער מאַרקסיסטיש־לענינישער טעאָריע און פּראַקטיק — אַלזאָ, א לעבן פון גרויסע אינערלעכע געראַנגלען, פון זוכונגען, פון בלאָנדזשענישן.

דער ווערט פון לוציאַן רודניצקיס בוך שטייגט צוליב דעם, וואָס אויף אַלע לעבנס־פאַקטן קוקט א מענטש נישט מיט גאַל און פאַרביטערונג, פונקט ווי אָן סענטימענטאַלער ראָמאַנטיק, נאָר אַן אַנאַליטיקער, א קעמ־פער.

לוציאַן רודניצקיס לעבנס־עפּיזאָדן, וואָס זיינען פילטרירט געוואָרן דורך א וואַכן באַוווּסטזיין און קינסטלעריש געמיט אָטעמען מיט פרישקייט, יונגקייט פון א קלאַס, וואָס איז פול מיט מוט, מיט זיכערקייט און אַנטשלאָסנקייט די וועלט צו נעמען אין די אייגענע פעסטע דלאָניעס און זי איבערפורעמען, איבערבויען.

דאָס וויכטיקסטע אין רודניצקיס ווערק פון ליטעראַרישן און אידעאָ־לאָגישן שטאַנדפונקט איז דאָס, וואָס ער קוקט אויף דעם אַלטן, אויף דעם נעכטן מיט נייע אויגן... ביז לוציאַן רודניצקין איז כמעט נישט אָנצו־טרעפן אין דער פוילישער ליטעראַטור א ווערק, וואָס זאָל פון קלאַסן־שטאַנדפונקט באַנעמען די ראָל פון רעליגיע, אַרויסברענגען די פאַלשע

אידעאָלאָגיע און שעדלעכע פּראַקטיק פון דער פּפּס, געזען פון אינעווייניק פון א מענטש, וואָס האָט אליין אלץ מיטגעמאכט.

ביז רודניצקין זיינען מיר געוווינט געווען צו טרעפן אין דער פּוילישער פּראָזע דעם רעליגיעזן קולט, אָדער רעליגיעזן שטייגער ווי א באשטאַנדטייל פון לעבנס־שטייגער, צי גאָר באלויכטן מיט דער גלאָריע פון „וועכטער פון פּוילישקייט" בעת דער צעטיילונג (סט. ריימאָנט), אָדער, אין בעסטן פאל, אָנטרעפן סאטירישע אָנדייטן אויף דעם צי יענעם פּאַר־שטייער פון קאטאָליציזם; ביי רודניצקין ווערט ארויסגעבראכט דער קלאסן־אינהאלט און די סאָציאַל־רעאקציאָנערע פונקציעס פון קאטאָלי־ציזם. די מייסטערהאפטע שילדערונג פון אבערגלויבערישן סגלעיווו, דאָס אַרויסברענגען די באוויידקראפט פון קלויסטער אויף דער פּאַרפינצטערטער ארבעטער־מאסע, די פארבינדונג פון קלויסטער מיט דער צארישער אָב־ראַנקע, איז איבערצייגעוודיק און קרעפטיק. רודניצקין איז פולשטענדיק געלונגען פאַרשטעלן די קירך ווי א סאָציאַל־פּאָליטישן פאקטאָר, וואָס צילט באוווסטזיניק אָפּצודרייסן דעם פאָלקס־מענטש, דעם ארבעטער פון דער ווירקלעכקייט, אָפּיומירן זיין באוווסטזיין, אָפּטעמפּן דעם ווילן און דעם גלויבן אין די אייגענע כוחות, אים מאכן אומפּעיק אויפצונעמען מיט אָן אָפן אויג און האַרץ די דערשיינונגען פון לעבן, די פּרוכט פון דער וויסנשאפט.

און אויב פון ערשטן בוך ווערט קלאָר, ווי שווער עס איז געווען דעם יונגן ארבעטער זיך באפרייען פון די דריקנדיקע אָרעמס פון קלויס־טער, וואָס האָט צוזאמען מיטן „אָכראַניק" געזאָרגט וועגן איינס: דער ארבעטער זאָל, הס־וחלילה, צו די קוואלן פון אומגעפעלשטן וויסן, צו דער „קראמאָלע" נישט גרייכן; ווערט אין דער צווייטער טייל אָנגעוויזן אויף דעם מישמאש אין די קעפּ פון די ארבעטער, אויף דעם סם פון נאציאָ־נאליזם, סעפּאַראַטיזם און אנטיסעמיטיזם, וואָס ס'האָט געפלאַנצט די פּפּס־אָנפירונג, ווי אזוי זי האָט אומדירעקט און דירעקט געדינט די אינ־טערעסן פון דער בורזשואזיע. און דאָס ווערטיקע דערביי ביי רודניצקין איז דאָס, וואָס דער ארבעטער־עלעמענט, וואָס האָט זיך געפונען אין די פּפּסישע רייען האָט מיט זיין געזונטן קלאסן־אינסטינקט געהאנדלט אָפּט אנדערש, רעוואָלוציאָנער. אלזאָ, עס באקומט זיך פּלאסטיש די טעזע וועגן די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער־מאסן און די רעאקציאָנערע פּפּסיש־בונדישע פירער־פּאַרפירער...

אָט דער אמת באקומט זיך גאָר בולט אין צווייטן בוך, ווו די שייד־

ליניע צווישן די פּפּס־אינטעליגענטן און די פּפּס־ארבעטער נעמט אָפּט אָן חעם כאַראַקטער פון צוויי באַזונדערע וועלט־אַנשויונגען.

אין רודניצקיס „סטאַרע אי נאָווע" איז אַרויסגעבראַכט מיט א באַזונדערער קראַפט דאָס גאַרן פון ארבעטער צו וויסן. די דאָזיקע דערשיינונג איז אַרויסגעקומען אַלס טיפּישע פאַר דעם ארבעטס־מענטש. און ווי ווייט דאָס איז ריכטיק, — באַשטעטיקט דער גרויסער קולטור־שוואונג ביי אונדז אין לאַנד, און אין די אַנדערע לענדער, וואו דער ארבעטער האָט געקריגן די פולע מעגלעכקייט זיך צו בילדן און באַרייכערן זיין וויסן וועגן וועלט און מענטש.

ס'לוינט זיך באַזונדער אָפּצושטעלן אויף יענע ערטער אינעם ווערק, וואו רודניצקי רעדט וועגן יידן. די פּוילישע ליטעראַטור האָט א ביז גאָר רייכע טראַדיציע אין שילדערן יידן, יידישע מיליע. א טראַדיציע, וואָס ציט זיך פון יוליאַן אורסין ניעמצעוויטש, ביז אָזשעשקאָ און אַנדזשעיעווסקי. און דאָך שיידט זיך אונטער רודניצקיס צוגאַנג. וואָס אונדז אימפּאָנירט, איז דאָס פעלן פון דער „נעבעך"־באַציונג, דאָס פּשוטע טראַקטירן דעם ייד אַלס מיטבירגער, וואָס לעבט אין משך פון יאָרהונדערטער אויף דער פּוילישער ערד און דאַרף טראַקטירט ווערן אויף א נאַטירלעכן אופן ווי א באַשטאַנדטייל פון לאַנד. דערביי ווייזט רודניצקי אַרויס אויסגעצייכנטע קענטעניש פון קליינשטעטלדיקן, פאַרפרומטן ייד, די קלאַסן־צעטיילונג אין דער יידישער געזעלשאַפט.

ווען ער ווייזט די פינצטערע אַבערגלויבנס פון דעם פּוילישן סאָלדאַט, ווי אַזוי ער האָט רעאַגירט אויף דער כאָליערע־עפּידעמיע, פאַרגעסט נישט רודניצקי צו דערציילן, ווי עס האָבן זיך באַהאַלטן די יידן, וועלכע די כאָליערע האָט פאַרשטייט זיך, אויך געטראָפן מיט איר מערדערישן שאַרף.

— אָבער קיין לווית פון יידן — דערציילט רודניצקי — זיינען נישט געווען צו מערקן. די יידן זיינען אַנטלאָפן אין נאָענטן שטעטלשן וואַלד, דאָרט פאַרלייגט א בית־עולם און קיינעם נישט דערציילט וועגן דער צאָל געשטאָרבענע פון דער כאָליערע.

„געשטאָרבן — איז געשטאָרבן", אבי מען זאָל נישט זאָגן, אַז פון כאָליערע. דאָס וואָרט איז געווען פאַרבאָטן אַרויסצורעדן בעת דער מגפה.

— צו וואָס רעדן?... — האָט זיך אויף מיר צעבייזערט דער אַלטער שוסטער דוד מאַרקעוויטש, אויסשפּייענדיק".

און לוציאַן רודניצקי גיט צו:

„עס דערמאָנט זיך מיר דאָס בילד אין דעם ערשטן מלחמה־יאָר, ווען איך האָב דורכגעזען, בערקען, דערציילט וועגן היטלערן און זיינע פאַרברעכנס.

— צו וואָס רעדן וועגן דעם? אַ פּאַהיבעל אויף אים! — האָט ער געזאָגט מיט דעם זעלביקן אויסדרוק פון עקל.

בערעק מיט זיין גרויסער אַרבעטזאַמער משפחה איז אומגעקומען דערפאַר, ווייל ער האָט ליב געהאַט זיין רעליגיע און סולעיווו. בערקען האָבן אַמאָל איינגעלאַדן קיין פראַנקרייך זיינע רייכע קרובים, ער איז אַהינגעקומען, באַטראַכט, געאַרבעט צוויי חדשים און זיך אומגעקערט צוריק.

—פאַרוואָס? — פרעג איך.

— דאָ קאָן איך דאַווענען און אַרבעטן, דאָרט האָב איך גישט געקאָנט.

איך האָב געקענט אַ צווייטן בערעק אין סולעיווו. דער האָט דערוואָרבן אַ באַדייטנדיק פאַרמעגן ביי דער האַלץ־בראַנזשע. אין די ערשטע טעג פון די מלחמה־אָפּעראַציעס איז אים געלונגען צו אַנטלויפן קיין לוואָוו אונטער דער סאָוויעטן־מאַכט. נאָך אַ האַלב יאָר האָט ער זיך אומגעקערט צוריק.

— פאַרוואָס?

— דאָרט דאַרף מען שווער אַרבעטן.

אויך ער איז אומגעקומען — דערציילט רודניצקי. — איך דערמאָן אים מיט בלייבגילט. דעם טויט פון בערעק מאַרקעוויטש פיל איך אָפּ, ווי דעם טויט פון אַ לייבלעכן ברודער.

אָט דער פראַגמענט, וואָס דעקט אויף די יידישע מורא אַ קוק צו טאָן דער געפאַר אין די אויגן, זי אָנרופן ביים נאָמען, ווי אויך די צוויי באַזונדערע וועלטן און געפילן ביי די סולעיוווער בערקעס, וואָס קערן זיך אום צוריק אין דער היים־שטאָט באַוויזן, ווי לאַקאָניש קורץ רודניצקי גיט איבער כאַראַקטעריסטישע פאַקטן און איינצייטיק, ווי דורכדרינגלעך עס איז דער באַנעם־אופן פון מחבר.

ווי ס'איז צו זען פון ציטירטן, איז דאָ די טראַקטירונג פון יידן, גראָד, סענטימענטלאָז, זאַכלעך און דאָס אימפּאָנירט, און דאָס איז ניי, ווייל פריי פון באַדויערונג־קרעכץ, פונעם נעבעך.

אין צווייטן באַנד, וווּ עס רעדט זיך שוין וועגן דעם אויפקום פון פּאָליטישע באַוועגונגען, שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס פון פּראָלעטאַריאַט, דער פּאַרטייאישער קאַמף, ברענגט רודניצקי אַרויס יידן־געשטאַלטן.

און דאָ איז כדאַי צו ווייזן, ווי אַזוי רודניצקי שילדערט אַ יידישן רעוואָ־לוציאָנער.

„סוף אָקטאָבער האָט צוגעשטראָמט אַ נייע כוואַליע אַרעסטאַנטן פון אַלע ווינקעלעך פון פּיעטראָקאָווער אינדוסטריע־ראַיאָן, אַפילו אין בעלכאַטאָוו האָט זיך געפונען אַ רעוואָלוציאָנער מיטן נאָמען משה גאָלדפיש, אַ שוסטער־געזעל. מען האָט אים אַריינגעזעצט מיט גרויס פּאַראַד אין דער שבינותדיקער קאַמער. אָבער די וועכטער פון דער אָפּטיילונג זיינען נישט איינשטימיק געווען מיט דער מיינונג פון דער נאַטשאַלסטוואָ און זיינען באַדיי גרייט געווען צו ברעכן די דיסציפּלין, איידער אָנערקענען משה איציקס פאַר אַ פּאָליטישן אַרעס־טאַנט.

— וואָס פאַר אַ פּאָליטישנער! — האָט דערווידערט קוקולקאָ.

— אַן איינפאַך יידליקל, אַ שניידער־געזעלן ביי איציקן פון בעלכאַטאָוו, דאָ קען אים פּאַווליאַק אַלס אַ געזעלן.

עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום אויפקלערונגען. נאָך אַלע מיינע ראַיות איז קוקולקאָ ווי מסכים געווען, האָט אָבער זיינס גע־טראַכט:

— ווי אַנדערש, אַ פּאָליטישנער, מיט ציצעלעס!

משה האָט ווירקלעך געטראָגן אַ קאַפּאָטע, פון זיין געזיכט האָט אָבער געשטראַלט מיט אַזאַ שטאָלץ, אַזוי פיל ווירדע איז גע־ווען אין זיינע באַוועגונגען, אַז די אָרעמע טוכענע קאַפּאָטע איז אויף אים געלעגן ווי אַ רוימישע טאָגע. איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערזען דורך דעם איינגל אין טיר און קענען דעם רעגולאַמין אויס־געשריגן:

— איך באַגריס אייך, חבר!

דער ענטפער איז געווען:

— גאָלדפיש, אַ פּאָליטישער פון בעלכאַטאָוו.

משהן האָט מען פון וויגל אָן דערציילט, אַז ער איז אַ זון פון אַ גרויס פאָלק, אָבער דאָס אָרעמע, דערדריקנדיקע לעבן פון דער נאָענטער סביבה האָט אים אָנגעפילט מיט ספק. איצט האָט אים דאָס האַרץ געקוואָלן פון שטאָלץ. גרויס איז ער נישט, אָבער צי האָט באַטש עמעץ פון די מושלים די מינדסטע אַנונג וועגן דער צוקונפט, מיט וועלכער ער לעבט שוין איצט? האָט ער טאַקע געקוקט אויף דער טורמע־מאַכט ווי אָן אָפּיציר פון אַ גרויסער זיגערישער אַרמיי

אויף די נאָכאַנאַנד געשלאָגענע שונאים, ווען מע פאַלט צו זיי צו־פעליס אריין אין געפאַנגענשאַפט".

בכלל פאַרנעמען אין צווייטן טייל, בײַנאַנד מיט שילדערן די שטײַגערונג פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, אַ גאַנץ באַדײַטנדיק אָרט טורמע־איבערלעבונגען. און זײַנע רעלאַציעס וועגן די דיסקוסיעס מיט רוסישע חברים אין די רוסישע טורמעס, אויף פאַרשיקונג, וועגן די סאָלידאַריטעט־געפילן צווישן די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן זײַנען געשריבן מיט דיכטערישער וואַרעמקייט, מיט ליבשאַפט צו אַלע קעמפער אומאָפּהענגיק פון נאַציאָנאַליטעט.

רודניצקי האָט אין די ערשטע צוויי בענדער „סטאַרע אי נאָווע" ממש מיט וויסנשאַפטלעכער פּינקטלעכקייט פיקסירט דעם גדאַנקען־גאַנג, די אַנטוויקלונגס־ליניע פון דעם דעקלאַסירטן פּויער, וואָס איז אַוועק אין שטאָט, זיך פּראָלעטאַריזירט. אָנגעהויבן צוגיין צום לעבן פון קלאַסן־שטאַנדפּונקט. אַ דאַנק דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט, אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין פּאָליטישן לעבן. וויפל געפאַרן פון אידעאַלאָגישע אויסקרימונגען עס האָבן אויף אים געלויערט פון ענדעקיש־קאַטוילישן רעכטס ביז פּפּסישן „לינקס". ווי גרויס עס איז געווען דער אונטערשיד אין טראַכטן און האַנדלען פון די אַרבעטער־מאַסן, און די אינטעליגענטן און קלײנבירגערלעכע פירער פון פּפּס, ווי אַזוי ער איז דאָך דערגאַנגען, נאָך לאַנגע ראַנגלענישן, אַז די איינציקע קאָנסעקווענט־רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטיי איז די רוסישע ס. ד., די באָלשעוויקעס, די איינציקע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי פונעם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע האָט זיך דערנענטערט צום באָלשעוויזם, איז די סדקפּל.

* * *

עס זײַנען פאַראַן ביכער, וואָס פאַרמאָגן אַזאַ ברייטע דערקענטעניש־גאַמע, אַזוי פיל פּראָבלעמען, אַזאַ טיפע אָנלאָדונג מיט לעבנס־ און קאַמפּס־אינהאַלט, אַז ס'איז ממש שווער גענוי צו דעפינירן, וואָס איז אין דעם באַטרעפנדיקן בוך דאָס סאַמע עיקרדיקע, וויכטיקסטע, אינטערעסאַנטסטע. דאָס זײַנען ביכער, וואָס מען דאַרף זיי נעמען אַלס גאַנצע.

לייענענדיק רודניצקיס זכרונות, גלויבן מיר אים, דעם, וועלכער האָט געפלענט, געטראָגן אין די מאַסן זײַן גליאיק וואָרט וועגן סאָציאַלער און פּאָליטישער באַפרייונג נישט בלויז פון דער צאַרישער אונטערדריקונג, נאָר

אויך פון דער אייגענער קאפיטאליסטישער אונטערדריקונג. און הגם דער צווייטער באנד ענדיקט זיך מיט דעם אנקום פון 1905 יאר איז שוין קלאר צו זען, אז די ווייטערדיקע יארן וועלן שוין דערציילן וועגן רודניצקיס ארבעט אין די רייען פון די, וועלכע האבן דעם דורותדיקן טרוים פון ארבעט־מענטש פארוואנדלט אין לעבעדיקער וואר, — אין די רייען פון די קאנסעקווענטע מארקסיסטן־לענינייסטן.

רודניצקיס צוויי בענדער „סטארע אי נאווע" זיינען א וויכטיקער צושטייער, א וויכטיקער דערקענטעניש־מקור צו דער געשיכטע פון פראגרעסיוון נעדאנק, וועגן אויפשטייג פון פאליטישן לעבן במשך פון די לעצטע יארצענדליקער פון 19־טן יארהונדערט ביז צו דער ערשטער רעוואלוציע אין רוסלאנד. — דעם אנזאג פון קינפטיקן זיגערישן אקטאבער.

# אינהאלט:

# באַמערקטע פעלערן

| זייט | שורה | | אָפּגעדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|---|
| 5 | 15 | (פֿון אויבן) | פֿאָלקס-קולטור | „פֿאָלקס-קולטור“ |
| 6 | 5 | (פֿון אונטן) | באַליבטן | באַליבטן. |
| 10 | 10 | (פֿון אונטן) | סאָציאַל-בויענדיקע | סאָציאַליזם-בויענדיקע |
| 57 | 14 | „ „ | זייגען | זיינע |
| 113 | 11 | (פֿון אויבן) | אויסקאָנציפּירטער | אויסקאָנצעפּירטער |
| 132 | 17 | „ „ | העריבער | דעריבער |
| 170 | 9 | (פֿון אונטן) | אָבע רדי | אָבער די |
| 176 | 9 | „ „ | איינציק | איינציייטיק |
| 188 | 14 | (פֿון אויבן) | נישט איימאָל | נישט איינמאָל |
| 213 | 6 | „ „ | rzeki duże | rzeki boże |
| 216 | 16 | (פֿון אונטן) | פֿון אידעאַלן. | פֿון אירעאַלן. |
| 220 | 3 | (פֿון אויבן) | נאָך באַוווּנדערונגסווערט | נאָך מער באַוווּנדערונגסווערט. |
| 220 | 4 | „ „ | דעם דראַנג | דער דראַנג |
| 221 | 3 | „ „ | שאָטאָבריאַנדישע | שאַטאָבריאַנדישע |
| 230 | 2 | (פֿון אונטן) | פֿולקאָמנקייט | פֿולקאָמענקייט |
| 241 | 7 | (פֿון אויבן) | ווי גרויס | ווו גרויס |
| 242 | 15 | (פֿון אונטן) | און דערמיט באַזונגען | אָדער מיט באַזינגען |
| 248 | 7 | (פֿון אויבן) | סולעיוווקער | סולעיווער |
| 248 | 1 | (פֿון אונטן) | פֿונע | פֿון |

